# זכרונות

פון

## יוסף ראָלניק



אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד

# ZICHROINES

(MEMOIRS)

BY

JOSEPH ROLNICK



Published with aid of
DAVID IGNATOFF LITERATURE FUND

---


341
*Printed in U.S.A. by*
WALDON PRESS, 203 Wooster St.
New York, N. Y.

# מיט דער גראַבליע אין האַנט

דער וואָגן איז געלאָדן ; דאָס פערד איינגעפּשאַנט ;
דער גוי האַלט די לייצעס פאַרדרייט אַרום האַנט.
אַ טשמאָק מיט די ליפּן — די פור רירט זיך פון אָרט.
איבער דער לאָנקעס פיל־בלעזלדיקער ערד
שפּרייזט ווי אַ שיכורער דאָס פערד,
אַ טראָט אַהין, אַ טראָט אַהער.
און ווי די חיה וואָס איז פון וואַסער אַרויס
טרייסלט זיך די לאָדונג ; עס פאַלט אַראָפּ
אַ בלימל דאָ, אַ זנגל דאָרט.
נאָר דער גוי האָט ניט קיין אויג פאַר יעדן הייעלעס פאַל,
און פירט פערד און וואָגן גלייך אין שטאַל.
אזוי וואָגן נאָך וואָגן ביז פאַרנאַכט.
נאָר ווען ער האָט דעם לעצטן אַריינגעבראַכט
נעמט ער ווידער די גראַבליע אויפן קאַרק
און מיט פאַמעלעכע טריט און זוכנדיק אויג
גייט ער איבער וואו דער וואָגן האָט געטאָן זיך אַ בויג ;
און וואו נאָר אַ הייעלע שאַרט ער צונויף
און לייגט עס מיט ליבשאַפט אויף דער גראַבליע אַרויף
ווי דאָס, וואָס ער האָט אין איילעניש פאַרזען,
וואָלט איצטער זיין גרעסטער פאַרמעגן געווען.

# דער ישוב

ער איז געווען אַ קליינער, אַפּגעלעגטער ישוב. אין גאַנצן אַן אַכט־ניין יידישע משפּחות. אָבער עס האָט זיך דאָרט געפירט ווי אין אַ גרויס לאַנד. און דער ישוב אַליין האָט אויך געמיינט, אַז ער איז אַ גאַנצע מדינה.

עס זיינען דאָרט געווען „שטאַנדן" אָדער „קלאַסן" — העכערע און נידעריקערע. די העכערע האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, ווי די אַריסטאָ־קראַטישע משפּחות אין איטאַליע אָדער אין שפּאַניע. געווען אויף מעסערס. נאָר ביי אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, ווען אַ דרויסנדיקער שונא איז באַפאַלן דעם ישוב, ווי אַ טויט־פאַל אין איינער פון די משפּחות, אָדער אַ שרפה, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מען איז איין געזינד, איין ישוב, און מען האָט אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אַלע קריוודעס, וואָס מען האָט געהאַט איינער צום אַנדערן.

די טאַטעס האָבן זיך געקריגט און די קינדער האָבן געפירט ליבעס צווישן זיך. אמת, דער סעניאָר איז ניט געשטאַנען מיט אַ גיטאַרע אונטער דער סינאָריטאַס פענצטער און איר ניט געזונגען קיין סערענאַדעס. דערפאַר איז מען געזעסן ביז טאָג אויף די שוועלן פון די שטיבער, אָדער מען איז געלעגן שבת בייטאָג אויפן שמעקנדיקן היי אין שאַיער, און די סינאָריטאַס זיינען אַרויסגעקומען פון טויער צערויטלטע מיט צעשויבערטע האָר און אַמאָל מיט אַן אָפּגעריסן קנעפּל אין האַנט.

איך האָב געזאָגט — העכערע און נידעריקערע „שטאַנדן". די העכערע זיינען געווען: „יודע־אָרע" מיט אַ גרויס געזינד פון זין, טעכטער און וואויל־געלערנטע אייניקלעך. ער האָט געהאַלטן דעם פּאַכט ביים פּריץ; מיין טאַטע, מיט אַן אויסגעגעבענעם זון און אַן איידעם, וואָס האָט זיך געשניטן אויף אַ נגיד; און דער שענקער, חיים גדליה, וואָס איז טאַקע געווען אַ רייכער ייד און געגעבן געלט אויף פּראָצענט.

די אַלע האָבן זיך גערעכנט צום העכערן שטאַנד. און עס איז געווען לייזער דער שמיד; אַבע דער קרעמער, ביי וועמען די גוים האָבן געקויפט זאַלץ און גאַזע; יודע, אונדזער מילנער; און בענטשע, וואָס האָט געהאַלטן אַ שענקל אין צווייטן עק דאָרף. די האָבן זיך גערעכנט צום נידעריקן שטאַנד. כאָטש לייזער דער שמיד, איז ניט געווען קיין גרעסערער עם הארץ, ווי זיין שכן דער שענקער און בענטשע פון עק דאָרף, איז געווען גאָר אַן איידעלער ייד, ער איז געווען דער בעל קריאה אין מנין. און מיין טאַטנס ייִנגערער ברודער, אבע, איז געווען אַזאַ בעל הבתישער מענטש ווי מיין טאַטע. פונדעסט־וועגן האָבן זיך די צוויי מינים משפחות גערעכנט ווי צוויי באַזונדערע קלאַסן.

אַז מען האָט געזאָגט זשוכאָוויץ, האָט מען געמיינט עטלעכע אויסדערוויילטע משפּחות. אַז ווער האָט אימיצן באַרעדט? האָט ווער מיט אימיצן זיך געקריגט? געפירט אַ ברוגז? — איז דאָס געווען צווישן די פיר־פינף משפּחות פון העכערן שטאַנד.

נאָר איינמאָל אין דער „געשיכטע״ פון ישוב האָט געטראָפן, אַז ביידע שטאַנדן — דער העכערער און דער נידעריקערער — האָבן זיך מתחתן געווען. דאָס איז געווען ווען דער הויכער יאָשע, דעם מילנערס זון איז געקומען פון אַמעריקע אין אַ גומענעם אויבערמאַנטל, מיט אַ גאָלדענעם זייגער און קייט, און האָט גערעדט מיט אַ פרעמדן טאָן, האַלב זינגעוודיק, און מ׳האָט פאַרגעסן אויף אַ ווייל, אַז מיט דריי יאָר צוריק האָט ער געטראָגן די מעסטל אויפן קאָפּ ביי אונדז אין מיל.

ער איז געקומען פּריוויט נאָך האַלבן טאָג. נאָך וועטשערע האָט ער זיך באַגעגנט מיט וויכנען אויף דער לאַנגער בריק. שבת צו נאַכט האָט מען גע־שריבן תּנאים, סוף חודש איז געווען די חתונה און אויף מאָרגן נאָך דער חתונה זיינען זיי שוין געזעסן אויף דער פור, וואָס האָט זיי געפירט צו דער באַן. מען האָט זיי באַגלייט ביזן עק גרעבליע, פאַרגאָסן אַ טרער און באַלד פאַרגעסן אָן דער גאַנצער מעשה, ווי מען פאַרגעסט אָן אַ ניט־פריילעכן חלום.

יאָשע האָט פאַרנומען וויכנע דעם שענקערס צו זיך קיין אַמעריקע.

און וואָס עס איז באַשטאַנען דער חילוק צווישן די צווייערליי משפּחות איז מיר שווער צו זאָגן. אפשר אין דעם, וואָס די, פון העכערן שטאַנד, האָבן פּאַרוואוינט גרעסערע הייזער, געגאַנגען שענער אָנגעטאָן און געגעבן אַ גרעסערן צושטייער פאַר די ימים נוראימדיקע בעלי־תּפילה, פאַר דעם דאָרף מלמד און פאַר אַנדערע צרכי ציבור; און אפשר אין דעם, וואָס די ייִנגלעך פון דעם העכערן שטאַנד האָבן געלערנט אין ישיבה אָדער געגאַנגען אין „קלאַס״, און שפּעטער זיינען זיי אַריין מיט זייערע טאַטעס אין געשעפט, אָדער געבליבן ליידיקגייער און גאַרניט געטאָן ביז צו דער חתונה. און די ייִנגלעך פון דעם נידעריקערן שטאַנד זיינען געוואָרן בעלי־מלאכות באַלד ווי זיי זיינען אַרויס פון חדר, און די מיידלעך זיינען אַוועק אין שטאָט ווערן זאָקן־שטרי־קערינס און דינסטמיידלעך. זיי פלעגן קומען אַהיים צו זייערע עלטערן נאָר אויף אַ יום־טוב און זיינען כמעט געווען פרעמדע אין דאָרף.

נאָר איין טאָג אין יאָר, שמחת־תּורה איז מען ווידער געוואָרן איין געזינד. מען איז געגאַנגען צוזאַמען מיט הקפות, די גרויסע מיט דער ספר־תּורה אין די הענט, און די קינדער, אַלע קינדער, מיט פאָנען, און אַלע אינאיינעם האָבן זיי געזונגען תּשועת יעקב. אויף מאָרגן איז מען געגאַנגען איינע צו די אַנדערע צו גאַסט. און אַזוי ווי פון מיל ביז דער קרעטשמע איז געווען אַ גאַנצער ווייאָרסט (דער ישוב מיט די צוויי גרופּעס הייזער, האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער שטעקן מיט צוויי געוויכטן אויף ביידע עקן), איז מען געגאַנגען מיטן לאַנגן וועג זינגענדיק און טאַנצנדיק, די מאַנטלען צעשפּיליעט, די קאַלאָשעס פאַרשמירט מיט שיטערער בלאָטע, די הענט אין די באָקעס אָדער

אויף אַ צווייטנס אַקסל. מען איז געגאַנגען פון איין שטוב צו דער צווייטער, ניט אויסגעמיטן קיינעם. און גראָד דער נידעריקערער שטאַנד האָט דערלאַנגט דעם בעסערן כיבוד.

איך געדענק אַ נאַכט פון מוצאי שמחת־תורה. דער טאַטע האָט מיך נאָך געפירט פאַר דער האַנט, אַזוי קליין בין איך געווען. מיר זיינען שוין געגאַנגען פון יודע־אָרעס שטוב און געקומען אין דעם קליינעם שטיבל פון דעם פעטער אַבע: אַ לאַנגער טיש, אויפן טיש אַלערליי מאכלים און פירעשקעס און טייגלעך געפּרעגלט אין האָניק, איינגעמאַכטס פון ריבן און רעטעך, באַווירצט מיט נעגעלעך. די פאַרביקייט פון אָט די אַלע זאַכן האָט געבלענדט די אויגן און דער וויין האָט פאַרנעפּעלט דעם קאָפּ. דאָס, וואָס איך האָב געזען פאַר די אויגן, איז געווען אי וואָר, אי חלום.

ביי חיים־גדליהן דעם שענקער, האָט מען געגעבן בראָנפן, ביר און געפילטע קישקע, מיט געזאַלצענע אוגערקעס. ער האָט געהאַט אַ ווערטל, וואָס ער האָט אַלע ווילע איבערגעחזרט, כדי צו דערמונטערן די געסט: „וועט איר עסן, זאָלט איר לעבן הונדערט יאָר, וועט איר ניט עסן — זאָלט איר לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר“. און די געסט האָבן אים מוחל געווען די צוואַנציק יאָר און אויף צו להכעיס געגעסן וואָס מער.

* * *

# די שטוב

די שטוב, וואו איך בין געבוירן געוואָרן, איז געווען אַ ברייטער, גרויער בנין, פון ניט געטעסעטע, רויע פעלד־שטיינער. במשך פון די יאָרן איז דער טינק ערטערווייז אָפּגעפאַלן, האָבן איינצלנע שטיינער שאַרף אַרויסגעסטאַר־טשעט.

די שטוב האָט געהאַט טאָפּלטע ווענט. אַ חוץ די דרויסנדיקע, די שטיי־נערנע, האָט זי געהאַט אויך אינעווייניקסטע, געמאַכט פון דיקע ברעטער, דילעס, ווי דער אָרון, להבדיל, אַ קאַסטן אין אַ קאַסטן, מיט אַ ליידיקן חלל צווישן דיביידע. דער שטח צווישן די צוויי אָפּגעטינקעוועטע אושאַקעס, די זייטיקע ווענטלעך פון די פענצטער, איז ביים אָנהייב געווען זייער גרויס, אַזוי, אַז אויף די ברייטע 50־60 צאָליגע פירקאַנטיקע, טונקל־רויטע ציגל, האָט אַ קינד פון 10־12 יאָר זיך געקענט איינמאַסטשען און שלאָפן. אָבער וואָס ווייטער אין דער טיף, איז ער געוואָרן אַלץ שמעלער און די הילצערנע ראַמען זיינען שוין געווען גאָר קליינע, מיט זעקס שייבלעך איינגעראַמט אין זיי.

אַזוי ווי די מילשטיינער האָבן כסדר געדרודערט, האָבן די ווענט זיך גע־

טרייסלט, און פון די שפּאַלטן צווישן די ברעטער, האָט זיך געשאָטן אַ דינער זשוויר אויף די לאַנגע בענק ביי די ווענט. און אַלערליי גרילן און אַנדערע שרצים, זיינען אַרומגעלאָפן אין דער פּוסטער ליידיקייט צווישן די הילצערנע און די שטיינערנע ווענט. עס איז קיינמאָל ניט שטיל געווען אין אונדזער שטוב. ווען די מיל איז געגאַנגען האָט זיך רק געהערט דאָס ציטערן פון די ווענט און דער קלימפּער פון די קייטן, פון דעם הענגנדיקן לאָמפּ. ווען די מיל איז געשטאַנען, האָט דער קאָנצערט צווישן די ווענט אַנגעוואָרפן אַן אימה אויף אַ יונגן יינגל. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, ווען די זון האָט זיך געזעצט אין מערב, האָט זיך אויסגעצויגן אַ זייל גאָלדענער שטויב פון פענצטער ביז צו דער טיר, עס האָט זיך געדוכט, אַז מען קען אים ניט דורכגיין, סיידן איבער־שניידן מיט אַ מעסער.

די גאַנצע געביידע איז געווען איבערגעטיילט אויף צוויי העלפטן. איין טייל האָט פאַרנומען די מיל, וואו עס האָבן זיך געפונען דריי פּאָר רעדער, און איבער זיי אויף אַן אָפּענעם בוידעם, וואָס מען האָט גערופן „ווישקעס", דריי פּאָר מילשטיינער. דער דיל אין מיל איז געווען אויסגעלייגט פון זייער ברייטע, קיילעכדיקע און פלאַכע, אויסגענוצטע מילשטיינער, און צווישן זיי — קלענערע פעלד־שטיינער.

אויפן דיל זיינען כמעט שטענדיק געלעגן אָדער געשטאַנען זעק מיט ניט געמאָלענער תבואה, אין דער ווייט ביי דער הינטערשטער וואַנט, איז געשטאַנען אַ לאַנגער, גרויסער קאַסטן פון דיקע הילצערנע ברעטער; אײ־בערגעטיילט אינעווייניק אויף פיר גרעסערע און קלענערע חדרימלעך, וואוהין מען האָט אַריינגעשאָטן, דורך פיר באַזונדערע לעכער אין דער אויבערשטער דעק, דעם מעשר, וואָס די גויים האָבן אָפּגעגעבן פאַרן מאָלן. די גרעסטע קאַמערל איז געווען פאַר קאָרן, די צווייטע נאָך איר פאַר גערשטן, נאָך איינע פאַר האָבער, און די קלענסטע, אַ גאַנץ שמאָלע, פאַר ווייץ.

אַ דיקע ציגלנע וואַנט האָט אָפּגעטיילט די מיל פון דער שטוב. אין איין אָרט איז די וואַנט געווען אויפגעבראָכן ביז אַ העלפט פון איר גרעב. עס האָט אויסגעזען ווי אַ קאַמין, ווי איך זע עס היינט. דאָרטן איז געשטאַנען אַ דרייפוס, און דער טאַטע פלעגט אויף אים קאָכן, פרייטיק פאַרנאַכט, פיש אויף שבת. איך פלעג אים באַדינען, צוברענגען אַלע וויילע פון שטוב מער זאַלץ און פעפער.

ביים אָנהייב פון דער דאָזיקער וואַנט, גלייך ביים אַריינקומען פון דרויסן איז געווען די געשאַלעוועטע טיר, וואָס האָט געפירט אין שטוב אַריין. די טיר האָט אין זומערדיקע פרימאָרגנס דורכגעזייט קורצע שטראַלן דינעם ליכט, און ווינטער האָט זי דורכגעלאָזט פראָסט. האָט מען זי דעריבער באַ־שלאָגן מיט פּאַסן וואָליק פון וואָרעמקייט וועגן. פונדעסטוועגן איז זי אין קאַלטע טעג געווען באַדעקט פון אינעווייניק מיט אייז ביז וואַנען די אָנגע־הייצטע אויוונס האָבן דערוואָרעמט די שטוב, און דעמאָלט פלעגט דער אייז צעגיין און אַראָפּרינען אין טרערן אויפן דיל. און מחמת דעם וואָס ווינטער האָט מען געטראָגן גרויסע שטיוול און וואָליקעס, אונטערגעגנייט מיט לעדער,

און מ׳האָט אָפּגעקלאַפּט די פיס אויף דער זייט טיר, איז דער דיל דאָרטן שטענדיק געווען נאַס און אָנגעפּוילט.

אין אַ פּאָוואָדקע, וואָס פאַלט אויס אַ פּאָר וואָכן פאַר פּסח, האָבן מיר געמוזט זיך אַריבערקלייבן אין דאָרף אויף אַ גאַנצע וואָך אָדער מער, ווייל די שטוב איז פאַרטרונקען געוואָרן. דאָס וואַסער איז אַרויפגעקומען פון אינעווייניק: פון די שפּאַלטן אין דיל, פון קאַטוך און פון פּירהויז. די פּאָר מענטשן, וואָס זיינען פאַרבליבן צו היטן דאָס הויז, האָבן געמוזט אויסלייגן קורצע קלעצער, אויף זיי קלאַדקעס און איבער דעם גיין. די בעטן האָט מען אויך אַרויפגעשטעלט אויף קלעצלעך. ביינאַכט האָבן אין דרויסן פאַר דער מיל געברענט שטורקאַצעס, כדי צו ווייזן די מענטשן, וואָס פאָרן מיטן גרעבליע, וואָס איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט וואַסער, דעם גלייכן מאַרשרוט.

* * *

אונדזער וואוינונג האָט געהאַט צוויי גרויסע חדרים־שטיבער, איינע הינטער דער אַנדערער. מיר האָבן פאַר זיי קיין באַזונדערע נעמען ניט געהאַט. זיינען מיר געזעסן אין דער ערשטער שטוב, האָבן מיר גערופן די צווייטע — „יענע״ שטוב; זיינען מיר געזעסן אין דער צווייטער שטוב האָבן מיר גערופן די ערשטע שטוב — „יענע״ שטוב. אָבער איך וועל זיי געבן נעמען. די ערשטע וועל איך רופן די גויאישע שטוב, און די צווייטע — די יידישע. אין דער גויאישער שטוב האָבן זיך געפונען די גויים, וואָס זיינען געקומען מיט זייערע וועגענער צו מאָלן קאָרן אויף ברויט: די אַרבעטער פון מיל, וואָס זיינען געקומען אין שטוב עסן; דורכגייער, אָרעמעלייט און קאַראַבעלניקעס, וואָס זיינען אָפּט פאַרגאַנגען מיט הילצערנע קערב אויף די פּלייצעס און גרויסע אָפּגעשיילטע ווייסע שטעקנס אין די הענט, וואָס זיי האָבן געהאַלטן ניט ביי די שפּיצן, נאָר אַ ביסל נידעריקער, ווי די פּאַסטוכער, וואָס מיר זעען אויסגעמאָלט אויף די יעזוס בילדער. עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אונדז, זומער, אין די פריע באַגינענס — גערטנער און סעדער־האַלטער, קרובים אונדזערע, וואָס האָבן געפירט זייער סחורה אין שטאָט אַריין. זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן, כדי אַריינצוכאַפּן אַ דאַוונען אין אַ יידיש הויז און אַמאָל אויך אָפּצועסן אַן המוציא ברויט מיט מילך. דער טלית און תּפילין; דאָס לאַבן ברויט און דער לאַדיש מילך האָבן געבענטשט פאַר זיי אויפן טיש.

אין דער יידישער שטוב איז געזעסן אונדזער אייגן הויז־געזינד און מענטשן וואָס האָבן זיך געפונען ביי אונדז צוליב געשעפט אָדער אַזוי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. דאָרט איז מען געשלאָפן, געגעסן און געדאַוונט. אַהין האָט זיך אויך צוזאַמענגעקליבן שבת דער מנין. ביידע שטיבער האָבן געהאַט אויף דער זייט צו צוויי קאַמערן. די גויאישע שטוב האָט געהאַט צוויי קאַמערן מיט פענצטער צו מערב. אין דער יידישער שטוב זיינען די קאַמערן געווען צו מזרח אָן פענצטער, און האָבן געצויגן זייער ביסל בין־השמשותדיקע ליכטיקייט פון דער שטוב. אין איינער פון די קאַמערן, אַמאָל אין אַ ליכטיקער, אַמאָל אין

אַ פינצטערער, האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ פּאָר פּאָלק אויף קעסט. אַמאָל מיט אַ קליין קינד.

אין דער ערשטער שטוב, אין דער גויאישער, זיינען געשטאַנען צוויי אויוונס — דער גרויסער אויוון און דאָס אויוועלע, מיט די פּליצעס אויס־געדרייט צו דער יידישער שטוב. דעם גרויסן אויוון האָט מען סיי ווינטער און סיי זומער געהייצט צוויי מאָל אַ טאָג. עס האָבן זיך געקאָכט אין גרויסע גע־דראַטעוועטע טעפּ אַלערליי גרינצייג, און גרויפּנס, און בולבעס; עס האָט זיך אויך געוואַרעמט ווינטערצייט צוויי מאָל אַ טאָג וואַסער פאַר די צובערס. דאָס קליינע אויוועלע, האָט מען מערסטנס געהייצט ווינטער, צוליב וואַרעמקייט וועגן און אַמאָל זומער, ווען מען האָט ניט געוואָלט מאַכן דעם גרויסן אויוון. דאָס קליינע אויוועלע האָט מען אויך גערופן פון שיינקייט וועגן — די קאָכעלע, כאָטש זי האָט ניט געהאַט קיין איין קאָכעלקע אין זיך, פּונקט ווי די פּיש־בולבע האָט ניט געהאַט קיין פּיש. דער גרויסער אויוון האָט געהאַט אַ פּריפּעטשאָק, אַזוי גרויס ווי אַ בינע אין אַ קליינעם טעאַטערל, וואָס איז געווען אַלע מאָל פאַרשטעלט מיט טעפּ און טשוהונעס. די מאַמע איז געווען דער בינע־רעזשיסאָר, וואָס האָט קאָמאַנדעוועט מיט די טעפּ. אין אַ ווינקל, צווישן אויוון און וואַנט, זיינען געשטאַנען עטלעכע ווילקעס: גאָר גרויסע פאַר די טשוהונעס, און קלענערע פאַר די ליימענע טעפּ; צוויי לאָפּעטעס — אַ ברייטע און אַ שווערע ווי טשיזע, די בעקערקע, פאַר די 16־18 פונטיקע לאַבנס ברויט און אַ קלענערע אַ ווייסע, אַן אײדעלע, מיט אַ לענגלעך פּנים, ווי אַ יונג מיידל, פאַר די שבתדיקע חלות. דערביי איז אויך געשטאַנען אַ קאָטשערע און אַ פּאָמעלע. מיט דער קאָטשערע האָט מען אַרויסגעשאַרט די הייסע קוילן פון אויוון און מיט דער פּאָמעלע האָט מען אויסגעקערט דעם אויוון, איידער מען האָט אַריינגעזעצט די לאַבנס ברויט.

ביי די וואַנט אין דער ערשטער שטוב, זיינען געשטאַנען, פון עטלעכע ברעטער צונויפגעשלאָגענע, צוויי זייער לאַנגע און זייער ברייטע, ווייסע, שטענדיק אָפּגעשייערטע, בענק — אַ פליישיקע און אַ מילכיקע. איבער דער פליישיקער באַנק אויפן וואַנט זיינען געהאָנגען קופּערנע פאַנען פון אַלערליי גרויסן; אַ קופּערנע קאָך־לעפל און אַ מעשענע שיסל צו פאַרקנעטן טייג אויף חלה. איבער דער מילכיקער באַנק, זיינען געהאָנגען אויף קייטעלעך, צוגע־שלאָגן צום וואַנט, צוויי גראטקעס — אַ מילכיקע און אַ פליישיקע. אין די גראַטקעס זיינען געווען אויסגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט אויף דינע לייסטלעך, טעלער און שיסעלעך, גלעזער און ספּאָדקעס פון פּאָרצעליי, און אין דעם אונ־טערשטן געזימסל האָבן געשטעקט אין אויסגעזעגטע שפּעלטעלעך די לעפל און גאָפּלען.

ביי דעם איינציקן פענצטער אין דער שטוב איז געשטאַנען אַ ווייסער טיש, אַרום אים זיינען שטענדיק געזעסן די גויים, די זאַוואָזשניקעס, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. אין די נעכט האָט מען זיך דערציילט מעשיות וועגן שדים, וועלף און ווייטע נסיעות, אָדער געשפּילט אין קאָרטן. זיי האָבן מיט

היץ און מיט אימפעט אָנגעוואָרפן אַ טיש מיט אָפּגעבליאַקעוועטע און ברודיקע קאָרטן. יעדע קאָרט איז געפּאַלן ווי אַ הילכיקער פּאַטש. דאָס שפּיל האָט זיך גערופן דער „וואָגן". ווער עס האָט פאַרשפּילט האָט געדאַרפט צושלעפּן צו זיך אַלע קאָרטן, דעם גאַנצן וואָגן.

ביי דער וואַנט צווישן צוויי קאַמערן האָט געהויערט אַ הויכער, ברייטער אַלמער, וואָס איז געווען איבערגעצאַמט אין מיטן פאַר מילכיקע און פליישיקע זאַכן. לעבן אים — אַ צוגעדעקטע דייזשע צו קנעטן ברויט און, צייטנווייז, איינמאָל אַ וואָך, אַ צובער מיט לויג, צו ווייקן וועש, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך און פאַרבונדן אַרום און אַרום מיט אַ לייצע. אויפן ליילעך אַ בערגעלע קוילן „אָפּגעלאָשן" מיט הייסע וואַסער. אין די זומער חדשים איז ביי דער צווייטער זייט אַלמער געשטאַנען אַ גרויסע פאַס, אָנגעפילט מיט קוואַס און אַרומשווימנדיקע שטיקלעך שוואַרצע ברויט. אויף דעם הילצערנעם דעקל אַ ליימענער קריגל. ווער עס האָט געוואָלט, האָט אָפּגערוקט דעם קיילעכדיקן ברעט, ווי יעקב דעם שטיין אויפן ברונעם אין דעם מדבר, און אָנגעשעפּט קוואַס, קאַלטן און וויניקן. מיר האָבן גערופן די פאַס „כלי". (אַלע פעסער גאָר גרויסע און קליינע האָבן מיר גערופן כלי, אַזוי אַז אין מיין געדאַנק האָט זיך דאָס וואָרט אויסגעלייגט — קיילע).

האַלב אַריינגערוקט אונטער דער מילכיקער באַנק, איז געשטאַנען די פּאָמויניצע, אַ גרויסער צובער, וואוהין מען האָט אַריינגעגאָסן דאָס איבער־בלייבעכץ פון דעם עסן און דאָס וואַסער פון נטילת ידים. די פּאָמויניצע פלעגט פול ווערן עטלעכע מאָל אין טאָג און צוויי מענטשן האָבן זי פאַר די „עווערלעך" אַרויסגעטראָגן אין דרויסן און אויסגעגאָסן אויפן סמיעטניק אַנטקעגן שטוב. עס איז געווען נאָך אַן „אינסטיטוציע" אין אונדזער שטוב. דאָס איז דער קאַטוך, דאָס הינער־שטיבל אונטער דעם גרויסן אויוון; אַ מין קעלער אויסגעבעט מיט טונקל גרויען אַש. אַהין האָט מען פאַרטריבן די הינער אויף ביינאַכט און פאַרשפּאַרט דעם אַריינגאַנג מיט אַ ברעטל וואָס מען האָט גערופן — זאַזשלינקע. דאָרטן האָבן זיי איבערגענעכטיקט און גע־לייגט די אייער מיט די זיסע, געשמאַקע געלכלעך... אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען זיי אַרויסגעלאָזן און די מאַמע האָט מיך אָפט אַריינגעשיקט אין קאַטוך צונויפצוקלייבן די איבערגעלאָזענע אייער. דאָס איז געווען איינע פון די מלאכות וואָס איך האָב גערן דורכגעפירט. (איך מוז זאָגן, איך בין יעדעס מאָל אַריינגעקראָכן אַהין מיט דער דערוואַרטונג, אַז איך וועל דאָרט געפינען עפּעס אַ נייע זאַך. ניט איינמאָל האָב איך גענישטערט אין די באַהאַלטענע ווינקלען פון שטוב און פון מיל, מיט אַ געהיימפול געפיל, אַז עס וועט זיך פאַר מיר אויפדעקן עפּעס אַ סוד, אַן אַלט־נייע זאַך, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען, אָבער וואָס מיין האַרץ האָט נאָך דעם געבענקט. עס האָט זיך מיר אַלע מאָל געדוכט, אַז ערגעץ אין די פאַרבאָרגענע, מיט דיקן שטויב צוגעדעקטע ערטער, אין מיל, זיצן יינגלעך און מיידלעך אין קאַלירטע אָנ־טועכצן און וואַרטן אויף מיין קומען. ווען איך בין שוין געווען אַ יינגל פון אַ

יאָר צוועלף, האָט מיר די מאַמע באַוויזן אַ קורץ רעקעלע, מיט אַ שוואַרץ סאַמעטן קעלנערל וואָס איך האָב געטראָגן ווען איך בין אַלט געווען פיר אָדער פינף יאָר. איך האָב עס גענומען איןביידע הענט און זיך איינגעקוקט אין דעם, ניט ווי אין אַן אַלטן בגד, נאָר ווי אין דעם פּנים פון אַ קינד, אַ חברל, וואָס איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן און איז איצטער געקומען צוריק).

אַ צווייטע מלאכה איז געווען אויסצושלאָגן פּוטער אין באַיקע. אמת, פון שלאָגן האָבן מיר שטענדיק פאַרחלשט די הענט. איך האָב אָבער דערפאַר געהאַט אַ געגנבעטן פאַרגעניגן: ווען די פּוטער האָט שוין געהאַלטן ביים ווערן אויפגעשלאָגן און פאַרגליווערטע טראָפּנס זיינען אַרויפגעקומען אין דער הויך, האָב איך מיטן צונג אַרומגעלעקט דאָס שטעקעלע, דעם שלעגער. פאַר דער ערשטער מלאכה האָט מיר די מאַמע אויסגעגלעט דאָס פּנים מיט אַ וואַרע־מער איי און נאָך באַצאָלט מיט אַ פיינקוכן. פאַר דער צווייטער — מיט אַ גלאָז כוואַליענדיקע מאַשלינקע. עס איז אָבער אויך געווען אַ דריטע מלאכה, וואָס די מאַמע פלעגט צושטיין צו מיר, אין די לאַנגע, שלעפּערדיקע, זומערדיקע שבת ביינאַכט איך זאָל עס טאָן. דאָס איז געווען — אָפּזאָגן אַ האַלבן תהילים פון איר קרבן מנחה. מיר איז עס ניט געווען צום האַרצן. אין תהילים האָב איך קיין סודות נישט געזען, און טראָפּנס פּוטער זיינען פון סידור ניט גערונען, און זי פלעגט זיך ביי מיר לאַנג דאַרפן בעטן.

* * *

אין דער גויאישער שטוב האָט מען ווינטער צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פרי און פאַרנאַכט, אַריינגעטראָגן די צובערס פאַר די בהמות, אָנגעשאָטן זיי מיט מעקענע און פאַרבריט מיט הייסע וואַסער. איך האָב שטענדיק געהאָלפן אַרויסטראָגן די צובערס אין דרויסן און נאָך שטיין מיט אַ שטעקן און היטן, אַז די גרעסערע און שטאַרקערע בהמות, די בעלות־קרנים, זאָלן ניט פאַרטרייבן די שוואַכערע שוועסטער פון זייערע צובערס נאָך דעם, ווי זיי אַליין זיינען מיט זייער אייגענער וועטשערע גיך פאַרטיק געוואָרן. אַזוי איז אָפּט אַריינגעפאַלן צו אונדז אין אַ מיטן שבתדיקן וואַרמעס אונדזער רייכער שכן עסן אַ צווייטן מאָל קוגל.

פון דער גויאישער שטוב צו דער יידישער האָט געפירט אַ שמאָל און קורץ קאָרידאָרל, אַרום אַכט פוס לאַנג. מיר האָבן עס גערופן „דאָס געסעלע". איין זייט געסעלע האָט פאַרנומען די וואַנט פון דעם קליינעם איוועלע. אין די ווינטערדיקע אָוונטן, פלעגן מיר, די מאַנסבילן, (די ווייבער האָבן קיין צייט ניט געהאַט), שטיין מיט די הענט פאַרלייגט אויף אַהינטער און וואַרעמען זיך און טראַכטן אַלערליי מחשבותן. איך האָב געקענט אָפּשטיין שעהן־לאַנג און טראַכטן וועגן שטעט, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געזען און נאָר געקענט זייערע נעמען, איך האָב זיך זיי אויסגעמאָלט אויף מיין אופן; אָדער איך האָב זיך מתיחד געווען מיט די העלדן פון די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט.

אין דער צווייטער שטוב, דער יידישער, ווי איך רוף זי איצטער, זיינען געווען צוויי קליינע פענצטער, איינס צום מערב און דאָס צווייטע צו צפון. אַ גאַנצן טאָג איז דאָרט געווען טונקל, נאָר פאַרנאַכט האָט דורך דעם מערב־פענצטער אַריינגעקוקט אַן אומעטיקע זון; איבערהויפּט אין די שבתדיקע פאַרנאַכטן ווען דער צעפּאַסעוועטער רויטער הימל האָט דערמאָנט אָן פייער־דיקע גיהנום־ריטער און דער בלייכער ניגון פון דער שבתדיקער מנחה האָט געקלעמט דאָס האַרץ. דאָס צווייטע פענצטער האָט געהאַט פאַר מיר זיין יחוס, אָן זיין שאַרפן ציגעלנעם קאַנט, האָט דער טאַטע אָנגעקלעפּט חנוכה די וואַקסענע ליכטלעך און געשמאָלצענע טראָפּנס וואַקס האָבן געקלעפּט צו די ציגל לאַנגע וואָכן נאָך חנוכה.

דאָס מעבל פון שטוב איז באַשטאַנען פון אַ רויט אָפּגעפּאַרבטער שלאָף־באַנק ביי איין וואַנט און אַ האַרטער סאָפּקע ביי אַ צווייטער וואַנט. ביי די איבעריקע ווענט — אַ היכער, ברייטער קליידער אַלמער, מיט אַ פּאָליצע אינעווייניק פאַר ספרים און לשון קודשדיקע ביכער. און אַ בעט, וואו איך בין געשלאָפן. (שפּעטער, ווען איך האָב זיך געקליבן פאָרן אין דער וועלט, האָב איך בעסער אויסגעקליבן די האַרטע, פלאַכע סאָפּקע. ווען אַלע האָבן שוין געשלאָפן, פלעג איך אַוועקוואַרפן דאָס קישעלע פון אונטערן זייט און אַמאָל אויך פון צוקאָפּנס, כדי צוגעוואוינען זיך צו פרעמדע האַרטע געלעגערס).

ביי אַ ברעטער־ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט די שטוב פון די פינצטערע קאַמערן, איז געשטאַנען אַן אַלט־אַלטער קאָמאָד מיט שופלאָדן פאַר טישטוכער און ליילעכער. דער גאָר אויבערשטער שופלאָד איז געווען איבערגעצאַמט מיט סעקרעטלעך, פאַרדעקטע קעסטעלעך אַזוינע, וואו עס זיינען געלעגן: דער קאָנטראַקט פון מיל, מיין עלטערן ברודערס געקויפטע „קוויטאַנציע", וואָס האָט אים באַפרייט פון מיליטער־דינסט און אַנדערע וויכטיקע פּאַפּירן געשריבן אין פויליש, וואָס איך האָב ניט געוואוסט זייער באַדייט. איבערן קאָמאָד, אויך אויף קייטעלעך, איז געהאַנגען דער אָרון קודש. אין אָרון קודש איז גע־שטאַנען די ספר תורה. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פיאָלעטעווער, סאַמעטענער מענטעלע, מיט גאָלדענע פעדים אויסגעשטיקטע לייבן און לעמפּערטן און געטראָגן האָט זי אויף זיך אַ באַזילבערטן ציץ און אַ קונציק געשניצטן היל־צערנעם יד. יעדע צאָל אין אים אַ באַזונדערע שניצעכץ, ווי די רינגען פון אַ גאָרגל. עס זיינען דאָרט אויך געלעגן עטלעכע אַלטע, אויסגעטראָגענע מענטעלעך, וואָס מען האָט ניט אַרויסגעוואָרפן צוליב דער הייליקייט און אונדזער צוגעבונדנקייט צו זיי. אַז איך האָב געקוקט אויף איינעם פון די מענטעלעך, האָב איך זיך איבערגעטראָגן צו די יאָרן איידער איך בין געבוירן געוואָרן.

אַ גרויס און חשוב אָרט האָט פאַרנומען דער רויטער עס־טיש. פון צוויי זייטן האָבן אים אַרומגערינגלט די שלאָף־באַנק און די סאָפּקע, וואָס אויף זיי איז מען געזעסן ביים עסן. ביי דער דריטער זייט פון טיש איז אַמאָל, ווען איך בין געווען אַ קליינער ייִנגל, געשטאַנען אַ לאַנגער, ווייסער בענקל. אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען דער נייער „צייט־גייסט" האָט אָנגעהויבן

אַריינדרינגען אין אונדזערע מקומות און מיינע שוועסטער זיינען געשטאַנען אין שידוכים, האָט ראָמאַן, דער מילנער מיט די גאָלדענע הענט, געמאַכט קליינע, פיר־קאַנטיקע טאַבורעטקעס, און זיי אָפּגעפאַרבט אויף רויט. זיי האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון דעם אַלטן בענקל ביים טיש.

ביסלעכווייז האָט מען ביי אונדז איינגעפירט נאָך נייע זאַכן. מען האָט אויסגעהאַקט אַ פאַרטקעלע אין איין פענצטער, וואָס מען האָט אַלע אין דער פרי געעפנט אויף אַ האַלבער שעה, אויסצולופטערן די שטוב נאָכן אויסקערן. אַגב, נאָכן אויסקערן די שטוב האָט מען דעם דיל דיק באַשאָטן מיט געלן זאַמד. עס האָט טאַקע אויסגעקוקט שיין, אָבער, אַז מען האָט עס צעשאַרט ניט ווילנדיק מיט די שטיוול, האָט עס אויפגעהויבן אַ שטויב, וואָס האָט געשטיקט אין האַלדז און פאַרשאָטן די אויגן. נאָך אַ נייער איינפיר איז געווען, דער טאַטע אַפילו האָט נאָכגעגעבן, מען זאָל דערלאַנגען שבת צו וואַרמעס דעם קוגל נאָכן פלייש. על פי מנהג האָט מען דעם קוגל געדאַרפט עסן אינמיטן דער סעודה, צווישן די געריכטן, ווייל דער קוגל איז אַ זכר למן, וואָס איז געלעגן צווישן צוויי שיכטן טוי. מען האָט זיך אַפילו געקליגלט צו טרינקען שבת בייטאָג טיי, ניט פון אַ טשאָלנט ליאַק, נאָר פון אַ קאָכעדיקן סאַמאָוואַר, וואָס די גויע, די דינסט, האָט שוין געוואוסט ווען אָנצושטעלן.

אונדזערע גויים, די אַרבעטער, זיינען געווען ממש למדנים. זיי האָבן ביי אונדז געדינט לאַנגע יאָרן. און איינמאָל, ביים דעקן די סוכה, האָב איך געהערט, ווי מאַטשיי מיט יעזעבען, האָבן געפירט אַ וויכוח. מאַטשיי האָט געזאָגט, אַז דורך דעם סכך דאַרף זיך דורכלייכטן דער הימל בייטאָג און יעזעב האָט געזאָגט, אַז עס דאַרפן דורך אים אַריינפינקלען די שטערן ביי־נאַכט. אלו ואלו דברי אלהים חיים.

ביי אונדז אין שטוב איז געווען דער שטענדיקער מנין און אין דער וואָך פון ערב ראש השנה, האָט מיך אויפגעוועקט פאַרטאָג דער זיסער ניגון פון די ענינו׳ס און סלח לנו׳ס. איך האָב ליב געהאַט אויפצושטיין אין יענע קילע פאַרטאָגן, זען ווי דער הימל אין מזרח נעמט זיך בלייכן, און זיך פילן ווי אַ דערוואַקסענער מענטש.

# געזאַנג און קלאַנג

מיין טאַטע, מיין מאַמע, מיינע ברידער און שוועסטער, האָבן ניט געזונגען.

מיין מאַמע איז געווען אַן עלטערע, פאַרהאַרעוועטע אידענע, וואָס איז געקומען פון אַ ניט־וויטן אָרימען ישוב — זי האָט קיינמאָל ניט געזונגען.

איך געדענק ניט, אַז זי זאָל מיך פאַרוויגן מיט אַ ליד. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, ווען נאָך אַ גאַנצן טאָג אָנלויפן זיך האָבן מיר אָנגעהויבן ברעכן

די קני און איך בין געקומען צולויפן אין שטוב מיט אַ געוויין, האָט זי מיך אויסגעטאָן, אַריינגעלייגט אין בעט און אויסגעריבן די פיס מיט עסיק; אַ קוש געטאָן, אָבער געזונגען האָט זי דערביי ניט.

מיין טאַטע, אַ ליטוואַק, האָט שבת ביים עסן קיין זמירות ניט געזונגען, קיין אשת־חיל ניט געזאָגט מיט אַ ניגון אין דער הויך. דאָס איינציקע וואָס ער האָט זיך פאַרגונען איז צו דאַווענען ביים עמוד אַ שבתדיקע קאַלטע מנחה, ווען די זון איז געשטאַנען ביים ברעג הימל.

מיינע שוועסטער האָבן אויך ניט געזונגען. אין די פרייטיק און שבת צו־נאַכטן, צווישן מנחה און מעריב, געדענק איך, זיינען די שוועסטער זאַלבע־דריט, זאַלבע־פערט, (אונדזער גאַנצע געזינד איז באַשטאַנען פון דריי זין און פיר טעכטער) געזעסן אויף אַ ברייטער בעט און דערציילט זיך מעשיות וועגן זייערע וויטע באַקאַנטע און אַפילו ניט־באַקאַנטע, ביי אונדז אין שטאָט אָדער אין אַנדערע נאָענטע שטעטלעך, מיט וועלכע מיר האָבן געהאַנדלט: ווער עס האָט חתונה געהאַט און מיט וועמען, איבערהויפּט וועגן די שיינע, רייכע מיידלעך, וואָס זיינען געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. ווער עס איז געפאָרן קיין דרוזגעניק זיך היילן פון רומאַטעס און ווער עס איז געשטאָרבן יונג אין קימפּעט.

מיינע ברידער זיינען געווען פאַרנומענע מענטשן און אין דער ליידיקער צייט האָבן זיי זיך אַרומגעקריגט מיט די שוועסטער.

עס האָט געדאַרפט זיין אַ שטילע און אומעטיקע שטוב.

און דאָך איז די שטוב און דער אַרום־שטוב געווען פול מיט געזאַנג און קלאַנג כמעט דעם גאַנצן מעת־לעת:

מיך האָט אויפגעוועקט אינדערפרי דער געקלאַנג פון ווילקעס, וואָס האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט אייזערנע טשוהונעס און ליימענע טעפּ אויף דעם פּריפּיטשאָק פון אויוון. דער פייער האָט געקנאַקט צוליב די נאַסע שייטלאַך האָלץ, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פאַרברענען.

דאָס הודזשען פון קאָכיקן הייסן וואַסער, וואָס מען האָט אַריינגעגאָסן אין צובערס, אָנגעפילט מיט מעקענע פאַר די בהמות; מיין מאַמעס שטיל־טרויעריקער דאַווענען מיט דעם קרבן מנחה אויף די הענט; מיין טאַטנס מעביר זיין די סדרה אַרום דריי דעם זייגער שבת בייטאָג, אויפשטייענדיק פון נאָכן־וואַרמעס־שלאָף.

אַמאָל אין אַ שבת, אין די סוף־זומערדיקע חדשים, זיינען געקומען בחורים און מיידלעך פון אַ נאָענטן דאָרף, איז אַחוץ דעם קלאַנג פון מעסערס און לעפעלעך ביי די גרויסע אַנטאָנאָווער עפּל און ספּאָדקעס מיט איינגעמאַכץ, האָט זיך אָפט געהערט ווי פייגעלע, יונה דעם שמידס, זינגט אַ יידיש ליד.

אַ ישיבה־בחור וואָס איז געקומען איבערזיין ביי אונדז אַ פּסח אָדער אַ ימים־נוראים ביז אַ וואָך נאָך סוכות, האָט געזונגען חזנישע שטיקלעך און אַמאָל טאַקע אָפּגעדאַוונט אַ יום־טובדיקן מוסף מיט אַ קלינגנדיקן ניגון: און דאָס לייענען די הפטורה פון אַ יונגן יינגל מיט אַ דיניקן קולכל האָט

זיך אויך אַמאָל געלאָזט הערן.

איך געדענק דאָס קלינגען פון זילבערנע מטבעות וואָס זיינען געפאַלן אין טעצעלע, בעת די שכנים האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן חנוכה ביי אונדז אין שטוב צו שפּילן קאָרטן.

ווען מיין טאַטע און מאַמע זיינען שוין ניט געווען און אַלע שוועסטער מיינע זיינען שוין געווען אויסגעגעבן, פלעגט דער יינגסטער שוואָגער מיינער, נחמן, אַ וואויל־געלערנטער יונגערמאַן, שבת צווישן מנחה און מעריב שפּאַצירן איבער דער גרויסער שטוב איינער אַליין און זאָגן קאַפּיטלעך תהילים. עס איז געווען אַ גרויסער פאַרגעניגן צו הערן זיין קלאָרע אויסשפּראַך מיט אַ קוים באַטאָנטן ניגון.

אלי דער קאַראַבעלניק, אַן אַלטער ייד אָן אַ סימן פון אַ באָרד, וואָס האָט געדראָטעוועט טעפּ אין די דערפער, פלעגט זיך אָפּשטעלן ביי אונדז אַמאָל אויף אַ שבת. האָט ער צווישן קוגל און פלייש, ווען מיר זיינען צו אים שטאַרק צוגעשטאַנען, געזונגען פאַר אונדז פון די לאַנגע פּורים־לידער. (ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געשפּילט „אחשורוש"). ער האָט געזונגען אין גראַמען לאַנג און כאַפּנדיק און דאָך קיינמאָל ניט אויסגעזונגען אינגאַנצן.

אַ גאַנץ יאָר האָבן געזאַנג און קלאַנג אָנגעפילט דעם אַרום.

אַ גאַנצן ווינטער — דער געקלאַפּ פון דער אַכט־זוואָניקער ראָד, וואָס האָט זיך געדוכט, אַז זי גייט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, ניט רונדיק, נאָר ווי אַניקין דער הינקענדיקער מיט אַ שטעקן אין האַנט, גייט אויף דער שלעכט־ברוקירטער גאַס.

דאָס ריטמישע דערציילן פון די גויים זייערע מעשיות און געשיכטעס וועגן שדים און רוחות.

און אין די שטאַרק פראָסטיקע נעכט איז דאָס וואַסער אין טייך געוואָרן אַזוי נידעריק, אַז די מיל האָט זיך אָפּגעשטעלט, קיין נייע זאַוואָזשניקעס זיינען ניט געקומען אין מיל אַריין און די מעלער זיינען זיך צעפאָרן אַהיים, האָט די מיל געשוויגן מיט אַ פּחד׳דיקן קלאַנג. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן נאַכט האָב איך געהערט ווי די מיל שוויגט.

און אין די פּסחדיקע טעג דאָס הילכיק געקראַך פון דעם אייזערנעם רעסל אין דער לאַנגער שורה ניס אויף דער פּאָדלאָגע לעבן דער געשאַליע־וועטער טיר.

*   *   *

אָבער די קלאַנגען און אויבער־קלאַנגען זיינען מער אַרום מיל, אין דרויסן.

שטענדיק האָט מען געבויט אין מיל און אַרום מיל. עס ליגן אויף דעם גרינעם גראָז ביים טייך שורותוויז קלעצער און ברעטער. עס הערט זיך ווי די העק טיעסן די קלעצער; טוען זיי אויס פון זייערע קליידער און פון טיף־ברוין ווערן זיי ווייס, ווי נאַקעטע לייבער.

מען זעגט. די קלאָץ ליגט אויף הויכע געשטעלן, די זעגער שטייען איינער אונטער דער קלאָץ און דער אַנדערער שטייט אויף דער קלאָץ אין דער הויך. אין בויך פון קלאָץ שטעקט אַ לאַנגע, שווערע זעג. די זעגערס ציען די זעג אַרויף און אַראָפּ און בעת די זעג גייט אַראָפּ שניידט זי זיך איין מיט אימפּעט און הייזעריקן געשריי אין פלייש פון קלאָץ און בייסט אָפּ קליינע שטיקעלעך זעגעכץ פון דעם האָלץ. די ברעקלעך, ווי דער שטויב, שיטן זיך אויף דעם גרינעם גראָז. עס הערט זיך דאָס הילכיקע קלאַפּן פון טשוועקעס אין האָלץ.

דערביי רוישט דאָס וואַסער וואָס שטראָמט אַרויס פון פּאָדערניע און פאַלט אַרונטער אין טייך.

עס הערט זיך דאָס געקלאַפּעריי פון אַ ליידיקן וואָגן, וואָס פאָרט אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ; די ברעטער, די אויסבעטעכץ פון וואָגן, שפּרינגען אין דער לופטן ווי די גרינגע ברעטער אין דעם שיטערן פּאַמאָסט פון בריק.

פון דער אָפענער מיל הערט זיך דאָס זילבער־געקלאַנג פון קליעווצעס, וואָס פּיקן די מילשטיינער. דער פאַרטויבנדיקער טומל, וואָס די שעטראַק־זיפּ מאַכט. דאָס שטילע, אַלטע דרייען זיך פון די פּאָר וואַלצן, בעת זיי צעקוועטשן צווישן זייערע דינע ציינדלעך די אַראָפּגעפאַלענע אויף זיי קערנער ווייץ אָדער קאָרן.

דער דינער, זינגענדיקער קלאַנג בעת די גויים שאַרפן זייערע קאָסעס איידער זיי הייבן אָן שניידן דעם היי. די אונטערגעהאַקטע, שטילע געזאַנגען פון די קאָסעס און פון די שיקסעס וואָס קערן איבער דעם היי צום טריקענען.

עס שטייען פורן אַרום דער מיל מיט גרויסע, אויסגעשפּאַנטע שלאַכצקע פערד און איינער אַ יונג זערעבטשיקל זויגט פון דער מאַמעס ברוסט. פון צייט צו צייט גיט ער אַ דריי דעם קאָפּ און דאָס הענגענדיקע גלעקל אויף זיין האַלדז גיט אַ פאַרפּיעשטשעטן קלונג. פּלוצלונג גייט עמיצער פאַרביי, דער זערעבטשיקל דערשרעקט זיך און אַנטלויפט מיט אַן איבערגעשראָקענעם גלעקל־געקלאַנג.

פון פעלד גייען שיקסעס און גויעס מיט די סערפּעס אויף די אַקסלען און זינגען הויך ווייסרוסישע פאָלקסלידער.

אַ הייסער זומערדיקער פאַרנאַכט. מענטשן שפּרינגען פון הויכן ברעג אין וואַסער אַריין מיט אַ פליוך און גערויש.

עס איז שפּעטער פאַרנאַכט. מיר, שטוביקע, זיצן אויף דער הילצערנער באַנק לעבן שטוב אָדער אויף דער ערדענער פּריזבע. מיטאַמאָל דערהערט זיך קוים אַ געזאַנג, וואָס קומט פון דאָרף און וואָס ווייטער ווערט ער אַלץ נעענטער און העכער. דאָס פאָרן יונגע שקצים און שיקסעס אויף נאַכט־פּאַשע צום פּאַסטעכניק. זיי רייטן אויף די פערד. די שיקסעס מיט די ספּאָדניצעס צונויפגענומען אונטער זיך, זיצן מיט די ברייטע געזעסן ווי מענער אויף זאָטלען.

אין מיטן ווינטער שטעלט מען אויף אַ צלם פון אייז אויפן טייך לעבן אונדזער שטוב און אַז דער גלח מיט די אַרויסהעלפערס קומען פּראַווען זייער הייליקע עבודה הערן מיר זייער געזאַנג. אין דער ווײַ־נאַכט קומען קליינע שקצימלעך זינגען ביי אונדז אונטערן פענצטער פרומע לידער, און מיר גייען אַרויס און גיבן זיי קליינגעלט.

דריי טעג פאַר פסח נעמט מען ראַמען די הויז פון פאַרוואַלגערטן חמץ. מען טראָגט אַרויס אין דרויסן די ספרים און מען צעלייגט זיי אויף לאַנגע בענק. דער ווינט הויבט די בלעטער מיט אַ מילדן גערויש. מען טראָגט אַרויס אין דרויסן די טישן און די בעטן. אויף אַ שמאָלן דורכגאַנג קלאַפּט זיך אָפּ אַ טיש אָן אַ בעט מיט אַ פריילעכן געקלאַנג — זיי גייען אויף דער זוניקער פרישער לופט.

אַ פּאָר וואָכן נאָך פּסח טרייבט מען געהילץ מיטן טייך. פרעמדע גויים שטייען מיט פאַרקאַשערטע הויזן אויף די קלעצער אין וואַסער און רופן זיך איבער פון איין ברעג טייך צום צווייטן. זיי לאָזן דורך אַ שמאָלן שליוז די לאַנגע קלעצער און די קורצע שפּאַלן און די קלעצער שפּרינגען פון דעם הויכן וואַסער־וואַל אין טיפן אָפּגרונט מיט אַ שרעק־געשריי. זיי קומען אָבער באַלד ווידער אַרויס מיט אויפגעהויבענע קעפּ און שווימען ווידער אַוועק רואיק אויף גאָטס באַראָט.

*          *          *

עס האָט געדאַרפט זיין אַ שטילע און אומעטיקע שטוב און דאָך איז די שטוב און דער אַרום־שטוב געווען פול מיט קלאַנג און געזאַנג, אַזוי כמעט דאָס גאַנצע יאָר.

## פ י ע נ ע

ר. אייזלאַנדן

די שומיגע, שוימיגע וואַסער־לייט,
ווי גויים פון דעם פריצס פּאָדער־שטוב,
ווערן פון דער ראָד אַרויסגעשטופּט
אין טיפן תהום. זיי הויזן ניט גוט

צווישן זיך. זיי הויבן אויף
אַ דומפּן געשריי ביז צום הימל אַרויף.
זיי בוכצן זיך איינער דעם צווייטן אין זייט
און קאָפּ אויף קאָפּ גייט אין שטרייט.

דער טייך ווערט פינסטער אונטער זיי
ווי זומפּיקע גרעבליע־ערד.

און איבער דעם וואַסער, ווי אויפגעאַקערטער שניי,
שווימען די אויסגעפּליקטע בערד.
נאָר ווייטער אַ ביסל, אַ דריי הונדערט טריט,
איז קלאָר און שטיל דעם טייכס געמיט.
און דעם מילנערס זון, זעכצן יאָר אַלט,
שטייט אויפן ברעג זוניק און הויל
און שפּיגלט אין וואַסער זיין געשטאַלט
פון קאָפּ ביז צום זויל.

# מיין מאַמע און מיין טאַטע

איך האָב צו מיין מאַמען ניט געהאַט די צאַרטע, זיסע, ראָמאַנטישע געפילן, וואָס אַנדערע יינגלעך און אַפילו דערוואַקסענע זין האָבן צו זייערע מאַמעס. און אַז איך לייען ווי קינדער ריידן וועגן זייערע עלטערן מיט רירנדיקער בענקשאַפט, גלויב איך זיי ניט, אָדער איך מוז זיך אַליין באַשולדיקן אין קאַלטקייט און אומדאַנקבאַרקייט לגבי מיינע עלטערן; כאָטש איך שאַץ אָפּ און דערמאָן מיין מאַמעס און מיין טאַטנס אַלע גוטע מידות.

אפשר איז דאָס דערפאַר וואָס איך בין געווען דאָס לעצט קינד ביי איר. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין יינגל, איז מיין מאַמע שוין געווען אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר פופציק אָדער מער. זי האָט שוין געהאַט אויסגעטראָגן און אָפּגעהאַט אַלע אירע זיבן קינדער. זי האָט פאַר מיר ניט געקענט האָבן דעם ווייבערשן חן, וואָס יונגע מאַמעס האָבן ביי זייערע זין. איך בין מיט איר ניט געגאַנגען אונטערן האַנט שפּאַצירן, בין ניט געווען איר קאַוואַליער און זי איז ניט געווען מיין דאַמע. אין אונדזערע מקומות און אין אונדזערע אומשטענדן האָט מען פון דעם ניט געוואוסט.

מיין מאַמע איז געווען אַ נידעריקע, מיט הענט פאַרהאָרעוועטע און צעקאָרבטע פון שטענדיקן בולבעס־שאָבן און שלעפּן שווערע טעפּ אין און פון אויוון. זי האָט ניט אויסגעטאָן דעם פאַרטוך פון די לענדן און דעם טיכל פון קאָפּ. זי האָט ניט געקענט שרייבן אָדער איבערלייענען וואָס אַנדערע האָבן געשריבן. זי האָט אָבער געקענט דאַוונען און לייענען דעם טייטש־חומש. מיך האָבן שטענדיק פאַרכאַפּט די מעשיות אין טייטש־חומש, וואָס זי האָט געלייענט מיט אַ באַזונדערן ניגון שבת בייטאָג, און איך בין געזעסן ביים טיש איר אַנטקעגן. זי האָט געדאַוונט יעדן טאָג, געשטאַנען אויף איין אָרט און געהאַלטן דעם שווערן קרבן־מנחה אין די אויפגעהויבענע הענט. ווען־ניט־ווען נאָר געכאַפּט אַ קוק צו די טעפּ. זי האָט געפּאַסט בה״בס. דאָס ווייס איך, ווייל מיין שוועסטער, ריינע, די מיזינקע צווישן די טעכטער און די נאָענטסטע צו איר, האָט זיך אָפּט מיט איר געקריגט צוליב דעם. זי איז געווען פרום און גוט צו מענטשן — צו די אַרבעטער פון מיל, צו די דינסטן, צו די גויים

פון דאָרף, וואָס זיינען געקומען אין מיל, כאָטש אַ גויאישע חתונה איז ביי איר געווען אַ „כאָסליערע", אַ גויאיש קינד — אַ „ממזר" און אַ גויאישער מת — אַ „פגר". עס האָט קיין שלעכטס ניט געשטעקט הינטער דעם. עס איז געווען נוסח. עס איז פון אונדזער שטוב קיינער ניט אַוועק קיין הונגעריקער און מיר האָבן ביי קיינעם ניט גענומען קיין געלט פאַרן עסן אָדער איבערנעכטיקן, אַפילו ביי פאַרמעגלעכע. אַז עס איז געקומען אַ פור מיט אורחים אָרעמעלייט אָדער אַזוי דורכפאָרער אין מיטן נאַכט, איז די מאַמע אויפגעשטאַנען פון בעט און געמאַכט דעם אויוון פאַר זיי. און אַמאָל אַפילו צוגענומען די קישנס ביי אונדז פון צוקאָפּנס און אַוועקגעגעבן די אורחים.

זי איז געווען אַ קלוגע, האָט אַלעמאָל געפּרואווט פאַרהיטן דעם טאַטן פון טאָן אַ ניט־אויסגערעכנטע זאַך און אים אָפּגעהאַלטן פון אַ קריג, אָבער עס איז אָפּט אויסגעקומען, אַז דעם טאַטנס צאָרן וואָס זי האָט אָפּגעווענדט פון אונדז אָדער פון די זאַוואָזשניקעס (גויים וואָס פלעגן קומען צו אונדז מאָלן זייער קאָרן אויף ברויט) אין מיל, האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר אַליין.

מיין טאַטע איז געווען אַ הויכער, אַ שיינער, מיט אַ טונקל, פול־בלוטיק פּנים און אַ שוואַרצער באָרד, די האָר פון קאָפּ זיינען ביי אים ניט אויסגעקראָכן און אַפילו ניט גרוי געוואָרן אויף די עלטערע יאָרן, בלויז אין באָרד האָבן זיך שטאַרק דורכגעוואָרפן ווייסע האָר.

אַמאָל, נאָך איידער ער האָט געהאַלטן דעם מיל אין זשוכאָוויץ און אַפילו דעם מיל אין מישיקי, לעבן שטויבץ, אין די גאָר יונגע יאָרן זיינע, איז ער געווען אַ פישער. האָט געכאַפּט פיש אין טייך און זיי געפירט אין מינסק פאַרקויפן. ביי דעם עסן, שבת אין דער פרי, פלעגט ער אונדז דערציילן אַ סך מעשיות ווי מען כאַפּט פיש אום ווינטער אונטערן אייז.

קיין צו זאָכלעכער, אויסגערעכנטער מענטש איז ער ניט געווען. ער האָט געלעבט אין אַן אויסגעטראַכטער וועלט (אַזוי בין איך איצט זיך משער, ווייל איך אַליין בין אַ ביסל געראָטן אין אים). ער איז געווען אַ סענטימענטאַ־לער, אַ היציקער, פלעגט פאַרכאַפּט ווערן פון יעדער נייער אידייע אין זיין וועלטל. ער האָט געהאַט אַ יראת הקודש פאַר ספרים. ער האָט געקענט גוט דערציילן אַ מעשה. אָבער דאָס האָבן געקענט אַלע ביי אונדז אין שטוב און ניט נאָר ביי אונדז, אויך די שכנים אונדזערע, און די דאָרפישע גויים אַפילו, האָבן געקענט איבערגעבן אַ פּאַסירונג, אַן אמתע צי אַן אויסגעטראַכטע, מיט אַלע פּרטים. עס דערמאָנט זיך מיר ווען איך טראַכט פון זיי, שאָלאָכאָווס „שטילער דאָן" ווי די קאָזאַקן דערציילן זיך מעשיות אין די נעכט אויף די ביוואוואַקען.

* * *

מיין מאַמע און מיין טאַטע האָבן מיך, זייער בן־זקונים, זייער ליב געהאַט; אָבער יעדערער פון זיי אויף אַן אַנדער אופן. מיין מאַמע האָט מיר געשיקט קריגלעך פּוטער, ווען איך האָב געלערנט אין שטאָט. און אַז איך בין געקומען

אויף שבת אַהיים האָט זי מיך געבאָדן אין אַ גרויסער מולטער לעבן וואַרעמען אויוון, האָט פאַרריכט מיינע זאַכן און זונטיק גאַנץ פרי מיר אויסגעוואַשן אַ העמדל און אַ פּאָר נאָזטיכלעך און אויפגעהאָנגען זיי אויפן הילצערנעם פּלויט טריקענען. איך געדענק ווי איך פלעג נאָכלויפן דער מאַמען און וויינען. איך האָב שטענדיק מורא געהאַט, אַז מיינע זאַכן וועלן זיך ניט אויסטריקענען און די פור, וואָס שטייט ביים טיר, גרייט אָפּצופאָרן אין שטאָט צום מאַרק, וועט אַוועקפאָרן אָן מיר. אָבער זי האָט מיך שטענדיק באַרואיקט מיט אַ שפּאַס און איך האָב טאַקע קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקט.

איך געדענק, ווי מיין מאַמע האָט מיר איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פריי־טיק־ביינאַכט, ווען מיר זיינען ביידע געלעגן אויפן וואַרעמען אויוון, מיט אַ קישן אָנגעשפּאַרט אויף עטלעכע שייטלעך האָלץ צוקאָפּנס, דערציילט וועגן אונדזער יחוס — ווער עס איז אונדזערער אַ קרוב, ווען מיר האָבן פון אונדזער משפחה אין די אַנדערע דערפער אָדער אין די שטעטלעך אַרום אונדז.

איך געדענק טיף־ווינטערדיקע אָוונטן, די מיל „שטייט". אין שטוב איז שטיל. די שוועסטער זיינען זיך צעגאַנגען צו די שכנים.

צווישן צוויי ציגל פון אויוון, וואו די ליים איז אָפּגעקראָכן שטעקט אַ קין און ברענט מיט אַ פלאַקערדיק פייער. אָט איז די פלאַם גרויס און באַ־לייכט אַ האַלבע וואַנט און אָט פאַלט זי איין. די טונקל־רויטע פונקען אין אָפּגע־ברענטן קין לעשן זיך אויס איינס נאָך איינס, אָבער די שוואַרצע קויל האַלט זיך נאָך.

די מאַמע זיצט אויפן גרינעם, געשמידטן קופערט ביי דער פראַשניצע און שפּינט. זי באַנעצט אַלע ווײַלע צוויי פינגער און ציט אַ זשמוט נאָך אַ זשמוט פון דעם פלאַקס, וואָס איז צוגעבונדן צום קאָפּ פון פראַשניצע. די שפּינדל טאַנצט און הוזשעט צווישן אירע פינגער. אָט דערוויטערט זי זיך און אָט קומט זי ווידער צו נאָענט, ווי אַ קינד וואָס רייצט זיך מיט זיין מאַמען.

איך שטיי מיט די הענט אויף אַהינטער צוגעטאָן צום אויוון און באַוואונ־דער ווי פונעם גולמדיקן פלאַקס ווערט אַ לעבעדיקער פאָדעם.

אָדער איך זיץ מיט אויפגעהויבענע הענט און צעשפּרייטע פינגער, ווי אַ כהן בעת׳ן דוכענען און די מאַמע פאַרציט אַ מאָטיק פון בלויען וואָל אַרום מיינע הענט. איך בין מיד, די אויגן קלעפּן זיך, די עלנבויגנס חלשן, אָבער איך לאָז די הענט ניט אַרונטער. איך וויים, פון דעם וואָל וועט די מאַמע אויספּרעגטלען פאַר מיר אַ פּאָר איין־פינגערדיקע הענטשקעס.

* * *

## אויף אַ הויכן שטול

אַ קינד בין איך ווידער געוואָרן
און זיץ אויף אַ קינדערשן שטול:
מיט גלעזערנע לעמפּלעך און צאַצקעס,
מיין קינדערשער חדר איז פול.

איך שפּיל זיך מיט לעמפּעלעך קליינע,
מיט גלעזעלעך רויט, געל און גרין.
אָט צינד איך זיי אָן, אָט פאַרלעש איך:
איך שפּיל זיך אָן ציל און אָן זין.

אָ, לעמפּעלעך ליכטיקע, ריינע
איר ברענגט מיר מיין קינדהייט צוריק, —
דעם לאָמפּ מיט דעם מילך־ווייסן טעלער,
מיין מאַמעס מילד־האַרציקער בליק.

מיין מאַמע, זי האָט מיך געלערנט
אי לאַכן, אי ריידן, אי גיין
און פלעגט אין פאַרנאַכטן דערציילן
מיר מעשיות אי סטראַשנע, אי שיין.

זי האָט מיך פיל זאַכן געלערנט,
וואָס האָבן גענוצט מיר דערנאָך.
צום ביישפּיל: די ציפער פון זייגער,
די נעמען פון טעג פון דער וואָך.

זי האָט מיך די ציפער געלערנט,
דעם חשבון איצט מאַך איך אַליין;
פּונקט זעקס שפּרינג איך אויף פון געלעגער
און אייל זיך אין שאַפּ אַריין גיין.

מיין אַרבעטס־טאָג דויערט צען שטונדן,
פּאַר מיטאָג — פּונקט דרייסיק מינוט;
און ווידער דעם רוקן געבויגן,
געיאָגט ווי פון אונטער דעם קנוט.

מיין מאַמע, זי האָט מיך געלערנט
צו ציילן די טעג פון דער וואָך:
פון זונטיק ביז זונטיק איז זיבן, —
איך בין אַלע זיבן אין יאָך.

און נאָך זאַכן האָט מיר מיין מאַמע
דערציילט וואָס קלינגט איצט אַזוי שיין,
דערמאָן איך זי איצטער — מיר דוכט זיך:
בין ווידער אַ יונג נאָך, אַ קליין.

אַ קינד בין איך ווידער געוואָרן
און זיץ אויף אַ קינדערשן שטול:
מיט גלעזערנע לעמפלעך און צאַצקעס
מיין קינדערשער חדר איז פול.

מיין מאַמע איז געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקייט אָפּמוטשענדיק זיך אַ לאַנגע צייט. זי האָט געקראַנקט וואַסער אין בויך און האָט ניט געקענט שטיין אָדער ליגן אין בעט. זי האָט געמוזט זיצן, דעם קאָפּ אויף די עלנבויגנס, אָנגע־שפּאַרט אויף אַ טישל. אַזוי טעג און נעכט חדשים לאַנג. זי האָט קיינעם ניט שווער געמאַכט. האָט שטילערהייט געקרעכצט פאַר זיך. אַ פּאָר טעג פאַר איר טויט איז דאָס וואַסער אַליין פון זיך אַרויסגערונען פון איר. ווען זי האָט גענומען אויסגיין האָבן מיינע שוועסטער זי „אָפּגעשריען", אָבער אין אַ שעה אַרום איז זי געשטאָרבן.

מיין שוועסטער, באַשקע האָט מיך אַרומגענומען אַרום האַלדז, אירע הייסע טרערן זיינען געפאַלן אויף מיין פּנים און זי האָט מיך כמעט געצוואונ־גען צו וויינען.

*　　*　　*

מיין טאַטע האָט מיך ליב געהאַט אויף אַ מער שטורמישן אופן. איך געדענק ווי ער האָט מיך אַרומגעטראָגן אין שטוב אויף די הענט, ווען איך בין שוין געווען אַ היפּשער יינגל.

איינמאָל, נאָך אַ לאַנגן זומער טאָג, בין איך געקומען צולויפן אין שטוב, ווען עס האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן, אַן אָנגעשפּילטער און אַ הונגעריקער. די מאַמע איז געשטאַנעןביים אויוון און געקאָכט. איך האָב אַ פרעג געטאָן צי די וועטשערע איז שוין פאַרטיק. די מאַמע האָט געענטפערט, אַז נאָך ניט. בין איך אַוועקגעלאָפן אין דער לעצטער קאַמער און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט. איך בין געווען אויסגעמאַטערט און געהאַלטן ביים איינשלאָפן. מיטאַמאָל דערהער איך ווי דער טאַטע איז אַריינגעקומען אין שטוב און הויך אַ פרעג געטאָן: „ס'קינד האָט שוין געגעסן?" און נאָך דעם — ווי די מאַמע שרייט: „משוגענער, וואָס קערסטו איבער די טעפּ"?

געזעסן בין איך ביים עסן די שבתדיקע סעודות ביים טאַטנס רעכטער האַנט, ביז איך בין אַלט געוואָרן אַ פערצן־פופצן יאָר, געגעסן מיט אים פון איין טעלער; מיין קליינער חלק פלייש איז געלעגן אַנטקעגן זיינעם, דעם גרעסערן. אין די זומערדיקע שבת־טעג, ווען ער איז געגאַנגען שלאָפן נאָכן טשאָלנט, האָט ער מיך אַוועקגעלייגט הינטער זיינע פּלייצעס. אָבער מיך האָט געצויגן אין דרויסן צו מיינע חברים. פלעג איך זיך פּאַמעלעכינקע אויפהייבן פון בעט און אויף די שפּיץ־פינגער זיך אַרויסגנבענען פון קאַמער. דריי אַזייגער בייטאָג בין איך שוין געווען צוריק אין שטוב מעביר צו זיין די סדרה מיטן טאַטען.

אין מיטן מעביר זיין די סדרה האָט מיין שוועסטער געוויינטלעך צוגעטראָגן צוויי גלעזער קרעניצע־וואַסער מיט קאַרשן־סאָק. דאָס איז געווען זומער. ווינטער האָט זי דערלאַנגט טיי פון אַ ליאַק.

מיין טאַטע האָט מיך טאַקע ליב געהאַט, אָבער קיין חברשע געמיטלעכ־קייט, ווי מיט דער מאַמען, איז צווישן אונדז ניט געווען. אַזוי איז אויך געווען צווישן מיר און מיין ברודער, וואָס איז געווען מיט אַכט יאָר עלטער פון מיר. איך בין געווען אָפּנהאַרציקער מיט די שכנישע, דערוואַקסענע בחורים ווי מיט אים. איך האָב זיך געשעמט פאַר אים און מורא געהאַט, ער זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז איך בין שוין אויסגעוואַקסן. אויך ער האָט מיך ליב געהאַט און אפשר זיך געגרויסט מיט מיר, אָבער מיר האָבן קיינמאָל ניט גערעדט צווישן זיך אינטים.

## מיין טאַטנס כאַראַקטער

מיין מאַמעס אַ ווייטער קרוב איז געווען, נח־נחום, וואָס האָט געהאַלטן אַ וואַסער־מיל ניט ווייט פון אונדז. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש אין געגנט, געטראָגן אַ זילבערנעם זייגער און געהאַט אַ גרויס געזינד פון זין און טעכטער.

ער האָט די מיל געהאַלטן שוין לאַנגע יאָרן און איז געווען אַ חשוב ביי דער פריצטע, דער אייגנטימערין פון מיל. נאָך צוליב עפּעס אַ סיבה האָט ער זיך מיט איר צעקריגט, און אויפגעהערט צאָלן די ראַטע, פאַרלאָזנדיק זיך אויף דעם, וואָס ער זיצט שוין אין מיל אַזויפיל יאָרן און לויט דעם אָנגענומע־נעם געזעץ פון „דאַוונאָסט" וועט זי אים ניט קענען אַרויסוואַרפן. אָבער נאָך דריי יאָר משפּטן זיך, האָט זי אים יאָ אַרויסגעוואָרפן פון מיל און ער איז געבליבן ווי אויפן וואַסער. ער האָט געפּרואווט זיך נעמען צו אַנדערע געשעפטן, אי אויפן לאַנד, אי אין שטאָט, אָבער עס איז אים ניט געגאַנגען. דערווייל איז זיין ווייב געשטאָרבן, און די זין און טעכטער זיינען זיך צעפאָרן אין ווייטע מדינות און ער איז געבליבן אַליין עלנט און אָן אַ גראָשן געלט. האָבן אים מיינע עלטערן אַריינגענומען צו אונדז אין הויז.

מיין טאַטע מיט אים זיינען געווען אויף „דו" און ער איז געווען דער איינציקער פרעמדער מענטש וואָס האָט געזאָגט מיין טאַטן „דו".

עס פלעגט מיר זיין אי טשיקאַווע, אי אָנגענעם צו הערן ווי זיי „דוצן" זיך, די צוויי אַלטע פריינט.

ער האָט ביי אונדז געהאַט גרויס כבוד און פריינטשאַפט. פרייטיק צו נאַכטס און שבת בייטאָג האָט ער געמאַכט קידוש נאָכן טאַטן; אָבער עס איז אויסגעע־קומען ניט ווי דער צווייטער קידוש נאָכן טאַטנס, נאָר אַ זעלבסטשטענדיקער קידוש, ווי מען פלעגט גיין הערן אַ חזן אין דער אַלטער שול נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעדאַוונט אין אייגענעם בית־המדרש.

ווען מיין ברודער איז געגאַנגען דינען אין מיליטער, האָט נח נחום איבער־גענומען די פירונג פון מיל און דער טאַטע האָט אים קיינמאָל קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט. ניט אַזוי איז געווען מיט מיין ברודער מיט וועמען דער טאַטע פלעגט זיך כסדר אַרומקריגן.

מיר האָבן אים גערופן מיטן טיטול „רב". ער איז געווען אַ בר־אוריין און אַ ביסל חסידיש געניגט. האָט ער שבת אין דער פרי געהאַלטן דעם זוהר ביים טיש און אין אים פון צייט צו צייט אַריינגעקוקט און דאָס האָט צוגעגעבן חשיבות צום שבתדיקן מאָלצייט.

איך בין געווען דער איינציקער אין שטוב וואָס האָט זיך מיט אים אין די עלטערע יאָרן אַרומגעקריגט וועגן פרומקייט, אָבער אויך מיטן טיטול: „רב נח־נחום".

ער האָט מיט אונדז געוואוינט אַ פינף־זעקס יאָר און האָט נאָכדעם חתונה געהאַט מיט אַן אַלמנה אין אַ קליין שטעטל. זי האָט אים געבוירן אַ טאָכטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ שיין מיידל.

* * *

מיין טאַטע איז געווען אַ מענטש ניט קיין אָפּגעמאָסטענער אין זיינע האַנדלונגען מיט מענטשן, אַ פאַנטאַזיאָר. אין מסחר איז ער געווען ניט אויס־גערעכנט. צום ביישפּיל: נאָך אַ פאַוואָדקע, אַ פאַרפלייצונג, אַז דער שטראָם האָט אַוועקגעטראָגן אַ שטיק גרעבליע און געלאָזן נאָר די דאַרע אונטערשטע צווייגלעך, האָבן מיר געדונגען אַ צען אָדער מער גויים מיט פורן אויף אַ טאָג אָדער צוויי און זיי האָבן אָנגעגראָבן זאַמד אויפן פּריצישן פּאַסטערניק און די גרעבליע פאַרריכט. אָבער אַמאָל פלעגט זיך מיין טאַטע איינשפּאַרן, אַז ער וועט עס מאַכן ביליקער. ער פלעגט אַוועקפאָרן אויפן יאַריד און קויפן אַ דריי־פיר פערד, און אין איילעניש באַצאָלן אַ הויכן פּרייז, דינגען פיר גויים זיי זאָלן אַלע טאָג אַרבעטן מיט די פערד אויף דער גרעבליע. האָבן די גויים מיט די פערד געאַרבעט וואָכן גאַנצע און עס האָט געקאָסט אַ סך געלט און ווען זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען די פערד פאַרקויפט ווי אַ סחורה וואָס מען וויל דערפון פּטור ווערן, פאַר וויפיל עס האָט זיך געלאָזט.

ער איז געווען אַ גוטער פון דער נאַטור אָבער מיט קאַפּריזן. איינמאָל האָט אַ הונגעריקער שליאַכטשיץ אַוועקגענומען פון טיש אַ האַלבן לאַבן ברויט און זיך געלאָזט גיין אַהיים. אַז דער טאַטע האָט זיך דערוואוסט, האָט ער געהייסן אַן אַנדער גוי דעריאָגן דעם שליאַכטשיץ און אים ברענגען צוריק אין מיל ווי אַ גנב. אַז דער שליאַכטשיץ איז צוריקגעקומען אין שטוב האָט דער טאַטע אויף אים זיך צעשריען און אַוועקגענומען פון אים דעם האַלבן ברויט און אים געגעבן אַ גאַנצן לאַבן. אים האָט פאַרדראָסן, וואָס דער שליאַכטשיץ האָט זיך ניט געווענדט צו אים נאָר אַליין גענומען. וועגן דער חרפּה וואָס ער האָט דעם שליאַכטשיץ אָנגעטאָן פאַר אַנדערע גויים אין די אויגן, האָט ער ניט געטראַכט.

ער האָט זיך שטענדיק אַרומגעקריגט מיט מיין ברודער משה, וואָס האָט געפירט די מיל. אַז דער ברודער איז אַהיימגעקומען פון שטאָט יעדן — מאָנטיק און דאָנערשטיק אַרום צוועלף־איינס אַזייגער ביינאַכט, איז דער טאַטע אויפגעשטאַנען פון בעט און אים גענומען אויף אַ פאַרהער און עס איז געוואָרן אַ קריגעריי. ער האָט דעם ברודער אויסגעפרעגט אויף יעדער קאָפּיקע, וואָס ער, דער ברודער, האָט דורכן טאָג איינגעמאָנט פון אונדזערע מעלער און געשריען, אַז דער ברודער פירט שלעכט די מיל און פאַרטאַכלעוועט אַ פאַר־מעגן.

ער האָט זיך מתקנא געווען אין ברודער, וואָס יענער האָט אַ גלייכן קאָפּ און איז פראַקטישער פון אים אין געשעפט.

אַז מיין מאַמע איז געשטאָרבן איז מיין טאַטע געבליבן אַליין און אפשר גאָרניט געטראַכט פון חתונה האָבן נאָכאַמאָל. אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום, אַז מיין ברודער האָט זיך געקליבן חתונה האָבן, איז מיין טאַטע אַוועקגעפאָרן אין שטאָט און דאָרטן געשטעלט אַ חופה שטילערהייט. אויף מאָרגן נאָך דער חתונה, האָט מיין ברודער געבראַכט זיין ווייב צו אונדז אין שטוב און אין אַ פאָר שעה אַרום איז דער טאַטע געקומען צופאָרן פון שטאָט מיט ז י י ן נייער ווייב. אין שטוב זיינען אַריינגעקומען צוויי נייע באַלעבאָסטעס און מ׳האָט ניט געוואוסט ווער ס׳דאַרף פירן די באַלעבאַטישקייט, ביז די ייִנגערע, די שוועגערין האָט נאָכגעגעבן.

דערצו איז נאָך אין שטוב פון פריער געווען מיין שוועסטער, רייזע, וואָס איז געווען אַ כלה און האָט ניט געקאָנט חתונה האָבן צוליב די קרי־געריי צווישן איר חתן און דעם ברודער צוליב געשעפט־זאַכן; אָבער זי האָט געפירט די שטוב. און איצט, אַז עס זיינען אַריינגעקומען צוויי נייע באַלע־באָסטעס, האָט זי זיך ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן.

מיין טאַטע האָט זיך אַלעמאָל אַרומגעקריגט ניט פון שלעכטסקייט, נאָר פון ניט האָבן קיין טאַקט. אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אין מיל אָפּנעמען מעסטל ביי אַ גוי, האָבן מיר באַלד דערהערט געשרייען פון מיל אויפן הויכן קול. דער טאַטע האָט געמיינט, אַז דער גוי וויל אים אָפּנאַרן — דאַרף מען זיך קריגן מיט אים. פלעגט אָבער דער ברודער אַרויסגיין מאַכן אַ טאָלק און אַלץ איז צוגעגאַנגען אויף אַ שטילן אופן.

## אַ באַלעבאַטיש הויז

ביי אונדז איז געווען אַ באַלעבאַטיש הויז; ווערדליק פאַר דאָרף־איינ־וואוינער, אַפילו אַן אינטעליגענט הויז. מיין טאַטע איז ניט געווען קיין עם־הארץ. ער האָט געקענט אָפּלערנען אַ פרשה חומש מיט רש״י. אַלע שבת בייטאָג, ווען איך בין שוין געווען 15־16 יאָר אַלט, פלעגט ער מיט מיר מעביר זיין די

סדרה (איך האָב ניט געקענט אויפהויבן מיין קול און זינגען, דאָס האָט מיר אויסגעקוקט נאַריש) פון אַ גרויסן אין גוטן לעדער־געבונדענעם חומש מיט ל״ב פירושים. און נאָך דער העברה פלעגן מיר ביידע איבערזאָגן אָדער איבער־לייענען דעם כלי־יקר, וואָס קומט געוויינלעך באַזונדער נאָך דער סדרה. מיר האָבן אויך געהאַט אַ גאַנג משניות אין שטוב און מיינע עלטערע ברידער האָבן געלייענט העברעאיש און געהאַט אַ ביסל העברעאישע ביכער, ניט קיין סך, אָבער מער ווי אין אַנדערע הייזער. צו אונדז איז שטענדיק געגאַנגען אַ העברעאישע צייטונג אין שטוב, אַ זאַך וואָס איז ניט רגיל אַפילו אין שטאָטישע הייזער. מיינע עלטערע ברידער האָבן געלערנט ביי תנ״ך־מלמדים, אָבער פון מיר האָט דער טאַטע געוואָלט מאַכן אַ לערנער. האָט ער מיך געגעבן צו די בעסטע גמרא־מלמדים, וואו איך האָב געלערנט צוזאַמען מיט דעם רבס איניקל און דעם ראש־ישיבהס איניקל, כאָטש מיין האַרץ און מיין קאָפּ איז ניט געווען ביי דער גמרא. ווען איך בין שוין געזעסן אויף דער פור, וואָס האָט מיך געדאַרפט נעמען צו דער באַן אויף דער סטאַנציע גאָראָדייע און פון דאָרט פאָרן קיין אַמעריקע, איז מיין טאַטע צוגעקומען צו מיר און געפרעגט, ווי מען פרעגט עפּעס וועגן אַ ניט־וויכטיקער זאַך: „אפשר וואָלסטו פאָרט געגאַנגען צוריק אין ישיבה?״

מיר האָבן געהאַלטן אַ גרויסע מיל אין אַרענדע — אייגנטלעך צוויי מילן. דער טייך האָט אַרויסגעלאָזט פון זיך אַן אָרעם און עס זיינען געוואָרן צוויי טייכן און אונדזער שטוב איז געשטאַנען אויף אַן אינדזל. איין מיל איז געווען פאַר די גויאישע דערפער אַרום, וואו מען האָט געמאָלן קאָרן אויף ברויט און אין דער צווייטער מיל האָט מען „געפּיטליעוועט״ ווייץ פאַר אונדזער שטאָט און דערבייאיקע שטעטלעך. אונדזער מיל איז אַלעמאָל געווען די ערשטע אין געגנט, מיר האָבן די ערשטע איינגעפירט וואַלצן און דערנאָך טורבינען און אַנדערע נייע אויסבעסערונגען. מיר האָבן דאָס געמוזט טאָן, ווייל די אַנדערע מילן האָבן אונדז נאָכגעיאָגט און קאָנקורירט מיט אונדז.

אָבער ווייל מיר האָבן געוואָלט און געווען געצוואונגען, אַז אונדזער מיל זאָל זיין די בעסטע, האָבן מיר אַליין געלעבט אין דחקות און געווען פאַר־באָרגט אין חובות.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ תשוקה צו „סטרויען״. ער איז אָבער געווען אַ שלעכטער בעל־חשבון, ער פלעגט קויפן טייער און פאַרקויפן ביליק, ער איז שטענדיק אַרויס מיט הפסד. ער פלעגט אָנלייען געלט וואו נאָר ער האָט געקענט, ביי יידישע פּראָצענטניקעס און ביי שכנישע גויים. ער פלעגט אַראָפּברענגען מעכאַניקער פון פרעמדע שטעט זיי זאָלן בויען, און ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ גאַנץ קליינער יינגל און האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך אַרום. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז עס קומען אַ סך מענטשן, יידן און גויים און מען בויט. זעגן סקריפּן, העק הילכן, האַמערס קלאַפּן און העבעלס הויבן אויף ווייסע, שמע־קענדיקע סטרוזשקעס און עס איז מיר געווען פריילעך.

און אַפילו היינט, אַז איך גיי פאַרביי אַ קראָם וואָס מען בויט אָדער ווען איך הער פון אינעווייניק דעם קלאַנג פון האַק און האַמער, פרייט עס מיך און איך ווער ניט ברוגז אויף אַ שכן, וואָס קלאַפּט טשוועקעס אין וואַנט אויף דער צווייטער זייט. עס געפעלט מיר בכלל דער הילך פון האַק און האַמער.

מיר האָבן אָפט געהאַט „געסט", בעלי־חובות. צו אונדז פלעגט אַמאָל שבת צו וואַרמעס, קומען אַ שכן, אַ קריסט, האַלב פריצל, האַלב פויער. ער פלעגט זיך אַריינשפּאַרן מיט דער גרויסער פוזע און אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס און זיך אַוועקזעצן האַרט לעבן טיש ביים טאַטנס זייט. מען האָט אים גערופן: פּאַן סודניק. דער טאַטע פלעגט אים מכבד זיין מיט בראָנפן און קוגל. ווי איך האָב זיך דערוואוסט שפּעטער, ווען איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן, זיינען מיר אים שולדיק געווען געלט און מיר האָבן אים געמוזט דולדן ביים שבת־יום־טובדיקן טיש.

מיין טאַטע האָט מורא געהאַט צו ווייזן זיך אין שטאָט. איינמאָל, ערב פסח, קומענדיק אין שטאָט פאַרקויפן דעם חמץ און פירנדיק מיך פאַרן האַנט איבערן מאַרק, אין מרחץ אַריין, האָט אים באַגעגנט אַן עלטערע אידענע און אים באַפאַלן מיט קללות און זידלערייען. איך האָב בשעת מעשה ניט פאַר־שטאַנען, וואָס האָט די אידענע צום טאַטן. אָבער שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, פון אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרטן, אַז דאָס איז געווען אַ בעל־חוב, וועמען דער טאַטע האָט ניט געקענט באַצאָלן. דאָס זעלביקע איז געווען ווען מיין ברודער איז אויסגעוואַקסן און האָט געפירט דעם געשעפט. מיר האָבן געדאַרפט יעדע וואָך צאָלן וואָכער און שטייענדיקע חובות און אויסצאָלן דעם שניט־קרעמער פאַר אַ שוועסטערס חתונה־גאַרדעראָבע, וואָס מיר האָבן אָנגענומען אויף באָרג מיט אַ יאָר צוריק.

מיר זיינען געווען אַ גרויסע פאַמיליע: דריי זין און פיר טעכטער — מיט איידעמס און שניר, מיט אייניקלעך און אַ דינסט און אַן אַם פאַר אַ שוועסטערס אָדער אַ ברודערס אַ קינד. און אַלץ איז געהאַנגען אויפן מיל. עס איז קיינמאָל ניט געווען גרייט דער נדן, האָבן די מיידלעך געמוזט זיך עלטערן ביז זיי האָבן חתונה געהאַט. און אַז די איידעמס האָבן אָפּגעגעסן דעם קעסט, זיינען זיי אַוועק אין געשעפט און קאָנקורירט איינער מיטן צווייטן. פלעגן אויסברעכן מחלוקות. געוואוינט האָט מען אַ שטוב קעגן אַ שטוב. געקריגט האָבן זיך אַן אויסגעגעבענער ברודער מיט אַן אויסגעגעבענער שוועסטער אָדער כלה־מיידל, וואָס האָט ניט געקענט חתונה האָבן צוליב דעם וואָס עס איז קיין נדן ניט געווען און קיין איבעריקער צימער וואו זי זאָל קענען וואוינען מיט איר מאַן נאָך דער חתונה.

איך האָב זיך נישט געמישט אין די קריגערייען. אָבער מיין האַרץ פלעגט אַלעמאָל אָפּשטאַרבן אין מיר צוהערנדיק זיך און צוזעענדיק וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין שטוב. די וואָס זיינען נאָך געזעסן אויף קעסט, האָבן ניט דערלאָזט, אַז די ניט־אויסגעגעבענע זאָלן חתונה האָבן, עס וואָלט זיי געוואָרן ענגער.

עס איז שטענדיק געהאַנגען קריג, געשריי און היסטעריקע ביי אונדז אין שטוב. און דערפֿאַר אפשר קען קיין פרייד און קיין האָפערדיקייט מיט מיר לאַנג ניט הויזן. אַז איך גיי אין גאַס דוכט זיך מיר, אַז מ'יאָגט זיך נאָך מיר. איך בין עמפינדלעך צום קלענסטן גערויש, צום מינדסטן קריג צווישן פרעמדע מענטשן, פונקט ווי עס וואָלט געווען מיין קריג.

## קליינע פריידן

אַ חוץ די גרויסע געשעענישן אין אונדזער מיל, ווי בויען אַ נייעם בריק, איבערקומען די פּאָוואָדקע און אַ חתונה ביי איינער פון מיינע שוועסטער, זיינען געווען, כמעט אַלטעגלעכע פּאַסירונגען, וואָס האָבן אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט זיסער דערוואַרטונג אָדער מיט שטילע, געמיטלעכע איבערלעבענישן. יעדער חודש אין יאָר, כמעט אַלע פּאָר וואָכן נאָכן לוח נאָך, האָט געבראַכט עפּעס נייעס.

דאָס וואָס איך דערצייל וועגן זיך אַליין, קען איך מיט זיכערקייט זאָגן וועגן אַלעמען ביי אונדז אין שטוב.

## געגנדזעלעך פּיקן זיך אויס

באַלד נאָך פּסח, ווען דאָס ערשטע געגנדזעלע האָט מיטן שנאָבל אויפגעבראָכן די שאָלעכץ פון איי, האָב איך עס באַגעגנט מיט אַ פלאַטערנדיק האַרץ, ווי אַ נס האָט זיך עס אַנטפּלעקט פאַר מיר. פון אָנהייב נאָר אַ שוואַך, ביט זיכער קלעפּעלע, ווי איינער וואָס פּרואווט אַ פרעמדע טיר. דערנאָך אַ ביסל אַ שטאַרקער קלעפּל און דאָס איי ווערט אויפגעבראָכן אַ קליין ביסעלע. נאָר דאָס שנאָבעלע האָט ניט קיין כוח ווייטער צו קלאַפּן און מען מוז אים צוהעלפן. דער מענטש וואָס שטייט דערביי — מערסטנס איז עס געווען אַן עלטערע שוועסטער — ברעכט אויף אָפּגעהיט נאָך אַ קליין שטיקל לוסקע און עס באַווייזט זיך אַן אָפּגעווייקט פייגעלע מיט צונויפגעקלעפּטע פליגעלעך. אין אַ ווײַלע אַרום טוט עס אַן אַנדער צייטיק געוואָרן געגנדזעלע, וואָס רייסט זיך צו זען די ליכטיקע וועלט. ניט אַלע געגנדזעלעך ווערן געבוירן אין איין טאָג. אַנדערע פּראַלן אויף די טויערן מיט אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער. ביים געבוירן ווערן זיינען זיי אַזוי מילד און האָבן אַזאַ גרין־ראָזעווען קאָליר, ווי גרינע גראָז אין דער פאַרנאַכטיקער זון, אַז עס ווילט זיך אַריינגעמען דאָס קליינע שנאָבעלע אין מויל אַריין — וואָס מיר האָבן טאַקע אויך געטאָן.

## דאָס קעלבל

אין דער צווייטער העלפט פון ווינטער, אין חודש טבת אָדער שבט, אין די גרויסע פרעסט, האָט זיך אָפּגעקעלבט אַ בהמה, מען האָט דאָס קעלבל אַריינגעטראָגן אין שטוב, ווייל עס איז געווען צו קאַלט צו לאָזן עס אין שטאַל. עס האָט אַ פאַל געטאָן אויף די דינע קני, זיך געפּרואווט עטלעכע מאָל אויפ־

שטעלן און אומגעפאַלן צוריק; און צום סוף דאָך געבליבן שטיין אַ ציטערנ־דיקע און אַלע ווילע צוגעקראָגן מער כוח אין די פיס.

די מאַמע האָט עס געגעבן אין אַ דאַניצע פּוילע. אויף מאָרגן האָט עס שוין אַרומגעטאַנצט אין שטוב און אָנגעטאָן היזק. געקראָכן מיט דער ראָזעווער מאָרדע צו די טעפּ און פאַרטשעפּעט די בענקלעך.

די מאַמע האָט געבאַקן לאַטקעס פון דער קינפּעטאָרינס מילך, וואָס מען האָט גערופן „מאָלאָדזשינע״, און עס איז געווען אַ שטיקל געמיטלעכער יום־טוב; אַ פּריוואַטער יום־טוב פאַר אונדזער געזינד אַליין, ווי עס זיינען פאַראַן יום־טובים, וואָס האָבן נאָר אַ שייכות צו געוויסע שטעט אָדער גאָר משפּחות. מען רופט זיי: פּורים של כ״ג כסלו, אָדער פּורים של י״ד שבט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען צוריק אַריינגעלאָזט דאָס קעלבל צו דער מוטער אין שטאַל אַריין אויף עטלעכע טעג, עס זאָל זויגן פון דער מוטערס פּולע אייטערס און אָנקלייבן פלייש אויף זיך. צו דער וואָך האָט מען עס אַוועקגעפירט אין שטאָט צום קצב. די מאַמע זיינע האָט געמוקעט און געמוקעט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד.

## דאָס ראבע קעצל

עס איז געווען די אַלטע קאַץ, עלטער פון מיר; אַ היימישע, אַן אייגענע. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי, איז זי שטענדיק געלעגן אין בעט אויף מיינע פיס.

זי האָט זיך געקעצלט מיט זעקס אָדער מיט זיבן קעצעלעך אויף אַ מאָל, אָבער וויניק פון זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אָדער מיר האָבן זיי יונגערהייט אַוועקגעשאָנקן צו די גויים, וואָס פלעגן קומען אין מיל, אָדער אַ פרעמדער הונט האָט זיי פאַרצוקט.

מיר האָבן זיי געקאָרמעט מיט זיסע מילך אין אַ טעלער אויף דער ערד, זיי פלעגן זיך אַרומשטעלן און לעקן און קנאַקן מיט די ראָזעווע צינגלעך, מיר פלעגן שטיין און גוטמוטיק זיך צוקוקן.

געווען איין קעצעלע, אַ ראַבע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַ ביסל לענגער. זי איז געווען זייער אַ קלוגע און אַ גרויסע שטיפערקע. זי פלעגט זיך שפּילן מיט אַ צעלאָזענעם קנייכל פאָדעם, מיט אַן איינציקער שטרוי אויף דער פּאָדלאָגע, ווי מיט אַ מייזל; ווי נייע רעקרוטן מושטירן זיך מיט שטעקנס אָנשטאָט ביקסן. זי פלעגט אויפכאַפּן די שטרוי מיט די פאָדערשטע צוויי פיסלעך און באַלד אָפּשטויסן זי פון זיך צוריק און ווידער כאַפּן. אַז דער טאַטע איז געשטאַנען שמונה־עשרה און די ציצית פון טלית זיינען אַרונטערגעהאָנגען, פלעגט זי זיך אָנכאַפּן אָן אַ ציצה און אַ צי טאָן דעם טלית פון טאַטנס אַקסל. איך בין זיכער, אַז מער ווי איין ברכה פון די אַכצן האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג צום הימל, צוליב דער ראַבער קעצל.

ווער עס איז אַריינגעקומען אין שטוב, אַן אייגענער צי אַ פרעמדער, האָט איר אָנגעקוקט מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אין די אויגן. אַ פרעמדער הונט

האָט איר פאַרצוקט טאַקע ביי אונדז אין מיל.

מען האָט זי דערמאָנט אַפילו מיט יאָרן שפּעטער: „די ראַבע קעצל״.

## באָדן זיך

אין די גרויסע היצן זיינען מיר, יינגלעך, געלעגן אין טייך גאַנצענע טעג; אָבער פאַרנאַכט זיינען אויך געקומען די דערוואַקסענע זיך באָדן, איבער־הויפּט אין די פרייטיקס.

איך בין געווען אַ קנאַפּער שווימער, געקענט נאָר ליגן אויף דער פּלייצע און זיך אָפּשטופּן מיט די פיס אויף אַהינטער, ווי מען שטופּט זיך אָפּ פון אַ האַרטער זאַך, אָבער די עלטערע בחורים, אונדזערע שכנים, זיינען געווען מיידימס אין וואַסער. זיי האָבן געקענט שווימען מיט צעשפּרייטע הענט און פיס, ווי אַ זשאַבע; זיי האָבן געקענט זיך אונטערטוקן אין איין אָרט און אַרויסקומען אויפן וואַסער ערשט מיט אַ הונדערט טריט ווייטער. זיי האָבן אויך געקענט שווימען מיט אַ האַלבן גוף איבערן וואַסער, ווי זיי וואָלטן גע־גאַנגען מיט די פיס. אָבער ליב געהאַט האָב איך צו זען, ווי זיי „לייגן קלאַפּ־טער״: ווי זיי שטרעקן אויס אַ האַנט און ליגן זי אַוועק אויפן וואַסער־פלאַך, אַזוי שטיל און אָפּגעהיט, ווי דאָס וואָלט געווען די פּלייצע פון אַ מיידל, וואָס זיי רירן אָן.

די ווייבער און מיידלעך האָבן זיך געבאָדן הינטערן מיל, וואו דאָס וואַסער שטראָמט אַרויס פון אונטער די רעדער און עס איז אימפּעטיק און באַדעקט מיט ווייסן שוים. דער צוגאַנג צום אָרט, וואו זיי האָבן זיך געבאָדן, איז געווען דורך פאַרפלאָנטערטע הויכע געוויקסן.

קיינער האָט ניט געטאָרט זען און אַפילו וויסן וואו זיי באָדן זיך. פונ־דעסטוועגן האָב איך אַלעמאָל דערפילט, אַז די שטוב איז מיטאַמאָל ליידיק געוואָרן פון אַלע ווייבער און איך פלעג כאַפּן אַ קוק דורך אַ שמאָלן פענצטערל פון דעם הינטערשטן בוידעם.

די פרויען האָבן זיך אָפטמאָל געבאָדן ביינאַכט, ביים שיין פון דער לבנה. זייערע ווייסע לייבער האָבן שימערירט, ווי די וואַסער־מיידלעך, וואָס וועגן זיי האָב איך שוין געלייענט ביי די רוסישע פּאָעטן.

זונטיק אין דער פרי זיינען געקומען די גויים פון דאָרף זיך באָדן; אָבער זיי האָבן זיך אויסגעטאָן אויף אַן אַנדער אָרט און געשפּרונגען מיט מסירת נפש פון הויכן ברעג אין וואַסער אַריין. זיי פלעגן שווימען אויף אַ פּרימיטיוון אופן, בויטשן מיט די גראָבע פיס און זיך גיך אויסמאַטערן.

## מלחמות

אונדזער שטוב איז געשטאַנען ביים וועג. פאַר אַ וויאָרסט ווייט פון דער רעכטער זייט איז געווען דער ווייס־רוסישער דאָרף פון אַן ערך אַ הונדערט הייזער. און פון דער לינקער זייט, אויך אַזוי ווייט פון אונדז, זיינען געלעגן פינף קליינע פּוילישע דערפלעך, צו אַכט און צו צען הייזער אין אַ דערפל. די

דערפלעך האָבן געטראָגן נעמען נאָך די עלטסטע פון די משפחות. די איינ־וואוינער זיינען געווען זייער אָרעם אָבער זיך געהאַלטן גרויס ביי זיך. מען האָט זיך גערופן כסדר: „פאַן כאַמעץ", „פאַן סודניק", „פאַן זאַמוידע". זייערע פעלדער זיינען געווען פול מיט שטיינער און די זאַנגען זיינען געוואַקסן שיטער און מאָגער, אָבער זיי האָבן זיך ניט געקליידט ווי די דאָרפישע פויערים, ניט געטראָגן קיין לאַפּטשעס און קיין סערמיגעס, געמאַכט פון אייגענעם געוואַנט.

אונדזערע אַ לאַנקע אָדער פּאַשע ביים ברעג טייך האָט זיך געגרעניצט מיט זייערער. פלעגן די בהמות, אַמאָל אונדזערע, פאַרקריכן אויף זייער פּאַשע — און אַמאָל זייערע, אויף אונדזערע פעלדער. אַז זיי האָבן דערזען אונדזערע בהמות אויף זייער פּאַשע, זיינען זיי געקומען צולויפן און פאַרנומען זיי אין דערפל און מיר האָבן זיי דערנאָך געמוזט צאָלן אויסלייז־געלט. און פאַרקערט, אַז מיר האָבן דערזען זייערע קי אויף אונדזער לאַנקע, האָבן מיר זיי פאַרנומען און געבראַכט צו אונדז אין שטאַל און זיי, די שליאַכטעס, האָבן געמוזט קומען מיט דער היטל אין האַנט און בעטן זיך, אַז מען זאָל זיי אומקערן זייערע בהמות אָדער כאָטש לאָזן זיי אויסמעלקן, כדי די מילך זאָל ניט צעשפּאַרן די אייטער.

איז, אַז מיר האָבן דערזען פון ווייטן ווי די שליאַכטעס לויפן פאַרנעמען אונדזערע בהמות, האָבן מיר אַלע, אנשים, נשים וטף, מיינע ברידער און די אַרבעטער פון מיל, די שוועסטער און די דינסטמיידלעך, זיך אַרויסגעלאָזן פון שטוב און געלאָפן אָפּשלאָגן די קי פון געפאַנגענשאַפט. די מאַנסבילן האָבן זיך באַוואָפנט מיט שטעקנס און די ווייבער מיט ווילקעס, קאָטשערעס און אַבי וואָס עס איז זיי געקומען צו דער האַנט — אַפילו אַ האַקמעסער, האָט מען מיט־גענומען.

מערסטנס האָבן מיר פאַרנומען זייערע בהמות. מיר פלעגן זיי טרייבן אין פאַראויס מיט נצחון און טריאומף. עס האָבן נאָר געפעלט מלחמה־לידער און שלאַכט־פאַנען. די ווייבער האָבן זיך באַרימט מיט די גבורות וואָס די מאַנסבילן האָבן באַוויזן אין קאַמף. נאָך גרעסער איז געווען די שמחה, ווען מיר האָבן אָפּגעשלאָגן אונדזערע קי פון די הענט פון די פלישתים.

אָבער אין דער אמתן איז אין דער גאַנצער מלחמה געווען מער אויפ־רעגונג און שפּיל, ווי קאַמף. קיין בלוט איז ניט פאַרגאָסן געוואָרן און קיינער איז אַפילו ניט געקומען צוריק מיט אַ בייל אויפן שטערן. מען האָט נאָר געהאַט אַ האַלבן טאָג וואָס צו ריידן און דערציילן.

און די זעלביקע שליאַכטעס, וואָס האָבן מיט אונדז נעכטן געהאַלטן מלחמה, זיינען אויף מאָרגן געקומען אין מיל מאָלן זייער קאָרן, ווי די פריינד־לעכסטע שכנים.

## דער ניעוועד

ערב אַ יידישן יום־טוב פאָרן אָן פון שטאָט עטלעכע מעשטשאַנעס מיט אַ ניעוועד צו כאַפּן פיש. דער ניעוועד באַשטייט פון צוויי באַזונדערע געשטריק־

טע נעצן, וואָס מען לאָזט אַראָפּ אין וואַסער, אַ פּאָר הונדערט פוס איינע פון דער אַנדערער. אויף די אונטערשטע זוימען פון די נעצן הענגגן בלייענע געוויכטן, וואָס שלעפּן זיי אַרונטער ביז צום סאַמע דעק פון טייך. זיי בלייבן שטיין אַזוי ווי צוויי ווענט. דערנאָך ציט מען זיי מיט שטריק פון ברעג. איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, נעענטער און נעענטער, ביז זיי קומען זיך צונויף אַ באַק צו אַ באַק. און די פיש, וואָס געפינען זיך אויף דעם שטח, ווערן צו־נויפגעשפּאַרט צווישן די ווענט. דעמאָלט ציט מען די גאַנצע משאָ אַרויף אויפן ברעג, מען סאָרטירט זיי אויס לויט זייערע מינים נאָך: העכט, קאַרעסן, שלייען, אָקונס און גאָר קליינע פּלאָטקעס. מען לייגט זיי אָן אויף די ברייטע וועגענער און מען פירט זיי אַוועק אין שטאָט פאַרקויפן.

## ווענטשערס

אין אַ מיטן־זומערדיקן הייסן נאָכמיטאָג קומען פון אַ נאָענטן דערפל שלאַכטעס מיט ווענטשערס. דאָס זיינען אַזעלכע געשטריקטע נעצן, אַנגעטאָן אויף רייפן — גרעסערע און קלענערע. זיי זיינען קאָנוס־פאָרמיק — פון פאָרנט ברייט און וואָס טיפער אַלץ שמעלער, ביז זיי פאַרענדיקן זיך מיט אַ קנופּ. פון פאָרנט זיינען די ווענטשערס צוגעבונדן צו אַ הויכן פון אונטן פאַרשפּיצטן שטעקן. זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ היינטיקער לופט־באַלאָן. די פישער גייען צו פינף און זעקס פּאָר אַמאָל און טראָגן די נעצן אויף זייערע פּלייצעס. זיי גייען אַריין אין זייערע קליידער ביזן גאַרטל אין וואַסער; שטעלן אויס די ווענטשערס אין דער ברייט פון טייך, גראָבן זיי איין מיט די פאַרשפּיצטע שטעקנס אין ווייכן שליים און פאַרצאַמען דעם וועג פאַר די פיש. דערנאָך פאַר־גייען זיי אַ לאַנגן וועג אויף צוריק און מיט די פיס בויטשען זיי דאָס וואַסער און טרייבן אַריין די פיש אין די ברייטע מיילער פון די נעצן.

## אין אפּאַרניע

מיר האָבן אויך געהאַט אַן אופן ווי צו כאַפּן קליינע פישלעך. דאָס איז שוין געווען אַן ענין פאַר די קליינע יינגלעך און מיידלעך. דער מילנער לאָזט פּלוצים אַרונטער די זאַסטאַווקע, שליוז. דער שטראָם האַקט זיך אָפּ; דאָס וואַסער אַנטלויפט אויף די ביידע זייטן פון דעם הילצערנעם דיל, וואָס מען האָט גערופן „אַפּאַרניע״, אָבער די קליינע פּלאָטקעס אוספּייען ניט צו אַנטלויפן צו־זאַמען מיטן וואַסער, בלייבן זיי ליגן אויף די נאַקעטע ברעטער, צאַפּלען זיך און טאַנצן, ווי קליינע שטיקלעך זון־שטראַלן. דעמאָלט קומען די יינגלעך מיט פאַרקאַשערטע קאָלאָשעס און די מיידלעך מיט פאַרהויבענע קליידלעך מיט דאָניצעס און שיסלען, און קלייבן אויף מיט די הענט די לעבעדיקע פּלאָטקעס.

מען עסט זיי הייסערהייט
מיט סמעטענע און ברויט.

# דער אַרטעל

וואו זאָל מען מאַכן דעם מצה־אַרטעל?
אין מיל. וואַסער און מעל —
ביי דער האַנט. קלייבט מען צונויף
דריי מיידלעך פון „הויף"
איינע פון שענק און איגענע טעכטער
פיר. צוזאַמען אַכט.
ניט גענוג. האָט מען מיט אַ פור געבראַכט
„פייגעלעך" צווי: פייגעלע יונה דעם שמידס,
פון קליין־זשוכאָוויץ
און פייגעלע פון בורזשעוויץ.
הענט — צען גאַנצע פּאָר.
אַרבל פאַרקאַשערט,
מיט טיכלעך פאַרנומען די האָר,
האָט מען זיך געוואַשן און געכשרט
און געשטעלט מיט געזאַנג און געלעכטער
ביים טיש וועלגערן טייגלעך.
ביי אַ מעשענעם שיסל אויף אַ טאַבורעט
זיצט די פאַכטערקע און קנעט
און טיילט אויס די מעירע.
מיידלשע אָרעמס און הענט
וועלגערן מצות רונדיק און דין
און וויים ווי לייב.
און לייגן זיי אויפן רעדלערס טיש
ווי מען לייגט אַוועק צינדז ביים שרהס פּיס.
דער רעדלער, אַ בחור מיט אַ טשוב,
פאָרט מיטן רעדל הין און צוריק,
ביז דער גאַנצער מצה־בלאַט,
אַ גלאַטער און אַ רונדער,
איז צערונצלט און צעפּיקט.
און אין צווייטן עק שטוב
פאַר אַן אָפענעם אויוון, ווי אַנטקעגן דער זון,
שטייט האַלב־נאַקעט דער זעצער מיט די לאַנגע הענט,
מיט אַ פּנים, וואָס איז גלי און בלענד,
און וויקלט אַראָפּ פון אַ דינעם שטאָק,
אויפן גליאיקן טאָק, —
געדולדיק און צאַרט יעדער מצה באַזונדער,
ווי אַ מאַמע לייגט שלאָפן מיט אַ קוש און אַ גלעט

די קינדער אירע אין דער זויבערער בעט.
דער גאַנצער ישוב איז איין געזינד:
דער זעצער איז דער טאַטע, די קנעטערקע זיין ווייב,
די וועלגערקעס און דער רעדלער — די פּרוכט פון איר לייב,
טאַטע־מאַמע ציטערן איבערן איינציקן זון,
די שוועסטער ברענגען אים זייער מי און פאַרמעג,
ווי עס פירט זיך ביי יידן פון אייביקע טעג.

## געהילץ טרייבן

צום סוף ווינטער איידער דער טייך האָט געלאָזן, קומט אַראָפּ פון שטאָט אין גרויסן פוטער דער וואַלד־סוחר און רעדט צו אונדז מיט תקיפות, אַז לויטן געזעץ מוזן מיר דורכלאָזן דאָס געהילץ דורכן בריק אומזיסט. נאָר צוליב זיין גוטהאַרציקייט וועט ער אונדז פאַרגיטיקן מיט עטלעכע רובל. מיר האָבן אים געענטפערט צוריק מיט דער זעלביקער תקיפות און געשטעלט אונ־דזער מקח.

אי מיר, אי דער וואַלד־סוחר, האָבן געוואוסט, אַז כאָטש מיר מוזן אים געבן וואַסער, קענען מיר אים אָבער אָנטאָן אַ סך צרות ניט איבערטרעטנדיק דעם געזעץ. מיר קענען, אַנשטאָט צו עפענען נאָר איין שליוז אין בריק, כדי דאָס וואַסער זאָל זיין דאָרט הויך און עס זאָל זיין גרינג פאַר די גראָבע קלעצער דורכצוגליטשן זיך, קענען מיר עפענען עטלעכע שליוזן מיט אַמאָל און דער שטראָם וועט ווערן נידעריק און דאָס געהילץ וועט בלייבן ליגן, ווי אַ פיש אויף דער יבשה. מיר קענען אויך שפּעטער, ווען דאָס געהילץ וועט שוין זיין ווייט אַוועק פון אונדזער מיל, און דערגרייכן ערגעץ אַ פלאַכן אָרט, אויפן טייך, אָפּשטעלן דעם מיל און דאָס געהילץ וועט דאָרט בלייבן ליגן און ע ר, דער סוחר וועט מוזן ק ו י פ ן ביי אונדז וואַסער.

מען פלעגט זיך לאַנג דינגען, אַמאָל אַ פּאָר שעה און אַמאָל אַ גאַנצן טאָג; אַמאָל אויף אַ געלאַסענעם אופן און אַמאָל מיט אַ זעץ מיטן קולאַק אין טיש. סוף־כל־סוף איז מען דורכגעקומען.

## שאַפּאַרעס

אין די ערשטע וואָכן נאָך פּסח האָבן זיך פּלוצים באַוויזן לעבן אונדזער הויז פרעמדע גויים מיט לאַנגע בוסאַקעס אין די הענט. דאָס זיינען געווען די געהילץ־טרייבער, וואָס האָבן אָנגעזאָגט מיט זייער קומען, אַז באַלד, אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט אָנקומען דאָס געהילץ, וואָס זיי וועלן דורכלאָזן דורך אונ־דזער בריק.

צוזאַמען מיט זיי פלעגן אויך אָנפאָרן די שאַפּאַרעס, אָנגעשטעלטע פון די וואַלד־סוחרים, וואָס האָבן געדאַרפט אַכטונג געבן ווי דאָס געהילץ ווערט געטריבן, צי איז ערגעץ ניט געבליבן שטעקן אַ קלאָץ אין דעם אויר ביים

ברעג, אָדער דאָרט וואו דאָס וואַסער איז צו פליטקע. זיי, די שאַפּאַרעס, פלעגן בלייבן ביי אונדז אין הויז עטלעכע וואָכן, שוין לאַנג נאָכדעם ווי דאָס געהילץ איז אַדורכגעגאַנגען און האָט שוין אָנגעשפּאַרט וואו ביי אַן אַנדער מיל. דאָס זיינען געווען געזונטע און פריילעכע יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין. מיר פלעגן פאַר זיי מאַכן גוטע מאכלים; פּאַמפּושקעס און בלינצעס געפילט מיט קאַרשן און באַגאָסן מיט סמעטענע. זיי האָבן גוט באַצאָלט על חשבון הגביר. דאָס זיינען געווען די איינציקע פרעמדע מענטשן ביי וועמען מיר האָבן גענומען געלט פאַרן עסן. זיי האָבן זיך מיט אונדז גוט צונויפגעלעבט. אַנדערע פלעגן קומען פון יאָר צו יאָר און זיינען געוואָרן ווי אייגענע ביי אונדז אין שטוב.

## עס וואַכט זיין האַרץ

אַז דער טייך איז שוין אין די ברעגן צוריק;
די צעריסענע גרעבליע איז שוין פאַרריכט;
ביים מיל שטייען גויאישע פורן געדיכט
און אויף אַלע שליוזן איז פאַרמאַכט דער בריק.
די רינעס זיינען מיט וואַסער פול
די שטיינער זיצן אין די זאַטלען פעסט
און די שפע זיצט אין ברייטן שטול —
אַט דעמאָלט באַווייזן זיך וואו ניט וואו
די ערשטע, אָרימע חתונה געסט.
אַ שפּאַל, אַ שליפער. זיי שפּאַרן זיך צו
ביי אַ זומפּיקן ברעג, באַוואַקסן מיט גראָז,
און איינער ליגט אויפן וואַסער־גלאָז
פאַרשעמט, פאַרלאָרן, נאַקעטערהייט.
נאָר פאַר אַ יינגל פון דרייצן יאָר
וואָס האָט זיינע אויגן צעעפנט ברייט
איז דאָס אַ גרויסע שמחה גאָר.
עס וואַכט זיין האַרץ אַ גאַנצע נאַכט,
ער האַלט די אויגן ניט פאַרמאַכט.
ער לויפט צום פענצטער זען צי עס טאָגט —
דער מאָרגן — אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט.

## טעג פון נאָך פסח

די טעג פון נאָך־פסח זיינען גוטע טעג,
קיין בעסערע ניט צו געפינען.
אַ שאָד אַזאַ טאָג צו פאַרשלאָפן אין בעט, —
גיי אַרויס, הויב אים אָן פון באַגינען.

אַ נײַעם גרעזל וועסטו זען פֿאַרן שוועל,
אין סטריכעס אַ נײַעם פֿויגל;
אין אַן אָפּגעלייגטן ווינקל פֿון טײַך
דרייען זיך פֿישלעך, אין אַ בייגל.

אין אָט אַזאַ פֿרימאָרגן אין א י ר,
ווערט דער טײַך באַדעקט מיט אַ סטעליע
פֿון טונקל־קאַריגע דוב און יעל,
פֿון שפּאַלן און שליפֿערן געלע.

און מענטשן מיט דראָנגען אין די הענט,
הויזן איבער קני פֿאַרריסן,
שפּרייזן איבערן טײַך ווי כּישוף־לײַט
פֿון אַ מעשׂה־בוך אַרויסגעריסן.

זיי לייגן אויס קלעצער איינס הינטער איינס
באַהעפֿטן די עקן מיט דראָטווועס
און לייגן אויס אַ ווייסן וואַסער־וועג
ווי מען לייגט אויס אַ גרעבליע אויף בלאָטעס.

דער וועג פֿירט צו ביזן סאַמע בריק
וואו עס הענגען די זשליוזן אין ראַמען,
וואו עס פּאַטשן די רעדער, וואו עס שיפּט דער טײַך
זײַן פֿרילינגס־שפּע אין ניעמען.

און אַלע שליוזן ווערן צוגעמאַכט
נאָר איינע איז אָפֿן געבליבן,
אַהין גייט דער אימפּעט פֿון וואַסער, אַהין
ווערן קלעצער ווי שעפּסן געטריבן.

זיי גליטשן זיך פֿון הויכן וואַסער־וואַל
און טוקן זיך בלינדערהייט אונטער,
ווי קינדער וואָס שפּרינגען פֿון טאָרפּיקן ברעג
אין גרינלעכן וואַסער אַרונטער.

ערשט שפּעטער שטעקן זיי אַרויס די קעפּ
מיט וואַסער־צעפּ באַהאָנגען,
און פֿלאַכטעדיק פֿאַלן זיי ווידער אַוועק
ווי אונטערגעהאַקטע זאַנגען.

און לאָזן זיך טראָגן פון פול־ברוסטיקן טייך
צווישן הויכע, פאַרגליווערטע ברעגן
פאַרדרעמלט און מיד און חלומען געוויס
פון נאָך ניט באַשוואומענע וועגן.

מיין היים, איך קען דיך אַנדערש ניט זען
נאָר אין שיין פון זון אָדער שטערן
וויפיל וואָלקנס עס זאָלן איבער דיר ניט גיין
וועסטו אַנדערש פאַר מיר ניט ווערן.

## קאָרטן

אין די שבת־צונאַכטן, אַרום חנוכה, פלעגן שכנים מיט זייערע דער־וואַקסענע זין און טעכטער קומען צו אונדז שפּילן אין קאָרטן. זיי פלעגן אַריינקומען אין גרויסע גויאישע פּעלצן, פון וועלכע עס האָט געשלאָגן אי קעלט, אי וואַרעמקייט צוגלייך.

געשפּילט האָט מען אין „אָקע"; אַ קלוגע, אויסגערעכנטע, ניט קיין אַזאַרטע שפּיל, יעדנפאַלס ניט פאַר אונדזערע שפּילער. יעדערער פון די שפּילער האָט געהאַט פאַר זיך ליגן אויפן טיש צוויי קאָרטן מיט די פּנימער איינס צום אַנדערן און אַנדערע צוויי צונויפגעקושטע קאָרטן געהאַלטן אין האַנט.

אַמאָל האָט זיך צו אַ יונגעמאַן צוגעזעצט אַ יונגע שוועסטער אָדער אַזוי אַ שיינע מיידל, פאַר גוטן מזל וועגן, און אַ מיידל וואָס האָט געקענט שוואַך שפּילן, האָט זיך שעמעוודיק געלאָזט פירן פון אַ בחור, אַ ווייסער.

די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ווייניקער צו לאָזן דערגיין דעם קעגנער, דעם סוד פון די אייגענע קאָרטן און וואָס מער צו דערגיין פון דעם קעגנערס אַ וואָרט אָדער אַ מינע, דעם אינהאַלט פון זיינע קאָרטן.

מען האָט גערעדט געציילטע ווערטער, אַמאָל נאָר אַ וואונק מיט די אויגן אָדער אַ הויב מיט די ברעמען. דער וואָס האָט געהאַט דריי מלכים האָט געפּרואווט אָפּנאַרן דעם קעגנער מיט אַ זיפץ און דער וואָס האָט געהאַט צוויי אָרימע „אונטערס" אָדער „ביינטלעך", האָט געמאַכט אַ באַרימערישע מינע און געפּאָדערט פון דעם קעגנער, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבן אָן באַדינגונגען.

די הויפּט מחותנים זיינען געווען די טאַטעס, די געניטע געשעפטס־לייט, די געווינסן אָון אָנווערס — גריוויניעס.

עס איז געווען אַן אמתע מלוכה: די „טייז" זיינען געווען די קעניגינס, די מלכים — די שרים; די „מלכהס" — די הויף־דאַמען; די „אונטערס" די לייב־גוואַרדיע; די „צענטלעך" — די סוחרים; און די „ביינטלעך" — דאָס גרינג געשעצט פּראָסט פאָלק.

אַרום צוועלף אַזייגער ביינאַכט האָט די מאַמע אַרויפגעשטעלט אויפן טיש אַ שיסל מיט רעטשקענע לאַטקעס, איבערגעוואָרפן מיט פּוטער. פאַנאַנדערגיין זיך פלעגט מען שפּעט, נאָך האַלבע נאַכט.

# פורים

דער יום־טוב פורים איז ניט קיין יום־טוב ביי דער וועלט,
אָבער איך וואָלט אים ניט פאַרקויפט פאַר גאָר דער וועלטס געלט:
פאַר דעם לאַנגן ווינטער וואָס האָט זיך געעקט,
פאַר דער ערדס לייב וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט,
פאַר דער ליכטיקער זון, פאַר דעם פריילעכן זשום
פון וואַסערלעך וואָס יאָגן זיך פון אומעטום.
מען זעט ניט קיין מענטשן דאָך טראָגן זיך רייד
אין נאָענטן אַרום.
און הינטער אַ ראָג, דאַכט זיך, פּאַכעט אַ קלייד.

## ווי מען האָט געוואַשן שעפּסן

אין אַ טאָג אין מיטן סיון איז געקומען אין מיל דער פּקיד פון הויף מיט טעלעכע פּאַראָבקעס.

זיי האָבן אויסגעקליבן אַן אָרט וואו דער טייך איז שמאָל און דאָס וואַסער — אימפּעטיק, עס איבערגעצאַמט מיט אַ לאַנגער דראַבינע, דאָס וואַסער זאָל קענען פריי שטראָמען, אָבער אַ שעפּסענער קאָפּ זאָל ניט קענען דורכשטופּן זיך צווישן די געדיכט־אַנגעזעצטע פּלעקלעך.

אויף צו מאָרגנס האָט מען די גאַנצע סטאַדע געבראַכט צו טרייבן אויף דער לאָנקע ביי דעם רעכטן ברעג פון טייך.

אַ צענדליק יונגע שיקסעס און עלטערע גויעס זיינען געשטאַנען אין זייער אַנטועכץ ביזן גאַרטל אין וואַסער און צוויי שטאַרקע גוים האָבן אַלע ווילע אָנגעכאַפּט אַ שעפּס פאַר דעם אַש־גרויען, מיט שטויב־אָנגעגעסענעם וואָל, און אים אַריינגעוואָרפן צו די גויעס אין טייך אַריין.

די שיקסעס — זאַלבע צווייט, זאַלבע דריט — עס האָט זיך געווענדט אין דער גרויס פון דעם שעפּס — האָבן אַרומגענומען די טייערע מתנה, מיט די פינגער פאַרנאַנדערגענומען די געדיכטע וואָל און געלאָזן דאָס וואַסער פּלייצן מיט זיין אימפּעט.

דער שעפּס האָט זיך ניט געלאָזט, געדרייט מיטן קאָפּ, געשריען, ווי אַ פינף־זעקס יאָריק קינד, ווען די מאַמע וואַשט עס ערב שבת ביי דער מולטער און די זייף־מולינעס פאַרביטערן אים די אויגן.

דערנאָך האָבן זיי, די שיקסעס, דעם שעפּס אַרויסגעשטופּט איבער אַ קלאַדקע אויף דעם צווייטן, קעגנאיבערדיקן באַגראָזטן ברעג, וואו עס האָבן זיך געפּאַשעט די פריער אויסגעוואַשענע שעפּסן.

דער שעפּס איז געלאָפן מיט אַ וויינענדיקן מעע־מעע־מעע איבער דער לאָנקע, טענהדיק און מסרנדיק פאַר די אַנדערע שעפּסן, וואָס מען האָט אים געטאָן. האָט זיך אָבער באַלד, אַן אויסגעהונגערטער און אַן אויסגעמאַטערטער, צוגעכאַפּט זיך צום שמעקענדיקן גראָז. ער האָט פון צייט צו צייט נאָך אַלץ

געטאָן אַ מעקע, אָט ווידער ווי אַ קליין קינד, וואָס האַלטנדיק שוין די חלה מיט פוטער אין מויל, קען נאָך אַלץ ניט אָפּשטעלן די טרערן.

אויסגעוואַשענע, ווייסע, גריזשען זיי דעם פאַרנאַכטיקן זון־באַשיינטן גראָז און עס ווילט זיך זיי זאָגן: „ווי ווייס איר זייט, ווי שיין איר זייט, ווי ריין איר זייט".

אויב איר זענט פריער געווען פינצטער ווי אַש, זענט איר איצט ליכטיק ווי שניי.

# מיין ערשטער פאַרדינסט

אין דעם ווינטער „צווישן מינסק און וואַרשע" איז געקומען צו אונדז אַ סוחר, וועמענס האָלץ מען האָט געפירט פון אַ ווייטן וואַלד צו אונדזער טייך, און האָט מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל זיין דער אָפּנעמער פון די געהילצן ביים ברעג. ער האָט מיר געגעבן דערפאַר פופצן רובל פאַרן גאַנצן ווינטער, אַזוי לאַנג ווי דער וועג וועט שטיין.

אַזייגער איינס צוויי בייטאָג פלעגן אָנהויבן קומען די פורן, ווער מיט פיר־פירקאַנטיקע שפּאַלן אָדער מיט אַ קיילעכדיקן קלאָץ, אַמאָל אַ דריי־קלאַפּטערדיקער, אַמאָל אַ פירער און אַמאָל טאַקע אַ פינפער און אַ זעקסער אויך.

איך פלעג אָנטאָן דעם טאַטנס פּראָסטן פעלץ און די גרויסע, מיט לעדער אַרומגענייטע וואַליקעס און אַרויסגיין צום ברעג טייך.

דאָרטן האָב איך אין אַ ביכעלע פאַרצייכנט יעדן גויס נאָמען און וואָס ער האָט געבראַכט. דערנאָך, אַז עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַ צען־פופצן פויערים, זיינען מיר אַריין אין שטוב, וואו איך האָב אַרויסגעגעבן צו יעדן איינעם אַ צעטעלע, אַ קבלה, אויף דעם וואָס ער האָט געבראַכט.

דאָס צעטעלע איז געווען אַ קורצס און האָט זיך געלייענט אַזוי: „קבלתי על חשבון הגביר ראָזענבלום אַ פור מיט פיר שפּאַלן", אָדער „אַ קלאָץ פון אַזאַ און אַזאַ לענג". און זיך אונטערגעשריבן: יוסף ראָלניק.

די גויים האָבן אָנגעטראָגן אין שטוב שניי און בלאָטע, אָבער מיינע שוועסטער און דער ברודער האָבן עס אָנגענומען פאַר ליב, זיי איז געפעלן געווען וואָס איך לערן זיך צו פאַרדינען אַ רובל.

איך אַליין בין אויך געווען צופרידן מיט מיינע ערשטע פאַרדינסטן אין לעבן.

פאַר דעם געלט האָב איך זיך געמאַכט אַ נייעם גאַרניטור.

# אונדזערע שכנים

צווישן די שכנים אַרום אונדז, אויף אַ שטח פון אַ פּאָר רוסישע מייל, האָבן זיך געפונען יידן לומדים, קלוגע וועלט־מענטשן און אַפילו משכילים. איך רייד דאָ ניט וועגן די וואויל־לערנענדיקע איידעמס, וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד און געזעסן אויף קעסטביים שווער און שוויגער, אָדער גע־פירט די געשעפטן, וואו דער שווער האָט זיי אַריינגעזעצט. איך מיין ישובניקעס, וואָס האָבן דעם גרעסטן טייל פון לעבן פאַרבראַכט אין דאָרף אָדער אַזעלכע וואָס זיינען גאָר געבוירן געוואָרן אין דאָרף.

## יודאָרע

אַ ייד אַ זעכציקער, די באָרד אַ שאַרפער קלין;
ביז די טריט אַ זשופיצע פון ראַצעמאָרע.
דאָס איז ר׳ יודע אָרע וואָס וואוינט אין הויף,
נאָר אַרויסגערעדט האָט מען פאַרקירצט — יודאָרע.

צווישן בהמות, קעלבער, יונגע מעלקערינס,
די שיך פאַרשמירט אין מיסט פון דער אָבאָרע;
נאָר ביז נאָך האַלבער נאַכט, ביי אַ ווייסן טיש,
לערנט אויפן קול יודאָרע.

אין מסחר מיט דער שטאָט איז ער, דער לערנער, כולו דין,
זיינס נאָכצוגעבן — דאָס שטויסט דער יצר־הרע;
נאָר פאַר דעם יורדיקן און פאַרשעמטן ייד
עפנט ברייט דעם זאַק דער קעז־מאַכער יודאָרע.

אַ פּנים לאַנג און שמאָל, אַ קליין פאַרשטשעמעט מויל,
און טרוקענער פון קעז איז זיין הברה;
נאָר אַ בעל־בכי, אַ טיפער טרערן־קוואַל;
ביי אַ פּראָסטן שבת דאַוונען איז יודאָרע.

## מאָשע דאָבראַטשיצער

ווען איך בין שוין געווען אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן, האָט מען מיך איינמאָל אין אַ זומערדיקן באַגינען, געשיקט מיט אַ פור צו אַ יידן אין אַ דערפל, אַ פּאָר מייל פון אונדז, ער זאָל קומען מאַכן אַ טאָלק אין אונדזערע סיכסוכים צווישן ברידער און שוועסטער, איידעמס און שניר.

איך בין אַריינגעקומען אין אַן אָרימער, דאָרפישער שטוב, וואו דריי הויכע מוידן, מיט רויטע האָר און פנימער איינגעטונקט אין זומערשפּרינקעלעך,

זיינען אַרומגעגאַנגען האַלב־אָנגעטאָן און איינגעשטעלט לאַדישעס מילך אויף פּוטער, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אין שטאָט.

דער פאָטער איז געווען אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער ייד מיט אַ רויטער באָרד. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ קלוגן, געלאַסענעם מענטשן, מיט אַ גלייכן שכל און מען פלעגט אים רופן אויף בוררות. ער האָט געהאַט זין אויך אַזעלכע הויכע און רויט־האָריקע, ווי ער אַליין. זיי האָבן געקענט לערנען און געווען גרויסע בעלי־דיקדוק.

## געצל דער פאלענעצקער

אַ פינף וויאָרסט פון אונדז, אויף אַ זייטיקן טראַקט, האָט אַ מיטל־יאָריקער ייד געהאַלטן אַ קליין וואַסער־מילכל. מען האָט אים גערופן געצל דער פאַ־לענעצקער, אויפן נאָמען פון זיין דאָרף. אין די יונגע יאָרן האָט ער געשריבן אין „המליץ״. וועגן וואָס ער האָט געשריבן און מיט וואָס פאַר אַ נאָמען ער האָט זיך אונטערגעשריבן, ווייס איך ניט. עס איז געווען ניט פאַר מיינע יאָרן. אָבער די שכנים האָבן וועגן אים גערעדט אַ ביסל מיט חוזק און פאַרדאַכט, ווייל אַ שרייבער אין יענער צייט האָט ביי אונדז געמיינט: אַ פּראָשעניע־שרייבער; אַ באַשרייבער פון די שטעטלשע פּירונגען און מחלוקות און אַמאָל אַפילו אַ מסור. אָבער ער האָט גאָר געשריבן „מאמרים״. דאָס האָב איך זיך דערוואוסט צופעליק פון אַנדערע.

ווען איך בין שוין געווען אַ גרויסער, בין איך, פאַרבייפאָרנדיק זיין מיל, אַראָפּגעגאַנגען זיך באַקענען מיט אים. איך האָב אים געטראָפן טראָגן די מעסטל צום קאָס און אַן איינגעפּוליעטן פון קאָפּ ביז די פיס אין מעל. די מיל איז געווען אַ קליינע און האָט ניט געטראָגן צו האַלטן אַ מענטשן. איך האָב זיך געשעמט אים פאַנאַנדערצופרעגן וועגן זיינע אַרטיקלען אין „המליץ״. זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז געווען מנקר.

## אַברעמל ניעניצער

אין יענער געגענט, אין אַ גאָר פאַרוואָרפענעם ווינקל, וואוהין עס איז ניט געווען אַפילו קיין אויסגעפאָרענער וועג, האָט געהאַלטן אַ קליינע פאַכט פון אַ דרייסיק בהמות, אַ ייד, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט קומען צו אונדז אין מיל מיט אַ זעקל קאָרן אָפּצומאָלן אויף ברויט פאַר זיין הויז־געזינד. ער האָט אַריינגעבראַכט ליכטיקייט און זעליקייט מיט זיין קומען. ער איז געווען קליין־געוויקסיק און זייער רירעוודיק. ער האָט געהאַט אין זיך עפּעס ייִנגלשעס און שפּילעוודיקעס. ער איז געווען אַזוי גוטמוטיק־וויצלדיק, אַז עס איז געווען זייער פריילעך צו זיין מיט אים.

ראש־השנה און יום־כיפּור האָט ער געדאַוונט „אָנהייבנס״ ביים מנין. זיין קול האָט געקלונגען ווי אַ זילבערן גלעקל.

# יודל דער זשאַזשווייער

ניט ווייט פון אונדז, אין אַ הויף, האָט נאָך אַ ייד געהאַלטן אַ קליינעם פּאַכט ביי אַ פּריץ מיטן נאָמען „ווענדראָף". ער איז געפּאָרן אין שטעטל איינקויפן פּראָוויאַנטן פאַרן פּריצס שטוב, געגאַנגען אין שליחות און איז געווען ביים פּריץ „אַ מענטש".

אַרום און אַרום איז ער געווען אַ ייד אַן אַרימאַן.

ער האָט געהאַט אַ גרויס געזינד מיט דערוואַקסענע, פאַרגרעבטע טעכטער און אַ קראַנקן, שוואַכזיניקן זון.

יודל איז געווען אונדזערער אַ ווייטער קרוב. אַז עס איז געווען אַ שמחה ביי אונדז אין שטוב, אַ חתונה אָדער אַ ברית, איז ער געקומען צופאָרן.

זיינע מלבושים האָבן געטראָגן אויף זיך די סימנים פון אַן אָרימען, פאַרברודיקטן לעבן.

כאָטש ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר, פונדעסטוועגן האָט ער זיך מיט מיר געחברט. עס קען זיין, אַז ער איז געקומען צו אונדז נאָר כדי צו זען זיך מיט מיר און אויסריידן זיך פאַר מיר, ווייל ער האָט ניט געקענט אָדער ניט געהאַט פאַר וועמען אַנדערש.

מיר פלעגן ביידע אַוועקגיין ווייט פון שטוב און שמועסן וועגן העברעאישע ביכער, און שרייבער.

וועגן זיין אייגענעם לעבן האָט ער מיט מיר קיינמאָל ניט גערעדט: אָבער איך פאַרשטיי, אַז אַמאָל האָט ער מסתמא געלערנט גמרא אין אַ ישיבה און שטילערהייט געלייענט העברעאישע ביכלעך. ער איז אָנגעקומען פאַר אַן איידעם צו אַ ישובניק אין דאָרף. ווען ער איז אַראָפּ פון קעסט מיט זיין ווייב און אַ פּאָר קינדער, האָט ער שוין ניט געהאַט וואוהין צו גיין.

זיין באַליבטע טעמע איז געווען שלמה מיימון, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין אונדזער געגענט, לעבן דעם שטעטל „מאָהילנע". עס קען זיין, אַז ער האָט שלמה מיימונס פילאָסאָפיע ניט באַנומען און אַפילו זיין אויטאָביאָגראַפיע ניט געלייענט, אָבער עס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע טרייסט און אַ שטאָלץ צו וויסן, אַז אין אונדזער פאַרוואָרפענעם העק איז געבוירן געוואָרן אַ גרויסער פילאָסאָף, וואָס די אומות העולם, דערהויפּט זיין אייגענער, פוילישער פּריץ, האָבן געקענט זיין נאָמען.

אַ פילאָסאָף איז ביי אים געווען אַ גרעסערער יחסן, ווי אַ גרויסער רב, אַ גאון און אַפילו ווי דער שר משה מאָנטיפיאָרע.

# און איינער אַ שלעכטער שכן

גאָטס וועגן זיינען קלוגע און גערעכטע אויך,
ער הויבט אויף פון דער נידער, פון סאַמע שטויב
דעם געפּאַלענעם און פון וואָלקנס הויך
וואַרפט ער אַרונטער דעם גרויסהאַלטער און גביר.

אַ ביישפּיל זאָל אונדז זיין דער פּאַסעסאָר שייע־לייב,
וואָס האָט געפּריצט איבער הויפן פיר,
מיט פערד אויף דער סטאַווניע. לאַקייען ביי דער טיר.
און אַז ער איז געפאָרן אין קאַליאַס אויף די צוויי ווייסע פערד
איז אים געלאָפן אַנטקעגן ניט דער וועג, נאָר די גאַנצע ערד.
ער פלעגט געבן „שלום״ מיט די לעצטע צוויי פינגער פון האַנט,
מער פלעגט ער אונדז ניט פאַרגינען;
נאָר מיט אַלע פינף פינגער, מיט דער גאַנצער האַנט,
האָט ער געפּאַטשט דעם בעל תפילה ביים מנין,
וואָס האָט זיך שבת צום עמוד געשטעלט
איידער ער האָט אים באַפעלט.
ער׳ט פאַרבעטן צו זיך פון שטאָט די גבירים
און געמאַלצייטיקט מיט זיי זייט ביי זייט;
אָבער נאָר אַ קליינינקן טעפּעלע מיט יסורים
האָט זיין ווייב געהאַט פאַר די אָרימעלייט.
און אורחים האָבן זיין הויף אויסגעמיטן,
סיידן דער שבת האָט זיי פאַרכאַפּט אינמיטן.

אמת, שפּעט קומט דער משפּט, ווייל גרויס די געדולד,
נאָר גאָט האָט אויפגעמאָנט פון פּאַסעסאָר די שולד.
אויפן זעכצנטן יאָר פון זיין ממשלה —
האָט גאָט אויף אים אָנגעשיקט אַ גרויסע בהלה.
אַ שטורעם האָט אין פעלד זיין תבואה פאַרנומען
און ווינטער אַ פייער — זיינע שטאַלן פאַרלענדט.
און וואָס עס איז געבליבן פון פייער און ווינט
האָבן בעלי־חובות אויסגעלעקט ווי הינט.
און אַז ער האָט זיין ראַטע באַצאָלן ניט געקענט,
האָט אים דער גראַף פון הויף אַרויסגעשטעלט,
און די געזינד האָט זיך צעלאָזן איבער דער וועלט.

און די זין האָבן זיך אין אַפּטייקן געשטעלט קרייטעכער מישן
און די טעכטער האָבן געגעסן ביי איינגעבעטענע טישן.
און ער אַליין האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שאַנד
און מיט אַ כתב פון שטאָטישן רב אין האַנט
איז ער אַוועק איבער די טיפע וואַרשעווער הויפן
וויסאָצקיס טיי פון די קעשענעס פאַרקויפן.

* * *

**דאָ האָב איך געבראַכט נאָר עטלעכע נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן געוואוינט אויף אַ שטח פון עטלעכע מייל. די אַלע ישובניקעס, אַפילו די וואָס**

האָבן אַליין ניט געקענט לערנען און געווען פאַרטאָן אין פּרנסה, האָבן געהאַט אַ בענקשאַפט און אַ דרך־ארץ פאַר העכערע זאַכן. עס זיינען געווען צעזייט און צעשפּרייט אין די פּריצישע הויפן און אין די דערפער צווישן גויים, זין פון פאַכטאָרן, קרעטשמערס, סמאָליאַרניקעס און מיל־אַרענדאַרן, וואָס האָבן געלערנט אין ישיבות אָדער געגאַנגען אין אַ רוסישער שטאָטישער שולע.

די רייכערע יידן האָבן געהאַלטן גוטע מלמדים ביי זיך אין דער היים; און אַז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי גענומען וועלטלעכע לערער צו זיי. זיי האָבן אויסגעשריבן העברעאישע און רוסישע זשורנאַלן און געקויפט גוטע ביכער צום לייענען.

ביי אונדז אין שטאָט האָבן זיך געפונען עטלעכע זייער אָנגעזעענע באַ־לעבאַטים, וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ גערופן אויף די נעמען פון די דערפער, וואו זיי האָבן פריער געוואוינט.

# אונדזערע מילנער

## יודע דער הויפּטמילנער

יודע, דער הויפּטמילנער אין דעם נייעם מיל איז געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן. מיין טאַטע איז געווען עלטער פון אים. ער איז שטענדיק געווען אַ פאַרפּיליעטער, ווי ער וואָלט געטראָגן — סיי זומער און סיי ווינטער — אַ גאַרניטור פון ווייסן לייוונט.

ער האָט געהאַט אַ ווייב, מאַריאַשע, אַ הויכע, שיינע, גוראָטענע אידענע און זיבן קינדער, אַלע זין. די דריי עלטערע זין האָב איך כמעט ניט געקענט, ווייל זיי זיינען געווען גרויסע בחורים און האָבן געאַרבעט אין אַנדערע מילן. זיי פלעגן קומען אַהיים צו טאַטע־מאַמע נאָר אַמאָל אויף אַ יום־טוב.

די פיר ייִנגערע זיינען געווען — אָדער מיט אַ פּאָר יאָר עלטער, אָדער יינגער פון מיר, און מיר האָבן זיך געחברט, ווי מיר וואָלטן געווען איין משפּחה.

יודעס שכירות זיינען געווען ניט קיין גרויסע, אפשר אַ הונדערט און פופציק רובל אַ יאָר; אָבער עס האָט אים גאָרנישט ניט געפעלט. ער האָט גע־האַט אַ גרויסן גאָרטן הינטער אונדזער שטאַל, אַ שיינע קו, וואָס האָט פאַרשעמט אונדזערע בהמות מיט איר וואוקס און פולע אייטערס. סטאַדעס גענדז, ענטלעך און הינער האָבן פאַרדעקט דעם גאַנצן שטח אַרום זיין שטוב און מעל — שוואַרצע אויף ברויט און ווייסע אויף חלות, האָט ער גענומען פון מיל אַזוי ווי מיר.

זיין ווייב, מאַריאַשע, איז געווען אַ בריה. זי האָט שטענדיק געקאָכט און געבאַקן. אירע פּירעזשקעס און טייגלעך זיינען אַלע מאָל געווען געראָטן. אַז מיר פלעגט זיך פאַרבענקן אין אַ וואָך אַרום נאָך אַ יום־טוב, נאָך אַ געשמאַקן ביסן,

אַ נאַשעריי, האָב איך נאָר געדאַרפט אַריינגיין צו מאַריאַשען און זי האָט מיר געגעבן אַ שטיקל שטרודל אָנגעפילט מיט ראָזשינקעס.

זי האָט אויסגעלערנט איינעם פון אירע יינגלעך, דודן, אָפּצוקאָכן אַ וואַרמעס, אויסקערן די שטוב און מאַכן די בעט.

אונדזערע הייזער האָבן געלעבט גוט צווישן זיך, כאָטש באַהאַלטענע קנאה איז יע געווען פון אונדזערע ווייבער צו דער מילנערקע, צוליב איר שיינער בהמה, אירע פעטע גענדז און צוליב די שמאַלץ און פוטער, וואָס זי האָט געהאַט מער ווי מיר.

פורים צו דער סעודה האָט זי אונדז געשיקט אַלערליי טאָרטן און מיר האָבן איר אָפּגעשיקט טייגלעך מיט אַ גרויסער פלאַש 96ער פאַר יודען.

די שטיבעלע וואו די גאַנצע משפחה האָט געוואוינט איז געווען אַ קליינע; איינגאַנצן איין צימער. דער ברייטער אויוון פון איין זייט און אַ ברייטע קליי-דער-אַלמער פון דער צווייטער זייט, האָבן אין אַ ווינקל ביי אַ פענצטער אויס-געפּאַרמירט אַ קאַמער, וואו עס זיינען געשטאַנען צוויי בעטן ווי אַ „ד״. עס איז נאָך אַלעמאָל געווען אַ מלמד אין שטוב, וואָס האָט געלערנט מיט אירע זין און די שכנישע יינגלעך און מיידלעך.

עס פלעגט מיר זיין טשיקאַווע צו הערן, ווי יודע האָט זיך געקריגט מיט מיין טאַטן. דער טאַטע האָט נאָכאַנאַנד געשריען „דו, יודע״, און דער, יודע — צוריק מיט די העכסטע קולות פלעגט שרייען צום טאַטן נאָך אַלץ „איר, ר׳ וואָלף!״

געקריגט האָט מען זיך דערפאַר, וואָס יודע פלעגט אין אַ מיטן יאָר וועלן אַ ביסל שכירות און דער טאַטע האָט ניט געהאַט וואָס צו געבן אים.

איך האָב פאַרשטאַנען דעמאָלט, נאָך אַלס קליינער יינגל, אַז דער „ר׳ וואָלף״ איז געווען ניט נאָר ווייל מיין טאַטע איז געווען עלטער פון יודען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס ער איז געווען זיין ברויטגעבער.

געקריגט האָט מען זיך אין אָפענעם דרויסן. די הייזער זיינען געשטאַנען איינע קעגן די אַנדערע אַ דריי הונדערט פוס ווייט. אין מיטן איז געלעגן די ברייטע גרעבליע, איז אָדער מען איז אַרומגעגאַנגען איבער דער גרעבליע איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן הין און צוריק, אָדער איטלעכער איז אַרומגעגאַנ-גען לעבן זיין אייגענער שטוב, אויך הין און צוריק און געטענהט און געשריען.

* * *

מאַריאַשע, די מילנערקע איז געשטאָרבן ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר צוועלף-דרייצן. איך געדענק ווי איך בין געזעסן אַנטקעגן איר בעט און צו-געזען ווי זי מאַטערט זיך אין די לעצטע שעהן פון איר לעבן.

איר מאַן און די קינדער, זיינען אַוועק צום מנין — עס איז געווען שמינה עצרת און זיי זיינען געווען כהנים, האָבן זיי געדאַרפט דוכענען, בענטשן דעם עולם, כאָטש עס איז געווען נאָך אַ משפחה כהנים וואָס האָבן געדאַוונט ביים מנין, אָבער זיי האָבן מסתמא ניט געוואָלט דורכלאָזן די מצוה פון דוכענען. האָט מיך מיין מאַמע געשיקט, אַז איך זאָל היטן דעם גוסס.

נאָך זיין ווייבס טויט, האָט יודע אַריינגענומען אַ דינסט־מיידל אין שטוב, וואָס איז געשלאָפן אויפן אויוון.

איינער פון זיינע זין — דער מיטלסטער, יאָשע, — האָט געוואוינט אין אַמעריקע און איז געוואָרן זייער רייך. האָט ער צוגענומען דעם טאַטן מיט די קלענערע ברידער קיין דע־מאָיען, אַמעריקע.

## קהת

אַ קאַלטער ערב פּסח פּאַרנאַכט. דער גרויסער אויוון האָט געפלאַקערט. די שטוביקע מענטשן זיינען געווען פאַרהאַוועט, אַרומגעלאָפן הין און צוריק פון איין שטוב אין דער צווייטער. אויסגעשטעלט די כוסות אויפן טיש, געשטויסן מצה אין אַ גרויסער סטופּע, געשאָבן כריין, וואָס מ׳האָט ניט לאַנג געבראַכט פון פעלד און צוגעגרייט דעם חרוסת.

אין יענעם ערב־פּסחדיקן פאַר־ליכט־בענטשן, האָט זיך אַן עפן געטאָן די דרויסנדיקע טיר און אַ יונגער בחורל פון אַ יאָר 15־16 איז ווי אַריינגעפאַלן אין שטוב און איז גלייך צוגעלאָפן צום ברענענדיקן אויוון, אָנצואוואַרעמען די צעפראָרענע פינגער פון די הענט.

ער איז געווען אַ טונקעלער, כמעט אַ שוואַרצער און אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ לאַנגער, ניט פאַר אים גענייטער, קאַזאַטשינקע.

מיר האָבן זיך אַלע געוואונדערט ווער דאָס קען זיין; נאָר דער טאַטע איז אַריין פון דער צווייטער שטוב און האָט אים גלייך דערקאָנט. דאָס איז געווען זיינס אַ פאַרשטאָרבענעם ברודערס אַ זון.

מיין טאַטע האָט געהאַט דריי ברידער. איינער האָט געוואוינט אין דעם דאָרף זשוכאָוויץ ניט ווייט פון אונדזער הויז און האָט געהאַלטן אַ קראָם פון זאַלץ, גאַזע, קאַרטון און אַנדערע ביליקע סחורות פאַר די גויים.

צוויי אַנדערע ברידער זיינע, זיינען געשטאָרבן יונג און איבערגעלאָזן נאָך זיך יתומים. זיינען די קינדער פון איין ברודער — מאַטעס — געוואָרן: איין זון אַ באַלמעלאָכע און געוואוינט אין דעם שטעטל נאָווי־האָראָדאָק און דער צווייטער זון איז געווען אַ לערער, אַ משכיל און געוואוינט אין דעם שטעטל קוידענאָוו. נאָר די קינדער פון דעם צווייטן ברודער האָבן זיך אַרומגעשלייעט אין דער שטאָט מינסק. אַז דער טאַטע איז אַמאָל געקומען אין מינסק, האָט ער זיי אויפגעזוכט און געהאַט אַ סך האַרצווייטיק פון זיי. אפשר האָט ער זיי אַ ביסל געהאָלפן מיט געלט, אָבער געשריען אויף זיי האָט ער גאָר אַ סך. דער בחורל, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו אונדז אין שטוב איז געווען דער ייִנגסטער פון שמעונס, דעם טאַטנס צווייטן ברודערס, פיר זין.

דער טאַטע האָט אויך דאָס מאָל זיך צעשריען אויף אים און אים אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען: קעשעניק און גנב (איינער פון די פיר זין, טעוול, איז טאַקע געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער גנב).

* * *

ער, קהת, איז ביי אונדז אָפּגעווען דעם יום־טוב פּסח און נאָך יום־טוב האָט דער טאַטע אים צוגענומען אין מיל אַלס אַן אַרויסהעלפער. זיין אַרבעט

איז געווען צו טראָגן מיט די מעל־פּאַרוואַקסענע טרעפּ די מעסטל אויפן קאָפּ צום קאָס. דאָס גאַנצע מעל איז דורכגעגאַנגען עטלעכע מאָל פון קאַסטן צום קאָס און פון קאָס צוריק צום קאַסטן, ביז וואַנען עס איז געוואָרן עכט־ווייס און אַ ביסל פאַרטראָגן אין אַ געלקייט, „קאסקע", האָט מען יענע מעל גערופן. דאָס איז געווען דער בעסטער סאָרט מעל, וואָס די מיל האָט אַרויסגעגעבן. דערנאָך האָט מען דעם מעל אַרויסגענומען פון גרויסן קאַסטן און עס אָנגעשאָטן אין זעק צו פינף פּוד אין אַ זאַק. די מיל איז געווען וואַך אי בייטאָג אי ביינאַכט. אויף די ביישטידלעך פון די פענצטער זיינען געשטאַנען קליינע, בלעכענע לעמפּעלעך מיט פּיטשינקע קוימענדלעך. פון זיי האָבן אַרויסגעשטעקט קליינע וואָלענע קנייטעלעך, וואָס האָבן געברענט מיט אַ קליין פייערל און פאַרשפּרייט אַ טונקעלע ליכטיקייט איבער דער מיל.

אין מיל אויפן צווייטן גאָרן, אין דעם מזרח־צפונדיקן ווינקל, איז געווען אַ קאַמערל, אויסגעבויט פון ברושעס. מען האָט עס גערופן „דאָס שטיבעלע". דאָרט איז געשטאַנען אַ הילצערנער וואַרשטאַט מיט געצייג פאַרן מילנער. אַ ברייטע קלאָץ אויף וואָס דער מילנער האָט געהאַקט און געטשעסעט האָלץ צו פאַרריכטן ווען עס איז עפּעס קאַליע געוואָרן אין מיל. צוויי הילצערנע בענק, צונויפגעשלאָגן פון רויע ברעטער מיט עפּעס אַ האַרטן אָנבעט צו שלאָפן אויף דעם און אַ ציגלנע אויוועלע, באַשלאָגן מיט אייזנבלעך. אַז איין מילנער איז געשלאָפן האָבן די איבעריקע דריי געוואַכט ביים קאַסטן און געטראָגן די מעסטלאך צום קאָס און אַפילו דער וואָס איז געשלאָפן, איז געווען האַלב־וואַכעדיק און זיך איינגעהערט צי די שטיינער גייען גלאַט, צי עס סקריפּעט ניט אַ ראָד, ווי מיין רבי אלי מרימ׳ס, שלאָפנדיק אויפן באַנק לעבן טיש, האָט זיך איינגעהערט צי מאַכט ניט ווער פון די תלמידים אַ גרייז איבערחזרנדיק די גמראָ פון נעכטן.

שבת האָט קהת גערוט, כאָטש געשלאָפן איז ער אין מיל, אין שטיבעלע. אָבער צו קבלת שבת האָט ער געדאַוונט מיט אונדז צוזאַמען און געגעסן ביים אַלגעמיינעם טיש, ניט ווי אַ גאַנצע וואָך ביי דעם טיש וואו די גויאישע אַרבעטער עסן.

קהת האָט אָפּגעאַרבעט ביי אונדז אין מיל ביז ער איז געוואָרן 21 יאָר און איז אַוועק דינען דעם קיסר אויפן אמור.

ער איז געווען אַ שטילער, האָראָפּאַשנער בחור און געווען פאַררעכנט ווי איינער פון דער משפחה. איך געדענק ווי מיר האָבן זיך אינטערעסירט און זיך געפרייט, ווען ער האָט אויף זיין 18טן יאָר אָנגעטאָן אַ נייעם גאַרניטור אויף ראש השנה, אַ שוואַרצן מיט ווייסע קעסטעלעך.

אַז ער האָט אָפּגעדינט זיינע דריי יאָר מיט אַכט חדשים, איז ער ווידער געקומען צו אונדז, ווי צו אַ מאַמען אַהיים. ער האָט ווידער אָפּגעאַרבעט ביי אונדז אַ צוויי יאָר. זיינע שכירות זיינען געווען 70 רובל אַ יאָר, נאָר פאַר דעם לעצטן יאָר האָבן מיר אים ניט באַצאָלט.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט און איך בין שוין געלעגן אין בעט. דער טאַטע איז מיט קהתן געזעסן ביים טיש און געמאַכט אַ חשבון פון דער הכנסה און הוצאה פון דער מיל און עס איז אויסגעקומען, אַז זי טראָגט ניט גענוג צו באַצאָלן אים פאַר זיין אַרבעט. און עס איז טאַקע געווען אמת. קיין גרייט געלט איז אין שטוב ניט געווען.

איז אויף מאָרגן קהת אַוועקגעפאָרן קיין מינסק אַרבעטן אין דער גרויסער מיל „סערעברענקאָ״, איבערלאָזנדיק אַ יאָר שכירות ביי אונדז אין מיל.

ער האָט אין מינסק חתונה געהאַט מיט אַ טויבער מיידל און אַוועקגעפאָרן אין לאָנדאָן זוכן אַ בעסער לעבן.

ווען איך בין מיט יאָרן שפּעטער געקומען אין לאָנדאָן האָב איך אים אויפגעזוכט און געגעסן ביי אים אַ מיטאָג. נאָכן עסן האָט מיר זיין פרוי אויפֿגעוואָרפן, אַז ווען ביי אונדז אין מיל איז מען געפאָרן אויף אַ פּאָר פערד אין שטאָט אַריין, האָט מען אים, קהתן ניט באַצאָלט פאַר אַ יאָר שכירות. איך האָב זיך פאַרשעמט און ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. פון אים אַליין האָב איך קיין איין בייז וואָרט ניט געהערט.

אין לאָנדאָן האָט ער געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון שאָקאָלאַד און פאַר־דינט אָנדערהאַלבן ענגלישע פונט אַ וואָך, וואָס האָט אפשר אויסגעמאַכט ווייניקער ווי 70 רובל אַ יאָר פאַר אים מיט זיין וויב און צוויי קליינע קינדער.

קהת׳ס עלטערע ברידער, ווען זיי זיינען געווען סאָלדאַטן — פריער איינער און נאָכדעם אַ צווייטער — פלעגן קומען צו אונדז אויף פּסח. ביידע שיינע, ציגיינעריש־שוואַרצע בחורים, מיט מוסקולירטע אָרעמס. איך געדענק זיי שטייענדיק אין מיליטערישע גרינע רובאַשקעס און שטויסנדיק מצה אין אַ סטופּע אויף פאַרפּעלעך און מעל.

ביידע זיינען געווען שלאָסערס אין מינסק. זיי פלעגן צובויען די אייזערנע באַלקאָנען צו די פענצטער פון די הויכע און שיינע מויערן.

ביידע האָבן באַלאַנגט צום בונד און איינער, דער יינגערער, אבא, האָט זיך באַנאַרישט אין דער באַוועגונג און מ׳האָט אים אָפּגעגאָסן דאָס פּנים מיט קאַרבאָליק. זיין וויב האָט אים פאַרלאָזט. זיי האָבן געהאַט אַ טאָכטער, אַ יונג מיידל, זייער אַ שיינע און אַ טאַלאַנטפולע פּיאַנאָ־שפּילערין, וואָס האָט גע־וואוינט מיט דער מוטער.

ווען איך בין געווען אין מינסק, אין 1906, האָב איך דער מוטער און דער טאָכטער געזען. זיי האָבן געוואוינט אויף טורעצקער באַרג אין דעם הויז פון גאניטש און געהאַלטן עטלעכע קוואַרטיראַנטן. ווען איך בין געווען ביי זיי האָבן דאָרט געוואוינט קלמן רייזען (אברהם רייזענס פאָטער), זיין זון, זלמן רייזען און כאַטשע מונוועז.

## דער מילנער ראָמאַן

עס איז געווען אַ הייסער און טרוקענער זומער. תבואות אויף די פעלדער זיינען צעברענט געוואָרן. פּאַשע־גראָז האָט אויסגעטריקנט און בהמות און

שעפּסן זיינען אויסגעגאַנגען פון דאַרשט און הונגער. וואַסער־מילן האָבן ניט געקענט מאָלן, דאָס וואַסער אין טייך איז איינגעפאַלן, ניט געקענט צוקומען צו די רעדער. דער שטרוי אויף די דעכער פון שטיבער האָט אויסגעטריקנט און זיך אָנגעכאַפּט אָן יעדן דורכפליענדיקן פונק און איינציקע הייזער און דערפער גאַנצע זיינען אַוועק מיטן רויך.

ערשט תשעה־באָב אַרום דריי אַזייגער בייטאָג, נאָכדעם ווי אַלע יידן זיינען אין די זאָקן געקומען פון בית־עולם, איז מיטאַמאָל שוואַרץ געוואָרן דער הימל און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאַוואַליצע. עס האָט געגאָסן דריי טעג און דריי נעכט. מען האָט געמיינט עס איז געקומען אַ צווייטער מבול.

מיר איז דאַן געגאַנגען פון ניינטן אויפן צענטן יאָר און איך האָב געלערנט ביי אַ מלמד אין שטאָט.

מיין עלטסטע שוועסטער האָט געבוירן אַ יינגל און שבת האָט געדאַרפט זיין דער ברית. פרייטיק פרי איז געקומען אַ פור נאָך מיר מיטן מוהל און אויך איינצוקויפן עסנוואַרג פאַר דער שמחה.

די קאָלייעס אויפן וועג זיינען געווען פול מיט וואַסער. עס האָט מער ניט גערעגנט; אָבער דער הימל איז געווען וואָלקנדיק און בלייך, ווי צווישן איין רעגן און אַ צווייטן.

אַז מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג פון באַרג, וואו דער וועג פאַלט אַרונטער אין טאָל, אַרום צוויי וויאָרסט פון אונדזער שטוב, האָב איך ניט דערקענט דעם גאַנצן געגנט. דער טייך איז געווען אויסגעשטרעקט אויף אַ וויאָרסט די ברייט און אויף אַ רוסישן מייל די לענג. וואָס נידעריקער און נעענטער מיר זיינען צוגעקומען אַלץ ברייטער און לענגער איז דער טייך געוואָרן. ער האָט צוגעדעקט די לאָנקעס און די גרעבליעס, וואָס הויערן גע־ווינטלעך איבער די לאָנקעס. אַלץ איז געוואָרן איין שטיק וואַסער. נאָר די פינף בריקן, פיר קלענערע און איינער אַ לאַנגער, האָבן זיך געפינטלט אויפן וואַסער, ווי פלעשער־קאָרקעס אין אַ מולטער וואַסער און די צוויי מילן און אַ פּאָר קליינע שטיבלעך האָבן זיך איינגעעקשנט און ניט געוואָלט גיין מיט דער פּאַוואָדקע. די פור איז געפאָרן ביז די קלעצלעך פון די רעדער אין וואַסער. איך האָב געציטערט דער אימפּעט פון דעם לויפנדיקן שטראָם זאָל אונדז ניט אַראָפּשטויסן פון וועג.

מיר זיינען מיט דער פור צוגעפאָרן האַרט צום שטוב, וואו עס איז גע־לעגן אַ הויכער סמיעטניק און האָט דעם וואַסער ניט געלאָזט צוקומען.

אין שטוב איז געווען טומלדיק און פריילעך, ווי אין אַן ערב־שבת און אַן ערב־שמחה דערצו. די ווייבער זיינען אַלע געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן דעם שבת און אַלע ווילע געפרעגט ביים אַריינקומענדיקן ראַמאַן, דעם מילנער אין דעם אַלטן מיל, וואָס עס הערט זיך ביי דער קינפּעטאָרין. די קינפּעטאָרין איז געלעגן אין אַ צווייטער שטוב ניט ווייט פון אונדז. אַז מען האָט געדאַרפט עפּעס ברענגען פון איין שטוב אין דער צווייטער, האָט עס

געטאָן ראַמאַן מיט דער טשייקע (אַ קליינע שיפל פאַר אַ דריי־פיר מענטשן).

ער האָט אויך געבראַכט דעם מוהל צו דער קינפּעטאָרין און דעם מנין יידן פון דאָרף שבת אינדערפרי צום דאַוונען.

* * *

ראַמאַן איז געווען אין דער צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו דערקענען מענטשן אַרום זיך, אַ מאַן פון אַ יאָר פינף־זעקס־און־דרייסיק; מיט לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס און אַ געדיכטן קאָפּ האָר, אָפּגעשאָרן פון הינטן גלייך איבערן האַלדז, ווי מיט אַ שווערער האַק אָפּגעהאַקט. ער איז געווען אַ דאָרפישער גוי, וואָס האָט ביי אונדז געאַרבעט אַלס מילנער פון זיינע יונגע יאָרן אָן. ער האָט געהאַט „גאָלדענע הענט". זיינע „פינגער" און „קולאַקעס" *) צו די רעדער זיינען געווען פיין און גלאַט. אַ הויפן פון זיי אויף דער פּאָדלאָגע פון מיל איז געווען אַ פאַרגעניגן אָנצוקוקן, ווי אַ נייע טאַש צעשאָטענע קאָרטן אויף אַ טיש.

ער האָט פאַר אונדז אויך געמאַכט די גרויסע בעטן מיט די פאַררונדיקטע בילצעס און די קליינע, רויטע טאַבורעטקעס, וואָס האָבן פאַרביטן די לאַנגע באַנק אַרום טיש און אַפילו דעם רויט־אָפּגעפאַרבטן אָרון־קודש פאַר דער רייניקייט.

אַז ער האָט זיך אַמאָל אָנגעשיכורט און צעקריגט מיט אונדז און פאַרלאָזן די מיל און מיר האָבן צוגענומען אַן אַנדערן מילנער, האָט ער זיך ניט פאַרדונ־גען אין קיין אַנדער מיל; ער האָט געוואַרט ביז וואַנען מיר האָבן אַוועקגע־שיקט דעם נייעם מענטשן און דאַן איז ער צוריק אָנגעקומען צו אונדז. מיר האָבן אָן אים און ער אָן אונדז לאַנג ניט געקאָנט אויסקומען.

ערב אַ פּאַוואָדקע, ווען דער גרויסער בריק איז געווען אָפּן אויף אַלע זאַסטאַווקעס (שליוזן), אָבער די טייכן זיינען נאָך ניט אַרויס פון די ברעגן, האָט ראַמאַן אַרויסגעצויגן די טשייקע אויף דער יבשה, זי איבערגעקערט מיטן דעק אַרויף, אויסגעשטאָפּט אַלע שפּעלטעלעך מיט קאָנאָפּליעס, באַגאָסן מיט הייסע סמאָלע און איבערגעקוקט און איבערגעטאַפּט זאָרגפעלטיק יעדן ברעטעלע און לייסטעלע. אַזוי קוקט אַרום אַ מאַמע דאָס אָנטועכץ פון איר קליינעם, שיינעם יינגעלע איידער זי שיקט אים אַרויס אין חדר.

טשיקאַווע איז געווען צו זען, ווי ראַמאַן פירט די טשייקע אין דער פּאַוואָדקע, ווען דאָס וואַסער טראָגט זיך מיט אימפּעט איבער די גרעבליעס און גלייכט אויס די לאָנקעס מיט דעם אמתן טייך. — איין ברייטער שטח וואַסער — עס גייען גאַנצע טייכן פון דרום צו צפון. דאָרט וואו דאָס וואסער איז טיף,

---

*) דאָס זיינען די הילצערנע פלעקלעך, דינערע און דיקערע, וואָס מען שטעקט אַריין אין די רעדער, זיי זאָלן פאַרטשעפּען די סעסטשערנע און מאַכן די רעדער זיך דרייען.

גייט ער פּאַמעלעך, געלאַסן, ווי צעלאָזענער בליי אין דעם שבתדיקן פורעם, וואָס די אַלטע יוהאשע, די אָפּשפּרעכערקע, גיסט אויס פּאַר אַ קראַנקן. און דאָרט וואו דאָס וואַסער איז פליטקע, לויפט עס מיט האַסט און אימפּעט, אַזש מיט פיר פּאָר פערד ניט צו דעריאָגן.

ראַמאַן נעמט דעם לאַנגן אָשע אין האַנט, שטופּט זיך מיט אים אָפּ פון ברעג און לאָזט זיך אַוועק איבערצושניידן דעם טייך אין דער ברייט. ער שטייט אין עק פון שיפל, וואָס איז אַ ביסל איינגעזונקען אין וואַסער, דער שפּיץ פון שיפל שווימט אין דער לופטן און רירט ניט אָן דאָס וואַסער, ווי ניט געזעענע מלאָכים וואָלטן זי געטראָגן אויף די פּלייצעס.

דער פּריץ פון הויף האָט אין אַ קאַרעטע מיט פיר פערד געדאַרפט אַריבערפאָרן מיטן בריק אויף דעם צווייטן זייט טייך. האָט ער ניט געטרויט דעם פורמאַן און די פיר פערד און האָט בעסער געבעטן ראַמאַנען, ער זאָל אים אין זיין קליינעם שיפל אַריבערפירן.

אין די טעג פון דער פּאַר־פּסחדיקער פּאַוואָדקע, איז ער געשטאַנען מיט דעם „בוסאַק" (אַ לאַנגער שטעקן מיט אַן אייזערנעם האקן ביים שפּיץ) און האָט אָפּגעהיט די קריעס זאָלן זיך ניט אָנקלאַפּן אָן די סלופּעס פון בריק און ניט צעטרייסלען זיינע פונדאַמענטן.

אָט דאָס איז געווען דער מילנער ראַמאַן.

* * *

דער יאָר, פאַר פּריצים און תבואה־סוחרים, איז ניט געווען קיין גוטער. איין דריטל פון די קערנער איז צעברענט געוואָרן אין די זאַנגען; אַ צווייטער דריטל איז צעווייקט געוואָרן און אַרויסגעוואַקסן פון די העמדלעך און געהאַט אַ צעיוירענעם אויסזען און פון דעם ברויט, וואָס מען האָט געבאַקן פון די ביידערליי קערנער האָט זיך אָדער געהערט סמאַלענעס, אָדער עס האָט געהאַט אַ ביטערן טעם.

# קאַטאַסטראָפעס

ביי אונדז אין מיל האָבן געטראָפן עטלעכע אומגליקן מיט מענטשן, וואָס האָבן ביי אונדז געאַרבעט.

איין מאָל, צום ערשטן סדר, איז געקומען צו לויפן אַ מענטש פון „נייעם מיל" און עפּעס אַ זאָג געטאָן. אַלע האָבן זיך פּלוצלינג אויפגעהויבן פון טיש און זיינען אַוועקגעלאָפן.

אין אַ היפּשער ווילע אַרום איז מען צוריקגעקומען צעשראָקענע און צעטומלטע. נאָר איינציקע ווערטער האָב איך געכאַפּט און פון זיי אַרויסגע־

נומען, אַז אַ מילשטיין, וואָס מען האָט ערשט אָנגעזעצט, איז צעשפּרונגען געוואָרן און דערהרגעט אַ מענטשן. מען האָט זיך געהיט פאַר מיר צו רעדן, ווייל איך בין נאָך געווען זייער יונג. ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען, פאַר וואָס דער שטיין איז צעשפּרונגען געוואָרן, ווייס איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג ניט. מען האָט מיר קיינמאָל נישט געזאָגט און איך האָב זיך געהיט צו פרעגן.

אַ צווייט מאָל, שוין אין דער מיל, וואו מיר האָבן געוואוינט, האָט מען אַרויפגעצויגן אַ נייעם שטיין אויף די „ווישקעס", (די ווישקעס, דאָס איז געווען אַ האַלב־אָפענער בוידעם, ווי אַ גאַלעריע אין אַ טעאַטער, וואוהין מען האָט געדאַרפט אַרויפגיין מיט טרעפּ און עס האָט פאַרנומען אַ טייל פון מיל. אונטער די ווישקעס האָבן זיך געפונען די רעדער און אויבן זיינען געזעסן די שטיינער אין זייערע זאָטלען).

מען טוט עס געוויינלעך אַזוי: מען לייגט אַוועק זייער דיקע און זייער ברייטע ברעטער, וואָס מען רופט „דילעס", אַזוי אַז די אונטערשטע עקן פון די ברעטער שפּאַרן זיך איין אין דער ערד און די אויבערשטע שפּיצן זיינען אָנגעשפּאַרט אויף די ווישקעס. דעמאָלט גאַרטלט מען אַרום דעם שטיין מיט אַ דיקער שטריק און אַ האַלבער טוץ מענטשן, וואָס שטייען אין דער הויך אויף די ווישקעס, שלעפּן פאַרן שטריק דעם שטיין. כדי דער שטיין זאָל נישט אַרונטערגיין פון גלייכן וועג, שטייען ביי די זייטן פון די דילעס צוויי מענטשן מיט דרוקעס אין די הענט און קירעווען אים. האָט זיך געמאַכט, אַז איינער פון זיי האָט נישט איינגעהיט און דער שטיין האָט זיך אַראָפּגעגליטשט און אַרויפגעפאַלן אויף זיין פוס. דאָס איז געווען גלייך לעבן שטוב־טיר. אָבער אויך דאָס מאָל האָט מען מיך נישט אַרויסגעלאָזן פון שטוב, איך האָב נאָר געהערט דעם טומל אויף יענער זייט טיר.

## אַ גרוס פון דער היים

אויך ביי אונדז האָט אַמאָל אַזוינס געטראָפן.
דער מייסטער, אַ יונגער און זיכערער אין זיין פאַך,
איז שפּעט, ביינאַכט פאַרן גיין שלאָפן
געגאַנגען זען צי יעדע זאַך
איז אויף דעם ריכטיקן אָרט און שטעל:
צי שיערט זיך ניט איין שטיין אָן צווייטן,
דער קאָסט צי איז פול און צי דאָס מעל
אין קאַסטן וואַקסט אין ווייסע, געטורעמטע בייטן.
און אין דעם שאָפּענעם פעלץ, צעשפּיליעטן און לאַנגן,
איז ער מיט אַ בלעכענער לאַמטערנע אין האַנט,
די אַפּאַרניע אָנקוקן געגאַנגען,
וואו דער פּראַסטיקער אייז האָט די וואַסער־ראָד
אַרומגענומען פון ראַנד צו ראַנד.

דאָרט האָט אים דער וואָל מיט זיין פּאַמעלעכן טראָט
פאַר דער רעכטער פּאָלע געכאַפּט
און האָט זיך מיט אים, געלאָסן און קאַלט,
פיר מאָל איבערגעדרייט
און אַן קאַנטיקן באַלקן געקלאַפּט.
אויף זיין פיר־מאָליקן געשריי
האָט מען אָפּגעשטעלט די מיל —

אויך ער איז געווען שטיל.

ניט דורך אַ בריוו און אָפענע רייד
איז מיר די בשורה אָנגעקומען —
פון מויל צו מויל, פאַרשטעלטערהייט
איז זי צו מיין ברעג צוגעשוואומען.
און כאָטש איך אַליין בין געווען אַ קנעכט
און אַן אייביקע ראָד געדרייט, —
האָב איך אין די לאַנגע ווינטער־נעכט
געזען מיינע פינגער טריפן רויט.

* * *

אַז מיר האָבן אַרויסגעשיקט מעל אין אַן אַנדער שטאָט, האָבן מיר אויס־געקליבן איינעם פון די גויים, וואָס האָבן געפירט דאָס מעל, דעם קליגסטן און בכבודיקסטן, און אים געמאַכט פאַר דעם פירער אָדער אַפּוטרופּוס איבער דעם געלט, וואָס מען דאַרף איינמאָנען פאַרן מעל.

איינמאָל האָבן מיר אַרויסגעשיקט פינף פורן מעל אין אַ צווייטן נאָענטן שטעטל, און איבערגעגעבן מאַקסים קאַרקיי, דעם שענסטן און אָנגעזעענסטן צווישן זיי, אַז ער זאָל איינמאָנען דאָס געלט. שפּעט ביינאַכט זיינען צוריקגעקומען נאָר פיר גויים און האָבן דערציילט, אַז דער אַפּוטרופּוס האָט נישט גע־וואָלט פאָרן מיט זיי. ער האָט צוגענומען דאָס געלט און איז אַוועק שיכורן. אויף מאָרגן איז ער אויך ניט געקומען. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַרטרינקען דאָס גאַנצע געלט. האָט מיין ברודער געדונגען אַ גוי מיט אַ פור און אַוועקגעפאָרן אים זוכן אין יענעם שטעטל. ער האָט אים טאַקע גע־פונען אין אַ שענק מיט נאָך אַ ביסל געלט ביי זיך. מיין ברודער האָט אים מיט גוטן איינגערעדט, אַז ער זאָל פאָרן אַהיים. מען האָט זיך אַריינגעזעצט אין די שליטנס. ער, מאַקסים קאַרקיי אויף זיין אייגענער פור, איז געפאָרן פריער און מיין ברודער, אין אַ געדונגענער פור מיטן אָנטרייבער — הינטער אים. עס איז געווען אַ שטרעקע פון אַכצן וויאָרסט. ווען מען איז געקומען צו אונדזער הויז, איז מיין ברודער אַרונטער פון שליטן און אַריין אין שטוב און די צוויי גויים, איינער דער שיכּור, און דער צווייטער, וואָס האָט געפירט מיין ברודער

אין זיין שליטן, זיינען אַוועקגעפֿאָרן ווייטער, ווייל זיי האָבן געוואוינט אין דאָרף, אַ וויאָרסט פֿון אונדזער מיל.

אויף מאָרגן פֿרי האָט מען געפֿונען מאַקסימען טויט אין זיין שליטן. דער פֿערד האָט אים אַליין געבראַכט צו זיך אויפֿן הויף. ער איז געשטאָרבן אָדער פֿון שיכרות, אָדער פֿון קעלט, אָדער פֿון ביידע זאַכן צוזאַמען. זיינע שטוב־מענטשן האָבן ניט געוואוסט, אַז דער מאַן און טאַטע ליגט אויפֿן הויף אַ טויטער.

עס איז געקומען דער סליעדאָוואַטעל און גענומען מיין ברודער אויף אַ פֿאַרהער; אָבער דער גוי, מיט וועמען מיין ברודער איז געפֿאָרן האָט עדות געזאָגט, אַז דעם גאַנצן וועג וואָס זיי זיינען געפֿאָרן אַהיים פֿון דעם שטעטל, האָט מיין ברודער קיין איין מאָל נישט פֿאַרלאָזן דעם שליטן. עס איז געווען אַ היפּשער גרונט צו שרעקן זיך, אַז די גויים פֿון דאָרף זאָלן ניט וואַרפֿן די שולד אויף דעם יידן.

# אונדזערע מעלער

אין די ווינטערדיקע חדשים האָבן זיך שטענדיק געפֿונען ביי אונדזער טיש מעל־סוחרים און בעקער פֿון נאָענטע און ווייטע שטעט, וואָס זיינען גע־קומען אין מיל „פּיטליעווען".

צו עטלעכע פֿון זיי האָב איך זיך צוגעבונדן. זיי זיינען געווען גוט צו מיר און האָבן מיך געבאַלעוועט. שיימע גינזבורג, פֿון מינסק, אַ שיינער, פֿריינדלעכער ייד, פֿלעגט זיך מיר לאָזן שפּילן מיט זיין פּערלמוטערנעם, פֿיל קלינגלדיקן מעסערל, עפֿענען און צוריק פֿאַרמאַכן אַלע גרויסע און קליינע קלינגלען, וויפֿיל איך האָב נאָר אַליין געוואָלט. שמואל צייטלין, אויך פֿון מינסק און דוד מאַטעסעס, פֿון שטויבץ, אונדזערער אַ קרוב, האָבן זיך מיט מיר געחברט ווי מיינס אַ גלייכן.

געווען אויך צוויי יידן פֿון אונדזער שטאָט גופֿא. זיי זיינען שטענדיק געקומען צוזאַמען אַלע פּאָר וואָכן: שמואל־זלמן, אַ קליין־געוויקסיקער, אַ דאַרער, מיט אַן אַש־קאָלירטער לענגלעכער באָרד, און גרשון עלקעס, אויך ניט קיין הויכער ייד, אָבער אַ ברייטער, מיט אַ פֿיר־קאַנטיקער באָרד ווי איינער פֿון די מלכים פֿון אשור. ביידע זיינען זיי געווען בעקער. ביי די אויוונס און ביי די פֿאַרקויף־טישן זיינען געשטאַנען זייערע ווייבער און טעכטער. זיי אַליין זיינען אָדער געזעסן אין בית־המדרש אָדער ביי אונדז אין מיל.

אין די אָוונטן זיינען זיי אַריינגעקומען פֿון מיל אָנגעפּרוירענע און זיך געזעצט ביים גרויסן סאַמאָוואַר, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש, און אויסגעצ־טרונקען צו צען און צוועלף גלעזער טיי; געשוויצט און געווישט זיך דעם שטערן מיט גרויסע, גרינע, געקעסטעלטע פֿאַטשיילקעס. זיי האָבן גערעדט פֿון מקחים אויף ווייץ און מעל און זיך אויך דערציילט מעשיות פֿון גאונים און רבנים.

שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך אין די „מלכים" פון קאָרטן אָפּגעזוכט זייערע געשטאַלטן און געשטעלט אויף זיי „סטאַווקע".

## זיסל דער שווערזנער

געווען אַ מעלער, אַ ייד אַ משכיל, וואָס איז אָפּט געקומען צו אונדז אין מיל אַריין. אין די הייסע זומערדיקע טעג נאָך מיטאָג, האָט ער גיך געשפּרייזט פון אונדזער שטוב ביז צום נייעם מיל — אַן ערך דריי היגע בלאָקס — הין און צוריק אין איין העמד און גאַטקעס. קיין חרפּה ניט געהאַט פאַר קיינעם. אַז ער האָט אָפּגעמאַכט אַ וואָרט אין מסחר און אויף מאָרגן חרטה געהאַט, האָט מען אים געפרעגט: „סטייטש, ר' זיסל, איר האָט דאָך נעכטן אַליין מיט אונדז אָפּגעמאַכט"? האָט ער געענטפערט: „איך האָב אָפּגעמאַכט? דאָס האָט אַ הונט געבולן".

ער איז געווען דער אייגנטסטער ביי אונדז אין שטוב.

אין שטאָט האָט ער געהאַט אַ קליין דירהלע פון צוויי צימערן פאַר זיך און זיין ווייב לאה און זייערע צוויי זין. אין איינעם פון די צימערלעך איז געשטאַנען אַ קליינער אַלמערל, וואו עס האָבן זיך געפונען אַלטע יידישע ספרים און אויך די נייע העברעאישע ליטעראַטור, אויסגעשריבן פון וואַרשע.

אין דעם יאָר 1931, ווען ער איז געווען אַרום 90 יאָר אַלט, האָב איך באַקומען פון אים אַ לשון־קודשדיקן בריוו, אין וועלכן ער בעט מיך, אַז איך זאָל אים העלפן אַרויסגעבן זיינעם אַ פירוש אויף אַ ספר תנ"ך, ווייל ער אַליין האָט ניט קיין געלט.

## פריע קינדהייט

1. איך ליג אין אַ וויגעלע, וואָס הענגט אונטערן באַלקן און איז פאַרבונדן מיט אַ קנופּ אין טאַטע־מאַמעס קאַמער. איך האַלט אין די הענט אַ האַלב־פּולע פלעשעלע מילך צום זויגן. איך בין מסתמא אַ קינד פון אַ יאָר און אַ האַלב. (עס קען זיין, אַז איך געדענק דאָס ניט פון דער ווירקלעכקייט, נאָר איך האָב עס געהערט דערציילנדיק וועגן מיר און איך שטעל זיך עס פאָר). דער האקן אין סטעליע איבערן וויגעלע האָט געשטעקט אַ לאַנגע צייט.

2. עס איז שבת אינדערפרי, אין שטוב איז אַ מנין. איך שטיי אין אַ געלב־לעכער קינדערשער רובאַשקע אויף אַ באַנק ביים טיש.

3. און דאָס געדענק איך קלאָר: עס איז שמחת־תורה ביינאַכט. מען טראָגט דורך פאַרביי מיר די ספר תורה צום לייענען. איך גיב זי אַ קוש. מ'גייט צו הקפות. איך האַלט אַ פאָן אין האַנט און דריי זיך מיט אַלע קינדער צוזאַמען. ביי איין וואַנט פון שטוב שטייען די ווייבער. איינע פון זיי איז פרינצע, דעם

פּאָטשט־האַלטערס טאָכטער, אַ שיינע, דערוואַקסענע מיידל. שפּעטער זיינען אירע עלטערן אַרויסגעפּאָרן פון דאָרף אין דער שטאָט ניעסוויזש. דער נאָמען פון איר פאָטער איז געווען אייזנשטאַט.

4. איך בין אויף אַ ברית ביי מיין ברודער אין אַ פּאַכט. דעם ברית געדענק איך ניט. איך געדענק אָבער דעם ביינאַכט פאַרן שלאָפן־גיין. עס שטייט אַ לאַנגע אויפליייג־באַנק, מיט אַ הינטערשטער ווענטל. די ברעט פון באַנק אויף וואָס מען זיצט איז אַראָפּגענומען און אינווייניק ליגן לאָבנס ברויט.

5. עס איז ביינאַכט. מיר האָבן אַ זעקס־זיבן מעלער אין הויז, אונדזערע קונדן. קיין בעטן און קישנס סטייען ניט פאַר אַלעמען, נעמט מען אַרונטער די ברעט פון גרויסן, רויטן טיש און מען לייגט עס אַוועק אין דער ברייט אויף דער פּאָדלאָגע און מען בעט זיך אויף דעם אויס. איינער אַ מעלער, וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון שטאָט דערציילט אַ מעשה, וואָס ער האָט געהערט אין שטאָט: אַ גלח האָט געהאָדעוועט אַ קאַץ ביי זיך אין שטוב. ער האָט זי זייער ליב געהאַט. זי פלעגט זיצן מיט אים ביים טיש און עסן פון זיין טעלער. האָט ער זי געכאַפּט פאַרצוקנדיק אַ מויז און האָט אויף איר אָנגעשריען. האָט זי אים ביינאַכט, אין שלאָף, איבערגעביסן דעם גאָרגל.

יענע נאַכט האָב איך מורא געהאַט זיך צו לייגן שלאָפן.

6. דער פּריץ וואו מיין ברודער האָט געהאַלטן דעם פּאַכט, האָט אים אַרויס־געוואָרפן פון געשעפט. האָט ער, דער ברודער, מיטן ווייב און קינדער, זיך אַריבערגעקליבן צו אונדז. עס זיינען געווען דריי קינדער: צוויי מיידעלעך און אַ יינגעלע. די מיידעלעך האָט מען גערופן מאַנטעלע און מאַטליע און דעם יינגעלע ישראל־אהרן. מאַנטעלע האָט געטראָגן אַ העל־בלויען מאַנטעלע און מאַטליע אַ טונקל־רויט קליידעלע מיט שוואַרצע פינטעלעך.

עס איז אַ זומערדיקער, ליכטיקער פרימאָרגן. די מאַמע שיקט מיך מיט די קינדער אויף יענער זייט טייך אויפן פּאַסטערניק, זען ווי מען וואַשט שעפּסן. די מאַמע זאָגט מיר אָן ווי איך זאָל אַריבערגיין דעם ברייטן, זאַמדיקן גראָבן.

און טאַקע יענעם סוף־זומער זיינען אַלע דריי קינדער אין איין וואָך אויסגעשטאָרבן אין דער דיזענטעריע־מגפה.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר פינף, איידער איך האָב אָנגע־הויבן לערנען אַלף־בית.

7. איך געדענק דעם אַלטן קרעטשמער זעליג, וואָס האָט געהאַלטן די קרעטש־מע נאָך איידער חיים־גדליה האָט עס איבערגענומען. זיי האָבן זיך געביטן מיט די שענקען. זעליג האָט זיך איבערגעקליבן פון זשוכאָוויץ קיין לוק און חיים־גדליה פון לוק קיין זשוכאָוויץ. זעליג איז געווען אַ ייד מיט אַ ברייטער, געלער באָרד.

8. צו מיינער אַ שוועסטער קינד, אַ מיידל ניט קיין שיינע, איז געקומען אַ חתן. די טרעפונג איז געווען ביי אונדז אין הויז. האָט מען מיין שוועסטער, איידליע, אַוועקגעשיקט פון שטוב אויף דער צווייטער זייט פון דער מיל צום מילנער, זי זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן.

איך האָב איר געטראָגן עסן, גייענדיק ביינאַכט איבער דעם דיקן באַלקען וואָס איז געלעגן איבער דער רינע.

דאָס אַלץ איז געשען נאָך איידער איך בין געגאַנגען אין חדר.

# מיינע מלמדים

מיין טאַטע האָט מיך געוואָלט שיקן אין חדר צו פיר יאָר, אָבער ווייל עס איז אין יענעם יאָר געווען אַ מגפה אין אונדזער געגנט, האָט מען דאָס אָפּגעלייגט אויף איבער־אַ־יאָר. און איך האָב אָנגעהויבן לערנען צו פינף, ווי אַלע אַנדערע יינגלעך. און ווייל איך בין געווען אַ מוזיניק און אַ ציטערדיקער ביי מיינע עלטערן, האָט מען מיך ניט געשיקט אין שטאָט צו אַ מלמד, נאָר גענומען אַ רבי צו אונדז אַהיים, און אָפּגעגעבן אים אַ באַזונדער שטיבל, לעבן הויז, וואו ער זאָל לערנען נאָר מיט מיר אַליין.

מ׳האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ יינגל מיט אַ גוטער תפיסה. צום סוף פון ערשטן זמן האָב איך שוין געלערנט חומש און אויפן פערטן זמן האָב איך געלערנט גמרא. אָנגעהויבן האָט מיט מיר דער רבי פון „הכונס צאן לדיר״ אין בבא קמא.

דער טאַטע מיינער האָט זיך געגרויסט מיט מיר, אַז עס איז פאַרפאָרן צו אונדז אַמאָל אַ ייד אַ לערנער, איז ער פון אים ניט אָפּגעטראָטן ביז יענער האָט מיך געמוזט פאַרהערן. און צווישן די מעלערס און בעקערס, וואָס זיינען ביי אונדז אין הויז געווען כמעט שטענדיקע „זיצערס״, האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט אָפּלערנען אַ פרשה חומש און אַפילו אַ בלאַט גמרא.

זיי פלעגן מיך אויספרעגן וועגן די קרבנות וואָס אין ספר ויקרא. איך האָב געוואוסט אויף אויסווייניק יעדן קרבן, אויף וואָסער חטא ער איז מכפר און יעדע אָרימע מנחה פאַרוואָס מען ברענגט זי.

יענעם זומער האָט מען ביי אונדז געבויט דעם נייעם מיל, און די יידישע מעכאַניקער האָבן געבראַכט מיט זיך גאַנצע קאַסטנס געצייג: אַלערליי העמבעלס, גרויסע און קליינע, וואָס עס האָט זיך געוואָלט זיי נעמען אין די הענט און שפּילן זיך מיט זיי. אַלערליי עגבערס, לאַנגע און דינע, ווי דאָס האַלדז פון אַ גאַנדז און קורצע מיט צעשפּרייטע רויבערישע הענט, וואָס פלעגן ניט בויערן, נאָר צעפּליקן די ברעט אַרום זיך. אָפּצווענגעס מיט קרומע מיילער, ווי ביי אַ פיש, זעגן אָנגעצויגענע, ווי אַ פייל און בויגן. העק און העקעלעך, האַמערס און האַמערלעך, הילצערנע „ווינקלען״ און שפּולקעס מיט לאַנגע שנורן, אָנגעוויקלט אויף זיי צו מעסטן און פעסטשטעלן די הויך און גלייכקייט פון אַ וואַנט. יעדער עגבער און יעדע זעג האָט געהאַט אַ באַזונדער נאָמען, ווי אין אַ שטאָט

זיינען פאַראַן משפּחות גאַנצע מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען אָבער יעדער איינער פון דער משפּחה האָט אַ באַזונדער נאָמען.

אָבער אָפטמאָל האָבן די שטיקלעך געצייג אָנגענומען די געשטאַלט פון די קרבנות און פון די זינד אויף וועלכע זיי זיינען געקומען מכפּר זיין. און אַמאָל פאַרקערט: דער קרבן אָשם איז געוואָרן דער גרויסער העבעל, דער באַראַן, וואָס שינדט די ברעטער און דער קרבן חטאת — די אָנגעצויגענע זעג.

## מיין ערשטער מלמד

ווען איך בין אַלט געוואָרן זיבן יאָר האָט מיך דער טאַטע גענומען אין שטאָט אַריין צו יאָשע דעם פּערעמאַלניק. אַ תנ״ך און גמרא מלמד, ער זאָל מיך פאַרהערן. דאָס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט אום חול־המועד סוכות. אַז דער רבי האָט אויסגעשפּרייט די גרויסע גמרא, האָב איך געהערט ווי די רביצין האָט באַמערקט: „די גמרא איז דאָך גרעסער פון אים״.

מיט אַ זמן פריער האָט ביי אים געלערנט אַ ייִנגל אַן עלוי, מיטן פאַר־צויגענעם נאָמען „זוניע״. ווען ער האָט מיך „אָנגענומען״ האָט ער זיך גע־טרייסט, אַז איך וועל ביי אים פאַרנעמען זוניעס אָרט. איך בין קיין צווייטער זוניע ניט געוואָרן.

מען האָט מיר מיטגעגעבן מיין שוועסטער, ריינע, וואָס איז געווען מיט אַ פינף יאָר עלטער פון מיר, זי זאָל אויף מיר אַכטונג געבן. מיר זיינען געשלאָפן ביידע אין איין בעט הינטער דעם גרויסן אויוון אין דעם רבינס שטוב, וואו מיר זיינען אויך איינגעשטאַנען סטאַנציע. פאַרן שלאָפנגיין האָבן מיר פאַר־בונדן די אויערן און די מיילער מיט טיכלעך, אַז קיין וואַנצן אָדער פּרייסן זאָלן אַהין ניט אַריינקריכן.

מיין רבי איז געווען זייער אַ פרומער ייד אין די פופציקער יאָרן. ער איז געווען דער בעל־קריאה אין דער גרויסער שול, כאָטש אַליין האָט ער געדאַוונט אין וותיקין־שטיבל. אָבער אין דער זעלבער צייט, איז ער געווען דער ערשטער בעל־דיקדוק אין שטאָט און געלערנט מיט די קינדער חומש און תנ״ך מיט מענדעלסאָנס ביאור. ער האָט געהאַט צוויי גאַנגען תנ״ך מיטן ביאור, איין גאַנג מיט יידישע אותיות אין דייטש לעבן העברעאישן טעקסט און אַ צווייטן גאַנג מיט גאָטישן שריפט, אויך לעבן טעקסט.

אין זיין באַנעמונג אָבער מיט די קינדער איז ער געווען אַ כעסן און אַ ווילדער. ער האָט געשמעקט טאַבאַק, האָט ביי אים שטענדיק געקאַפּעט פון נאָז מיט ברוינע טאַבאַק־טראָפּנס אויף דער גרינער פאַטשיילקע, וואָס איז גע־לעגן אויסגעשפּרייט אויף דעם ספר פון וועלכן ער האָט געלערנט און די הענט זיינען ביי אים שטענדיק געווען ברוין און נאָס פון טאַבאַק. אַז ער איז אין כעס געוואָרן אויף אַ ייִנגל האָט ער אים אויסגעשמירט דעם פּנים מיט זיינע פייכטע הענט. איינמאָל האָט ער אַ ייִנגל, וואָס די חברים האָבן אויף אים פאַר עפּעס אָנגעמסרט, אַזוי געשלאָגן ביז דער ייִנגל איז אַרונטערגעפאַלן

אונטערן טיש און ערשט דעמאָלט אים געבריקעט מיט די פיס. איך בין אַליין געווען דערביי און דאָס בילד שטייט מיר נאָך איצטער פאַר די אויגן.

איך האָב ביי אים געלערנט פיר זמנים. דורכגעגאַנגען גאַנץ נביאים און כתובים, אַחוץ תהילים. (תהילים האָט מען געדאַרפט לערנען דעם קומענדיקן זמן).

אַז איך בין אַרויס פון זיין חדר האָב איך געקענט גוט תנ״ך, איבערהויפט איוב, דאָס איז געווען דער לעצטער ספר. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין געדולד צו חזרן אויף אויסנווייניק, אָבער אַז מ'האָט מיר אַ זאָג געטאָן אַן ערשטן וואָרט פון אַ פסוק אויף יידיש, האָב איך גלייך איבערזעצט אין געדאַנק דעם וואָרט אין אָריגינאַל און אָפּגעזאָגט אַ דריי־פיר פסוקים נאָכאַנאַנד. צו גמרא האָב איך ניט געהאַט ניט קיין קאָפּ און ניט קיין האַרץ, כאָטש איך האָב געקענט פאַרשטיין אַ גרינגן שטיקל מהרש״א.

## מיין צווייטער מלמד

אָבער דער טאַטע מיינער האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז איך וועל אויס־וואַקסן אַ לערנער, האָט ער מיך אַוועקגעגעבן צו אלי־הירשל, דעם גמרא־מלמד. ביי אים האָט מען געלערנט תנ״ך נאָר צו פאַרבייסן. ער איז געווען אַ ביסל יינגער פון דעם פריערדיקן רבי'ן אַ ייד אַ גברן, מיט ברייטע פלייצעס און אַ שוואַרצער באָרד. געגאַנגען איז ער ריין אָנגעטאָן און געשמעקט וויינעק טאַבאַק. ער איז געווען ניט קיין כעסן אָבער אַ רשע, אַ שלעגער.

אַזוי ווי איך בין געווען דער יינגסטער יינגל אין חדר האָט ער מיך אַוועקגעזעצט לעבן זיך, ביי דער רעכטער האַנט און מיטן גראָבן פינגער געטוקעט מיר אין זייט, אין די ריפּן אָדער מיטן צונויפגעלייגטן קולאַק געזעצט איבערן שפּיציקן אָקסל מיינעם צום ריטם פון זיין שאָקלען זיך ביים לערנען. ער האָט אָן רחמנות געפּאַטשט די קינדער און געגעבן צו צען און פופצן פעטש פאַר אַ מאָל. מיר האָבן געציילט. אַז ער האָט מאָנטיק געפּאַטשט ראובנען האָבן מיר אַלע געציילט, און אַז ער האָט דינסטיק געפּאַטשט שמעונען האָבן מיר ווידער געציילט און צווישן די ציילער איז שוין געווען ראובן. מיך, אַזוי ווי איך בין געווען צו נאָענט צו אים און ער האָט ניט געקענט פאַנאַנדערפירן די הענט, האָט ער געפּאַטשט מיט דער לינקער זייט האַנט, כלאחר יד, מיט די קנאָכן פון די פינגער, און דאָס האָט נאָך מער וויי געטאָן.

דאָס מוז איך צוגעבן, אַז קיין באַליידיקונג פון די פעטש האָבן מיר ניט געפילט. עס איז געווען, ווי מען גייט אין אַ פראָסט און עס פרירן די אויערן. עס טוט וויי, עס שטעלן זיך טרערן אין די אויגן, אָבער באַליידיקט איז מען ניט.

דער חדר האָט זיך ניט געפונען ביים רבין אין שטוב (ער האָט געהאַט אַ צעפלאָסענע, פאַרשלומפּערטע ווייב. זי האָט גערעדט מיט אַן אָטדישקע). נאָר ער פלעגט דינגען אַ חדר אויף אַ זמן אין אַ פרעמד הויז פאַר זעקס רובל אַ זמן. מיר, די חדר־יינגלעך האָבן געצאָלט יעדער איינער אַ רובל, אַזוי אויך

האָבן מיר, די חדר־ייִנגלעך, געקויפט קעראָסין פאַר אונדזער געלט. (אגב איז דאָס וואָס מען דערציילט וועגן די ליטוואַקעס פון זייער שפּאָרעוודיקייט אָדער קאַרגקייט ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך. אויף דעם ברייטן טעלער פונעם לאָמפּ איז אַלעמאָל געלעגן אַ האַלב־אָפּגעברענטע שטרוי, וואָס דער רבי האָט איבער־געלאָזן פון נעכטן. און אַז ער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ מיט אַ שוועבעלע, איז אָדער ער האָט זי פריער צעשפּאָלטן אויף צווייען, אָדער ער האָט זי שנעל אויסגעלאָשן, כדי ער זאָל דאָס העלצל קאָנען באַנוצן אַ צווייטן מאָל).

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אין די געדונגענע חדרים האָט זיך שטענדיק געפונען אַ יונגע, שיינע פרוי. אַמאָל די באַלעבאָסטע פון שטוב און אַמאָל אַ דינסטמיידל, ווען די באַלעבאָסטע איז ניט געווען קיין שטוביקע. דער רבי האָט ליב געהאַט מיט זיי צו פאַרברענגען שעהן לאַנג. ער האָט זיי דערציילט מעשיות און אויסגעהערט פון זיי אַלערליי שטאָטישע רכילותן. די ייִנגלעך פלעגן זיך אויך צוהערן. אַז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז שוין שפּעט און געוואָלט אָניאָגן די פאַרלאָרענע צייט, האָט ער עס דעריאָגט מיט פּעטש.

אַחוץ די זעקס טעג אַ וואָך, פון ניין אינדערפרי ביז האַלב־צען אין אָוונט, וואָס מען האָט געלערנט אין אונדזער חדר, ווי אין אַלע חדרים, האָבן מיר געמוזט קומען אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צו־נאַכטן, נאָך וועטשערע צו אים אַהיים איבערחזרן דעם גאַנצן שיעור פון דער וואָך און שבת בייטאָג האָבן מיר געלערנט חומש. תנ״ך האָבן מיר געלערנט יעדן אָוונט נאָך ניין דעם זייגער.

געווען ביי אונדז אין חדר אַ ייִנגל דוד. זיין טאַטע איז געווען אַן אָרעמ־פאָרנדיקער אַגענט און דער ייִנגל האָט זיך געהאָדעוועט ביי אַ זיידן, אַ וואַטע־מאַכער — אַ ייִד ניט קיין גביר. דוד האָט געהאַט אַ צעלאָזענע פאַנטאַזיע, פלעגט ער קומען אין חדר און דערציילן זאַכן וואָס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. איינמאָל איז ער געקומען און דערציילט, אַז גנבים האָבן ביים זיידן געוואָלט אַרויסגנבענען דריי שענק מיט זילבערוואַרג, נאָר מ׳האָט זיי איבער־געשלאָגן אין מיטן. מיר האָבן פון אים געלאַכט, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז ביי זיין זיידן אין די אַלמערס איז ניטאָ אַפילו קיין זילבערנער בעכער אויף קידוש און הבדלה צו מאַכן. אין אַ פּאָר טעג אַרום — אין אַ זונטיק, איז גע־קומען דער זיידע און פאַרמסרט זיין אייניקל, אַז ער איז אַ ליגנער און טראַכט אויס זאַכן. ער וויל, אַז דער רבי זאָל אים אָפּגעוואוינען דערפון.

אַז דער אַלטער וואַטע־מאַכער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט דער רבי אַרויס־גענומען דודן פון טיש, אים געהייסן אַרונטערלאָזן די פּליודערן און אים אָפּגעשמיסן מיט דעם פּאַסיק פון די הויזן. ווען דער ייִנגל האָט זיך גענומען פאַרשפּיליען זיינע מייטקעס, האָב איך צופעליק אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער. עס איז געווען 40 מינוט אויף איינס. פון דעמאָלט אָן, אַז מיר האָבן געוואָלט דעם ייִנגל אַ שטאָך טאָן אָדער אַ רייץ־טאָן זיך מיט אים, זיינען מיר צוגעגאַנגען נאָענט צו אים און אַ זאָג־געטאָן אויפן אויער: „זונטיק, 40 אויף איינס”. דאָס איז געווען גענוג.

# מיין גרויסער חטא

פון חמישה עשר באָב אָן האָבן מיר, יינגלעך, נאָכן לערנען גענומען מיט זיך אַהיים די גמרות און אָפּעסנדיק וועטשערע, ווידער געגאַנגען אין וותיקין־שטיבל לערנען אַליין, אָן דעם רבין.

דאָס איז געווען אַ פּריוויליקע ביישטייערונג, וואָס די יינגלעך האָבן צוגעטראָגן דעם רבין סוף־זמן און אַ ביסל אויך אַוואַנטורע.

מיר האָבן געהאַט איין גמרא אויף יעדע צוויי יינגלעך. איינמאָל ביים איינטיילן זיך מיט די גמרות האָבן מיינע חברים מיך שטאַרק געקריוודעט און איך בין אַרויסגעלאָפן אַ וויינענדיקער פון שטיבל. לויפנדיק איבערן שולהויף האָב איך אָנגעטראָפן מיינעם אַ ווייטן קרוב, אַ בחור מיט עטלעכע יאָר עלטער פון מיר, אַ הויך־געוויקסיקער מיט לאַנגע הענט. ער האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס איך וויין. איך האָב אים דערציילט פון מיין קריוודע. „וואו זיינען זיי״? האָט ער מיך געפרעגט. „דאָ אין וותיקין״, האָב איך אים געענטפערט. אַז איך בין אַריינגעקומען צוריק מיט דעם הויכן בחור, האָבן זיך די יינגלעך דערשראָקן און אָנגעהויבן קריכן אונטערן טיש; אָבער ער האָט זיי, מיט זייערע אייגענע גמרות געקלאַפּט איבער די קעפּ און איבער די רוקנס. אייניקע האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר, אָבער זיי זיינען אומגעפאַלן איבערן שוועל און ער האָט זיי דעריאָגט און ווידער געשלאָגן. קיין איינעם ניט דורכגעלאָזן.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך מורא געהאַט צו קומען אין חדר. איך האָב געוואוסט, אַז מיינע חברים האָבן מיך פאַרמסרט פאַרן רבין.

די שטוב וואו איך בין געשטאַנען סטאַנציע האָט זיך געפונען אין עק גאַס. איך בין אַוועק אונטערן שטאָט, אָנשטאָט צו גיין אין חדר. דאָרט האָב איך געפונען אַ באַקאַנטן יינגל פון דער זעלביקער גאַס, וואָס האָט געפּאַשעט זיין שוואָגערס בולאַנעם פערד. איך האָב זיך צוגעזעצט צו אים אויפן גרינעם גראָז און מיר האָבן געשמועסט.

אַזוי ווי עס איז געווען די לעצטע עטלעכע טעג איידער די מלמדים לאָזן פאַנאַנדער די חדרים און די יינגלעך בלייבן אינדערהיים ביז אַ וואָך נאָך סוכות, האָב איך גערעכנט, אַז איך וועל זיך אויסבאַהאַלטן די עטלעכע טעג און ניט גיין אין חדר. אָבער אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך דערזען צוויי יינגלעך פון מיין חדר אָנקומענדיק פון שטאָט. דאָס האָט זיי דער רבי געשיקט, זיי זאָלן מיך ברענגען אין חדר. זיי זיינען געקומען אויף מיין קוואַרטיר, דאָרט האָט מען זיי געזאָגט, אַז איך בין אַוועק אונטערן שטאָט. האָבן זיי מיך געטראָפן ביי זייער ניט קיין שיינער מלאכה — פּאַשענדיק אַ פערד און חברנדיק זיך מיט אַ קלעזמערס אַ יינגל. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט מיט זיי גיין אין חדר.

אונדזער רבי האָט געהאַט אַ מנהג, אַז קומענדיק פון וואַרמעס־עסן, אַרום צוויי דעם זייגער בייטאָג, האָט ער זיך צוגעשפּאַרט אויף דער קאַנאַפּע וואָס

איז געשטאַנען אין פירהויז פון חדר און געשלאָפן ביז דריי. אין יענער שעה פון צוויי ביז דריי איז געקומען אין חדר דער לערער, וואָס האָט מיט אונדז געלערנט יידיש־שרייבן פון אַן „אפּאָר", מיט זיין אייגענער האַנט געשריבן און מאַכן „זאַדאַטשעס". זיין נאָמען איז געווען יוסף ווינער, אָבער מען האָט אים גערופן — אונטער די אויגן, פאַר שטייט זיך, „יאַשקע פּאָרטשיק" אַ צונע־מעניש, ווייל זיין טאַטן האָט מען גערופן „בערטשיק" און ווייל ער האָט געהאַט זייער אַ שיינעם פּאָטשערק (האַנטשריפט). פון די צוויי ווערטער איז אַרויס־געקומען אַ דריטער וואָרט — פּאָרטשיק.

דער רבי איז אַריינגעקומען פון וואַרמעס און האָט געפרעגט צי מען האָט מיך געבראַכט און אַז מען האָט אים געענטפערט, אַז יע, איז ער אַוועק כאַפּן זיין געוויינטלעכן דרעמל. אַז די חברים מיינע האָבן מיך דערזען, זיינען זיי געוואָרן מלא שמחה און אויפגעהייטערט, מ'האָט שוין געוואַרט, אַז דער רבי זאָל אויפשטיין און נעמען זיך צו מיר. זיי האָבן זיך אָבער ניט געקענט דערוואַרטן און אַלע ווילע איז איינער אָדער אַ צווייטער צוגעקומען צו מיר און געגעבן מיר אַ קניפּ אין אָרעם און אַ שושקע אויפן אויער: „מען וועט דיך באַלד שמייסן". איך בין געזעסן און ניט געענטפערט קיין וואָרט. הוילע אַנגסטן האָבן מיך אַרומגענומען, אָבער איך האָב געשוויגן. איך בין געווען איינער קעגן פינף און האָב אויך מורא געהאַט צו געבן אַ געשריי, דער רבי זאָל זיך דערוויל ניט אויפכאַפּן.

דער זייגער איז שוין געווען דריי. דער לערער איז שוין אַוועקגעגאַנגען און דער רבי איז נאָך ניט אויפגעשטאַנען. עס איז שוין געוואָרן האַלב פיר און ער איז נאָך אַלץ געשלאָפן. איך בין געזעסן דעם קאָפּ אַריינגעטאָן אין דעם העפט פּאַפּיר, כלומרשט געשריבן און געציילט — ניט די מינוטן, נאָר די רגעס. — איך האָב געפילט, ווי איינער וואָס זיצט הינטער אַ וואַנט און ריכט זיך אַלע ווילע, זי זאָל אויף אים אַרויפפאַלן. אָבער דער רבי איז נאָך אַלץ גע־שלאָפן. עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אין מיר אַ ציטערדיקע האָפנונג, אַז דער רבי זאָל שלאָפן אַזוי לאַנג . . . אַזוי לאַנג . . . און דער רבי איז טאַקע געשלאָפן לענגער ווי אַלעמאָל.

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אַזוי שפּעט, אַז ער האָט זיך מיט מיר ניט געקענט פאַרנעמען. ער האָט מיר נאָר בייז צוגעוואָרפן: „עס איז דיין גליק" . . . איך בין געזעסן מיט אַלע יינגלעך און געלערנט פון מיין גמרא, די פּלייצעס איינגעצויגן אין זיך און נאָר מורא געהאַט דער רבי זאָל ניט חרטה האָבן.

ווי איך פאַרשטיי איצטער איז געווען נאָך אַ סיבה פאַרוואָס דער רבי האָט מיך ניט געשמיסן. עס איז געווען סוף זמן און ער האָט מורא געהאַט, אַז איך וועל קומען אַהיים און דערציילן דעם טאַטן, אַז דער רבי האָט מיך געשמיסן, וועט ער מיך אַוועקנעמען פון אים. ער איז אַלעמאָל סוף זמן געוואָרן גוט צו מיר און פאַרליבט מיך פאַרן טאַטן און געשטאַרקט זיינע האָפנונגען.

גייענדיק פאַרנאַכט פון חדר אַהיים, האָב איך זיך גערייצט מיט מיינע חברים: „אַהאַ! אַהאַ! ניט געשמיסן, ניט געשמיסן". די ייִנגלעך אָבער האָבן מיך „געטרייסט": „ער וועט דיך שמייסן מאָרגן"...

ער האָט נישט געשמיסן.

נאָר קומענדיק אין עטלעכע טעג אַרום פון שטאָט אַהיים, האָב איך פון מיין טאַטן געכאַפּט אַ פּאָר וואַרעמע פּעטש פאַר אַ גאַנץ קליינינקן חטא. — ער האָט ביי מיר דערזען צו לאַנגע נעגל — איך האָב געוואוסט, אַז די אמתע סיבה איז דער גרויסער חטא אין שטאָט.

איך האָב ביי אלי־הירשלען געלערנט זיבן זמנים. מיט קיין גוטן וואָרט קען איך אים ניט דערמאָנען.

## מיין דריטער מלמד

דער דריטער מלמד מיינער, אַלי מרימס, איז געווען גאָר אַן אַנדער סוג מענטש. ער האָט זיך גערעכנט פאַר דעם עלטסטן און גרעסטן מלמד אין שטאָט. ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס מיט דעם לאַנגן, אַטלעסענעם איבער־בגד אויף זיך, מיט דעם הויכן שטעקן אין האַנט און די עכט־ווייסע באָרד צעשפּרייט אויפן האַרצן, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס גייט דער מרא דאַתרא אָדער אַ חסידישער רבי. עס האָט נאָר געפעלט דער שטאָט־שמש ביי זיין זייט. ער האָט געוואוינט אין אַ גויאישער גאַס אין אַן אייגענער שטיבל מיט אַ גאָרטן. ער האָט ניט געהאַט קיין ווייב און אַנדערע קינדער אַחוץ איין זון, אַן אויסגעגעבענער, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון אים און וואָס האָט אים אַלע פרייטיק אינדערפרי געבראַכט אין אַ טעפּעלע אויסגעכשרטע פליישׁ אויף שבת. דער רבי האָט אַליין געקאָכט זיינע מאָלצייטן און אין די פרימאָרגנס (דאָס איז געווען זומער) האָט ער געאַרבעט אין גאָרטן. ער האָט אונדז דער־לויבט צו העלפן אים גראָבן, יעטן און אויסזוכן די צייטיק־געוואָרענע קליינע אוגערקעלעך, אָבער קיינמאָל ניט געשאַפן זיך מיט אונדז ביים אויוון. ער האָט ליב געהאַט גאָר אָפט צו נעמען אַ ביסל משקה. מיר האָבן אים קיינמאָל ניט געזען טרינקענדיק, אָבער די גאַנצע שטאָט און מיר, די חדר־ייִנגלעך, האָבן געוואוסט, אַז ער טרינקט. ער האָט געהאַט אַ גרויסע קוואַרטיקע גרינע פלאַש מיט אַ גלעזערנעם שטעמפּל אויפן אַקסל ביים העלדזל. מיט דער דאָזיקער פלאַש פלעגט ער מיך שיקן דריי מאָל אַ וואָך אין מאַרק צו הינדע־רייזל דער שענ־קערקע. (די אַנדערע צוויי ייִנגלעך האָט ער ניט געוואָלט שיקן. זיי זיינען געווען שטאָטישע און זייערע עלטערן האָבן טאַקע געוואוינט אויפן מאַרק האָט ער מסתמא מורא געהאַט, אַז זיי זאָלן ניט אָנטרעפן זייערע טאַטע־מאַמע).

די גאַנצע צייט פון לערנען, איבערהויפּט ביים איבערחזרן דעם שיעור, איז ער געלעגן אויף דער הילצערנער באַנק ביים טיש מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט געשלאָפן, אָבער ער האָט געהיט אונדזער יעדן וואָרט און יעדן קלענסטן גרייז, וואָס מיר האָבן געמאַכט, האָט ער דערהערט און פאַרריכט.

מיר האָבן ביי אים געלערנט דריי בלאַט גמרא אָ וואָך מיט תוספות און מהרש״אָ.

ער האָט מיט אונדז אויך געלערנט חשבונען. אָנהייבנדיק פון תשבורת, און איבערגייענדיק צו חלוקת השותפים, שלישית און דערגרייכנדיק ביז די ערשטע כללים פון אַלגעברע. ער האָט אונדז געוויזן אַלערליי המצאות אין דער חכמת החשבון.

איך געדענק איינמאָל איז צו אים ארויפגעקומען זיינער אַן אַמאָליקער תלמיד, דעמאָלט שוין אַ דערוואַקסענער און וואָס האָט שוין געהאַט סמיכה אויף רבנות. זייער אַ שיינער יונגערמאַן, מיט אַ קיילעכדיק בערדל, וואָס האָט אַרומגעראַמט זיין טונקעלן פּנים. ער האָט פאַרבראַכט אין חדר אַ היפּשע ווילע. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם ים הנחושת אין בית־המקדש און וועגן זיין הקף, מלגו און מלבר.

ביי אים אין חדר בין איך געוואָרן בר־מצוה. ער האָט מיך אויסגעלערנט אַ דרשה מיט אַ פּלפּול. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קשיה אויף אַ געוויסער משנה, אויף דער קשיה איז געקומען אַן אַנדער קשיה, פון רמב״ם און אויף דער קשיה ווידער אַן אַנדער קשיה פון זבחים. און אַזוי כסדר איינע אויף דער אַנדערער. עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַ סך בעלי־חובות און איך האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. אָבער אַז עס איז געקומען צו דער ניינטער קשיה, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן אַליין פון זיך. די בעלי־חובות זיינען איינציקווייז אָפּגעטראָטן אויף צוריק איינער נאָכן אַנדערן, פון אויבן אַרונטער. ווי אַן אָנגעצויגענע ספרונזשינע, וואָס מ׳לאָזט זי פּלוצלינג אָפּ און די שטאָלענע רייפלעך הויבן זיך אָן מיט אימפּעט אָפּצואוויקלען.

ביי אים האָב איך געלערנט נאָר איין זמן — אַ זומער.

## מיין פערטער מלמד

מיין פערטער מלמד, שוין נאָך מיין בר־מצוה ווערן, איז געווען אַן אויסטערלישער מענטש.

מיט יאָרן צוריק האָט אַ גביר אין אונדזער שטאָט אַראָפּגעבראַכט פון אַ ניט־ווייטער שטעטל — אווזדע — אַ מלמד, ער זאָל לערנען מיט זיינע געראָטענע קינדער. און שפּעטער, אין יאָרן אַרום, ווען עס איז אין דער משפּחה אונ־טערגעוואַקסן נאָך אַ יינגל, האָבן די פריערדיקע תלמידים, שוין באַווייבטע יונגעלייט, זיך דערמאָנט אָן אים און אים איינגעלאַדן צו קומען אין דער מיר, כדי צו מאַכן אַ חדר. האָט מען צו דעם יינגל צוגעשפּאַנט נאָך צוויי: מיך און אַ מלמדס אַ יינגל.

ער איז געווען אַ מיטל־יאָריקער ייד, אַ הויכער מיט שמאָלע פּלייצעס, מיט אַ בלאַס איינגעפאַלן פּנים און פרומע גרויסע אויגן, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן אַרונטערגעלאָזן צו דער ערד, ווי אַ שעמעוודיקער 19־יאָריקער בחורל. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ בעל־חשבון און אַ חסיד — ניט אין דעם זין, ווי מ׳רופט איינעם וואָס פאָרט צו אַ חסידישן רבין און

דאַוונט אין דער חסידישער שטיבל, נאָר אַ חסיד אין זיינע פירונגען. ער איז געווען אָפּגעהיט אין זיין ריידן. קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט פון זיין מויל קיין זילזול אָדער אַ כעסדיקן וואָרט. קיינמאָל קיין יינגל ניט געגעבן קיין קלאַפּ און ניט געשריען אויף אים. אַפילו דער פריערדיקער מלמד, וואָס איז געווען זייער גוט צו זיינע תלמידים, פלעגט פון צייט צו צייט אַ פּאַטש טאָן אַ יינגל.

ער איז אויך געווען אַ שטיקל משורר, ער האָט אונדז געוויזן די שירים וואָס ער האָט מחבר געווען צו די חתונות פון זיינע געוועזענע תלמידים. די שירים זיינען געווען אין אַראַמיש, אין דעם לשון פון ר׳ שלמה לוריא.

אין יענער צייט, נאָך מיין בר־מצוה, אַנטוענדיק אויף זיך מיט שמחה דעם שווערן יאָך פון יידישקייט, בין איך אַליין געווען פרום, איבערהויפּט געוואָלט זיין פרום. און ווי שלמה המלך ,האָב איך ביי גאָט ניט געבעטן ניט קיין רייכקייט, ניט קיין חכמה אַפילו — נאָר אַ גוט און פרום האַרץ. איך האָב זיך געפעדערט אַריינצוקומען אין צימער, וואו מיר האָבן געלערנט מיט אַ האַלבע שעה פריער, ווען דער רבי האָט געגעסן זיין אָנבייסן, און אַרויסנעמען אַ מוסר־ספר, ווי דעם קב הישר אָדער דעם שבט מוסר און אַריינלייענען זיך אין אים. היינט ווייס איך וואָס עס האָט אַזוי געוועקט מיין חשק צו זיי. דאָס איז געווען דאָס ביסל פּאָעזיע וואָס איך האָב אַרויסגעקוועטשט פון די שילדערונגען פון גהינום, ווי מען שטראָפט די רשעים אויף יענער וועלט, ווי די שדים וואַרפן זיי אַריין מיט די אייזערנע גאָפּלען אין די זודיקע קעסלען מיט סמאָלע און ווי מען קייקלט זיי דערנאָך אין שניי. איינמאָל האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַן אָרט, וואו עס האָט זיך דערציילט, אַז איינע אַ זינדיקע פרוי האָט מען אויפּ־געהאָנגען פאַר אירע בריסטן און ביים עפענען דעם ספר האָב איך יעדעס מאָל אויפגעזוכט יענע שטעלע.

עס איז מיר געגאַנגען דער פערצנטער יאָר.

אָבער עס איז מיר באַשערט געווען טאַקע יענעם ווינטער, דעם ערשטן זמן פון מיין לערנען ביי אים, אינגאַנצן איבערצוקערן זיך.

איך בין יענעם ווינטער קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען, האָט מיר מיין שוועסטער, וואָס איז געקומען אין שטאָט זיצן מיט מיר, געליען ביי אונדזערן אַ באַקאַנטן מעלער מאָפּוס עיט צבוע. און דער דאָזיקער בוך האָט געמאַכט אין מיר אַ גאַנצע איבערקערעניש. איך בין געוואָרן אויס גלויביקער און אויס פרומער. און אַז איך בין געקומען צוריק אין חדר, נאָך מיין געזונט ווערן, האָב איך אָנגעהויבן דעם רבין שטעלן פראַגעס וואָס זיינען גאָרניט געקומען פון שבט מוסר. איך האָב זיך גענומען מתווכח זיין מיט אים וועגן פרומקייט און אמונה.

דער רבי האָט מיר געענטפערט מיט געדולד און געלאַסנקייט, איז קיינ־מאָל ניט אין כעס געוואָרן. ער האָט מיר נאָר איינמאָל געזאָגט, אַז איך וועל אַמאָל חרטה האָבן און וועל אים דערמאָנען, וואָס ער האָט מיר געזאָגט. איז קיין חרטה האָב איך ניט, אָבער דערמאָנען, דערמאָן איך אים יע. איך האָב אַ ליבטיקע דערמאָנונג וועגן אים.

כדי אַרויפצופירן מיך צוריק אויפן ריכטיקן וועג, האָט ער אונדז דער־ציילט מעשיות פון דער הייליקער שטאָט צפת אין א״י, פון של״ה הקדוש און פון רמב״ן. און כאָטש איך האָב שוין מער ניט געהאַט די אמונה אין די אַלע מעשיות ווי פריער, האָב איך דאָך ליב געהאַט צו הערן זיי דערציילן. ער אַליין איז געווען אַן איש תמים; ער האָט אונדז אַליין דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אַ יונגער בחורל און געלערנט מיט חברים אין אַ קלויז, איז ער איינמאָל אין אַ זומערדיקער נאַכט אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און אַרייַנקו־מענדיק צוריק אין קלויז, געזאָגט אויף שפּאַס: אַז אין דרויסן איז אַ ברענעב־דיקער פראָסט. די ייִנגלעך האָבן זיך געכאַפּט זוכן זייערע מאַנטלען, כאָטש עס איז געווען אין מיטן זומער, און קיינער איז ניט געקומען אין קיין אויבער־מאַנטל. קיינער האָט ניט חושד געווען אַז ער קען זאָגן אַ ליגן אָדער מאַכן אַ הלצה.

ביי אים האָב איך געלערנט אַ ווינטער מיט אַ זומער.

# די ישיבה

פון דעם לעצטן מלמד בין איך אַנגעקומען אין ישיבה.

איך אַליין האָב ניט געהאַט קיין גרויסן חשק וויַיטער צו לערנען גמרא און דער משגיח פון ישיבה, וואָס האָט מיך פאַרהערט, איז אויך ניט געווען צו גערן אַרייַנצונעמען מיך; אָבער עס איז געווען כמעט אַ טראַדיציע, אַז יעדער שטאָטישער ייִנגל, פון דעם שענסטן באַלעבאָס׳ קינד ביז דעם זון פון אָרימסטן שוסטער, אויב ער האָט זיך נאָר אַ ביסל אַרייַנגעפּאַסט, האָט געלערנט אַ פּאָר זמנים אין דער ישיבה.

מייַן טאַטע האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז עס וועט עפּעס זייַן פון מיר. פון דער צווייטער זייט, האָט דער משגיח ניט געקענט מיר אָפּזאָגן. מייַן טאַטע איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס צווישן די נאָענטע ישובניקעס; מיר פלעגן נעמען אויף יעדן יום־טוב אַ ישיבה־בחור צו אונדז אַהיים אויף אַ וואָך צייט און אויף ימים נוראים אויף אַ גאַנצן חודש. ווען איך בין עלטער געוואָרן און געהאַט באַקאַנטשאַפט צווישן די ישיבה־לייט, פלעג איך אַליין אויסקלייַבן דעם בחור אָדער ייִנגל, וואָס איז מיר געפעלן געוואָרן. מען פלעגט זיי ביי אונדז אין שטוב און אין די אַנדערע שכנישע הייזער גוט אויפנעמען. אַנדערע פון זיי האָבן געהאַט אַ שיינעם קול נגינה און האָבן געקענט זינגען חזנישע שטיקלעך און פלעגן פרייַלעך מאַכן די שטוב. איך האָב געהערט פיל מאָל, ווי מייַנע שוועסטער האָבן דערמאָנט מיט באַגייסטערונג און בענקשאַפט נעמען פון בחורים, וואָס זייַנען געווען ביי אונדז מיט יאָרן פריער. מען פלעגט זיי רופן אויף די נעמען פון די שטעט פון וואַנען זיי זייַנען געקומען, דער קרינקישקער

און דער טערעספּאַליער, ווי זיי האָבן זיך גערופן אין דער ישיבה. אין מיין צייט בין איך געוואָרן מיט איניקע זייער באַפריינדעט און אַפילו זיי ליב גע־קראָגן. דאָס איז געווען ווען איך האָב שוין אַליין ניט געלערנט אין דער ישיבה, איך האָב אָבער געפירט באַקאַנטשאַפט מיט די וועלטליכערע פון זיי.

די ישיבה איז געווען אַ גרויסער בנין ניט ווייט פון שול־הויף. אינע־ווייניק זיינען געשטאַנען צוועלף טישן. צען אַרום די ווענט און צוויי אין מיטן פון ישיבה. צווישן די מיטלסטע טישן זיינען געשטאַנען צוויי דיקע, הילצערנע זיילן, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט דעם סופיט. די צוויי טישן האָבן זיך גע־רופן: דער משמר־טיש און דער אַחורי־המשמר. ביי די צוויי טישן האָט מען געלערנט יום ולילה. אַז איין ישיבה־בחור איז אַוועק איז געקומען אַ צווייטער. איניקע פלעגן לערנען ביז פאַרטאָג און אַנדערע פלעגן אויפשטיין פאַרטאָג און קומען זעצן זיך לערנען אויף זייער אָרט.

די איבעריקע צען טישן האָבן אויך געהאַט נעמען: פון די טישן, וואָס זיינען געשטאַנען אין מזרח אויףביידע זייטן פון אָרון קודש האָט זיך איין טיש, דער אויף דער רעכטער זייט, גערופן אויפן נאָמען פון ראש ישיבה, ר׳ חיים־לייבס טיש; און דער טיש, וואָס אויף דער לינקער זייט אָרון קודש האָט זיך גערופן — דעם רבס טיש; צום אָנדענק פון אַ פריערדיקן רב, וואָס איז געווען דער באַליבטער רב ביי דער שטאָט, ר׳ חיים זלמנקע, וואָס האָט געוואָלט אַליין ווערן דער ראש ישיבה, אָבער נאָך אַ דין תורה ביי וועלכער די גרעסטע רבנים פון ליטע זיינען געזעסן אין בוררות (און געפּסקנט) איז געבליבן ר׳ חיים לייב דער ראש ישיבה, האָט מען דעם רב מפייס געווען און אַ נאָמען געגעבן דעם צווייטן אין חשיבות! נאָך ר׳ חיים לייבס טיש — דעם רבס טיש.

די דאָזיקע צוויי טישן האָבן געהאַט, אַזוי צו זאָגן, „אונטערטישן". איך זאָג „אונטערטישן" און ניט „הינטערטישן", ווייל זיי זיינען געווען אַ ביסל נידעריקער אין חשיבות ווי די ערשטע טישן: אחורי ר׳ חיים לייב און אַחורי הרב. ביי די דאָזיקע מזרח־טישן זיינען געזעסן די בחורים מיט די גוטע קעפּ און אפשר אַזוי יחסנים. נאָך זיי, ביי די דרום און צפון ווענט, זיינען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן. דער נאָמען פון איינעם איז געווען דער „זייגער־טיש" ווייל איבער אים איז געהאַנגען דער וואַנט־זייגער. און דער צווייטער, ביי דער צפון־וואַנט, האָט זיך גערופן דער „דאָרף־טיש". ביי די טישן זיינען געזעסן די גרויסע, דערוואַקסענע בחורים. זיי האָבן דאָס געדאַרפט רוקן די טישן צום שיעור און דער נאָמען „דאָרף־טיש" איז געווען אַן אָנוואונק אויף זייער באַרוף.

עס זיינען געווען נאָך טישן, קלענערע אין מדרגה: דעם משגיחס־טיש; ר׳ פּרצ׳ס־טיש; (אויפן נאָמען פון אַ געוועזענעם משגיח) דער אויוון־טיש און דער טיר־טיש. צוזאַמען — צוועלף טישן. אין פירהויז זיינען געווען צוויי באַ־זונדערע שטיבלעך — איינס, אַ מין בית־מדרשל און דאָס צווייטע, אַ פּריי־וואַטער חדר פאַר דעם ראש־הישיבה.

לערנען האָט מען אָנגעהויבן ניין דעם זייגער אין דער פרי. דעמאָלט פלעגן די ישיבה־בחורים „אָפּלייענען" דעם בלאַט גמרא, וואָס דער ראש־הישיבה דאַרף היינט זאָגן פאַר דעם שיעור. פונקט צוועלף דעם זייגער האָבן די בחורים פון זייגער־טיש און דאַרף־טיש אַלע מיטאַמאָל אַ רוק געטאָן זייערע טישן צום מיטן זאַל און זיך איינגעשפּאַרט אין דיביידע משמר־טישן, וואָס זיינען געשטאַנען צו מזרח און מערב, און עס האָט זיך באַקומען אַ קאַסטן מיט פיר ווענט. ביי דעם מזרחדיקן טיש האָט זיך געזעצט דער ראש־ישיבה זאָגן דעם שיעור און די ישיבה־לייט האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום אַלע פיר זייטן און די וואָס האָבן ניט געהאַט וואו זיך צו זעצן, זיינען געשטאַנען איבער די קעפּ פון די זיצנדיקע און געהאַלטן אָפן די גמרות אין זייערע אויפגעהויבענע הענט. דער ראש־ישיבה האָט געזאָגט דעם שיעור פון אַן אָפענער גמרא, אָבער די גוטע קעפּ האָבן אים אַלע ווילע איבערגעריסן מיט זייערע קשיהס, וואָס זיי האָבן פון פריער שוין געהאַט צוגעגרייט און דער ראש־ישיבה האָט זיי די קשיהס צוריק אָפּגעשלאָגן אָדער פאַרענטפערט. ניט אַלע ישיבה־לייט זיינען געבליבן אין דער ישיבה צום שיעור. אַ סך האָבן פאַרלאָזן די ישיבה ביז נאָך מיטאָג. דריי אַזייגער האָט מען זיך ווידער געזעצט לערנען ביי די טישן און מען האָט געלערנט ביז ניין אין אָוונט. מנחה און מעריב האָט מען געדאַוונט אין ישיבה גופא סיי זומער, סיי ווינטער.

מיך האָט מען אַוועקגעזעצט ביים זייגער־טיש, ביי וועלכן עס זיינען געזעסן די דערוואַקסענע בחורים, אָבער ניט אין איין ריי מיט זיי, נאָר אויף איינעם פון די קליינע בענקעלעך ביי די עקן פון טיש. ביים שיעור־זאָגן, ווען מען האָט דעם זייגער־טיש געררוקט צום משמר־טיש, זיינען די קליינע בענקע־לעך אַוועקגענומען געוואָרן און איך האָב ניט געוואוסט צי איך געהער יע צום זייגער־טיש אָדער איך געהער ניט.

* * *

די פירער פון דער ישיבה זיינען געווען: ר' חיים לייב, דער ראש־ישיבה, אַ קליינער און אַ רירעוודיקער, מיט אַ שניי־ווייסער פענזיל־בערדל. ער פלעגט אַרומלויפן איבער דער ישיבה מיט קליינע, גיכע טריטעלעך, וואַרפנדיק זיינע בליקן אויף אַלע זייטן. פּלוצלונג איז ער אויסגעוואַקסן הינטער די פּלייצעס פון אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט זיך געשאָקלט ביי דער גמרא און אים געשטעלט אַ פראַגע, טאַקע פון דעם זעלבן בלאַט גמרא, וואָס דער בחור האָט געלערנט. (צו מיר איז ער קיינמאָל ניט צוגעגאַנגען, דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן אַ זכיה).

אים האָט מען ניט פיינט געהאַט און ניט האָלט געהאַט — מען האָט פאַר אים געציטערט. מען האָט געזאָגט: פגיעתו רע. אָבער אונטער די אויגן, ביי זיך אויף די סטאַנציעס האָט מען פון אים גערעדט מיט גרויס שטאָלץ און די וואָס האָבן פון אים געהערט אַ גוט וואָרט, זיינען גליקלעך געווען. ער האָט געזאָגט דעם שיעור פיר מאָל אַ וואָך.

ניט ליב געהאַט און מזלזל געווען אין זיין כבוד האָט מען דעם ראש־ישיבהס זון: ר׳ אברהם, אַ הויכער, מיט אַ טונקל־רויטער באָרד און קורץ־זיכטיקע אויגן. ער האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין חריפות אין לערנען און ניט מיט קיין צופיל שכל אין זיין אומגאַנג מיט מענטשן. (ר׳ חיים לייב האָט געהאַט נאָך אַ זון, ר׳ שמואל, אַ געראָטענערער פון ר׳ אברהמען, אָבער יענער איז געשטאָרבן יונג, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין יינגל.) ר׳ אברהם האָט געזאָגט דעם שיעור די אַנדערע צוויי טעג פון וואָך.

ווען מען האָט טאַקע פיינט געהאַט איז געווען ר׳ אידל, דעם משגיח, דעם ראש־הישיבהס אַ פלימעניק. מען האָט געזאָגט, אַז ער האַלט זיך אויף זיין שטעלע נאָר דערפאַר וואָס ער איז דעם ראש הישיבהס אַ קרוב. אַ יונגערמאַן, מיט אַ ציגן שוואַרץ בערדל, מיט ניט קיין גרויסע ידיעות אין לערנען, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אָפּהיטן די כשרות פון די ישיבה־לייט און האָט זיי אָנגעטאָן אַ סך צרות. ער פלעגט גיין מיט זיין משרת איבער די סטאַנציעס, ווען די ישיבה־לייט זיינען געזעסן אין דער ישיבה און געלערנט און געזוכט טרפות אין זייערע קאַמערן; ער פלעגט אַפילו אויפרייסן זייערע קעסטלעך און זוכן דאָרטן לשון קודשדיקע ביכלעך. אַ רוסישע „גראַמאַטיקע״ אָדער יעפּ־טושעווסקיס „זאַדאַטשניק״ איז נאָך געווען ווי עס איז, אָבער פאַר אַ לשון קודשדיקן ביכל האָט ער באַשטראָפט. ער האָט דעם יינגל פאַרמסרט פאַר זיינע עלטערן אין אַ בריוו אָדער אים איינגאַנצן אַרויסגעשיקט פון ישיבה.

אַ דריטן, ווען מען האָט פיינט געהאַט איז געווען אָט דער משרת, וואָס האָט געהאָלפן דעם משגיח ביי זיינע אונטערזוכונגען. אַ יונגערמאַן, אַ דער־שלאָגענער, מיט אַ צעשויבערט בערדל, אין אַ שטענדיק צעבראָכענעם קאַפּע־ליוש. דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער אָרימסטער און שוואַכסטער, האָבן די בחורים צו אים אויסגעלאָזן דעם גאַנצן כעס און אַכזריות. ביינאַכט, צו דער מעריבדיקער שמונה־עשרה, האָבן די ישיבה־לייט צונויפגעדרייט אַ האַנטוך אין אַ האַרטן קנופּ און געוואָרפן פון הינטן אַרום דעם משרת אין קאָפּ אַריין. זיי האָבן דאָס גערופן „שיקן אַ פעקל״. ער איז געווען דעם משגיחס מענטש, ער פלעגט פאַרמסרן די, וואָס האָבן זיך ניט כשר אויפגעפירט.

„דאָס פעקל״ פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען צום משגיחס קאַפּעליוש אויך. ס׳איז געווען נאָך אַן אופן פון אַ שטומער מרידה אַנטקעגן די מנהיגים. אין די ווינטערדיקע נעכט, ווען אַלע טישן זיינען געווען באַזעצט, און אַלע לאָמפּן האָבן געברענט, האָבן זיך עטלעכע בחורים אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן, צונויפגעע־קנאָטן הויפנס שניי אין האַרטע קוילן און זעצנדיק זיך צוריק צום טיש, כלומרשט לערנען, האָבן זיי פון אונטער די פאָלעס געוואָרפן אַ קויל דאָ אויף איין לאָמפּ — דאָ אויף אַ צווייטן. און איינע נאָך די אַנדערע האָבן די אָנגעהיצטע לאָמפּן־גלעזער גענומען פּלאַצן. די בחורים, וואָס האָבן דאָס געטאָן, האָבן זיך ווייטער געשאָקלט מיט גרויס התמדה.

* * *

די בחורים, פון אַ צוויי הונדערט און פופציק ביז אַ דריי הונדערט אין צאָל, האָבן געטאָן זייערע מענטשלעכע באַדערפעניש אויף אַ פיר־קאַנטיקן פּלאַץ, אַן ערך אַ הונדערט פוס לאַנג און אַ הונדערט פוס ברייט. פון דריי זייטן זיינען געשטאַנען הויכע ברעטערנע ווענט, וואָס זיינען ניט דערגאַנגען ביז צו דער סאַמע ערד, און פון דער פערטער זייט איז געווען האַלב אָפן. ביי די ווענט און איבער דער לענג און ברייט זיינען געלעגן דיקע קלעצער. אויף די קלעצער פלעגן די ישיבה־לייט זיצן און אָפּריכטן די עבודה. צואה און השתנה זיינען געווען אויסגעמישט אין איינעם און מען איז געזעסן אויף משכולת. עס איז געווען אַ נס, וואָס מען האָט זיך ניט אַראָפּגעגליטשט אין דעם שיטערן זומפּ, צוליב דעם וואָס די קלעצער זיינען שטענדיק געווען נאַס. חזירים האָבן דאָרט אַרומגערויעט, ווייל איין האַלבע וואַנט איז געווען אָפן און די איבעריקע ווענט זיינען געווען אַ ביסל אויפגעהויבן פון דער ערד און די חזירים האָבן געקענט גרינג אַריינדרינגען נאָענט צו די מענטשן. מען האָט מיט די הוילע הענט זיי געדאַרפט אָפּטרייבן פון זיך. פונדעסטוועגן האָט עס נישט געשטערט די ישיבה־לייט, וואָס זיינען שוין פאַרטיק געוואָרן, צו שטיין דערביי און רויכערן און שמועסן גאַנצע האַלבע־שעהן־ווייז.

* * *

די מער היינטוועלטיקע, די ייִנגערע ישיבה־לייט האָבן געהאַט אַ שטיבל לעבן ישיבה, וואו זיי האָבן געדאַוונט שבת בציבור. איינער איז געווען דער בעל־שחרית, אַ צווייטער — דער בעל־מוסף און אַ דריטער — דער בעל־קריאה און די איבעריקע — איז ווער עס האָט געוואָלט האָט געדאַוונט אינעווייניק, און ווער ניט — איז געשטאַנען אין דרויסן און געשמועסט.

עס איז געווען נאָך אַ מנין אין אַ שטוב אויפן שול־הויף. דאָרטן זיינען מיר אויך געקומען כלומרשט דאַוונען שבת פרי. אָבער אין דער אמתן האָבן מיר זיך דאָרט געביטן צווישן זיך מיט העברעאישע ביכלעך. עס איז געווען אַ מין בירזשע.

איך האָב געלערנט אין ישיבה אַ יאָר צייט — אַ ווינטער מיט אַ זומער. סוף זומער האָט די ישיבה אָפּגעברענט און ניט נאָר די ישיבה אַליין, נאָר אויך דריי־פערטל שטאָט. אויף מאָרגן נאָך דער שרפה זיינען די ישיבה־לייט זיך צעפאָרן אַהיים, יעדערער אין זיין שטאָט. זיי זיינען געשטאַנען לעבן די באַלע־גאָלישע בוידן מיט זייערע אָפּגעראַטעוועטע קעסטלעך אין די הענט, צווישן זיי זיינען געווען נאָענטע חברים מיינע: דער פינסקער, דער אָשמינער, דער מאַזירער, דער ביאַלאָסטאָקער, דער קערטשער און דער פּאָלטאַווער. איך האָב נאָך זיי אַ סך יאָרן געבענקט און געזוכט זיי איבער דער וועלט.

עס קען זיין, אַז פון זיי זיינען אויסגעוואַקסן פילאָזאָפן, שרייבער און טוער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער דערפאַר וואָס די ישיבה־בחורים האָבן זיך גערופן אויף די נעמען פון זייערע שטעט און ניט מיט זייערע פּערזענלעכע נעמען, האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט ווי אַזוי אויסצוגעפינען זיי. און נאָך

היינט, אַז איך טרעף זיך מיט אַ מענטשן אין מיינע יאָרן, ווילט זיך מיר פרעגן פון וועלכער שטאָט ער איז און צי האָט ער געלערנט אין דער מירער ישיבה.

די ישיבה האָט געהאַט צוועלף „משולחים" (אַזוי האָט מען זיי טאַקע גערופן) וואָס זיינען אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד און אויך איבער אַנדערע לענדער. זיי האָבן אָנגעשפּאַרט ביז סיביר, קאַווקאַז, ענגלאַנד, אַמעריקע און אַפילו אַפריקע. זיי האָבן געקליבן געלט אויסצוהאַלטן די ישיבה, אירע פירער און אויך צאָלן „וואָכער" די ישיבה־לייט.

וואָכער האָט מען געצאָלט אַלע חודש, לויט דער סומע געלט, וואָס די שטאָט פון וואַנען דער בחור איז געקומען, האָט אַריינגעשיקט. געוויינטלעך האָט אַ גרויסע שטאָט געגעבן מער ווי אַ קליינע שטאָט, אָבער עס האָט זיך געמאַכט, אַז פון דער גרויסער שטאָט זיינען געווען פיר אָדער פינף ישיבה־לייט און פון אַ קלענערער שטאָט בלויז צוויי און אַמאָל גאָר איינער. האָט דער פון דער קליינער שטאָט באַקומען מער, ווי די פון דער גרויסער שטאָט. דער וואָכער האָט זיך אָנגעהויבן פון אַנדערהאַלבן רובל און אַרויפשטייגן ביז פיר און פינף רובל אַ חודש. אין אויסנאַם־פאַלן, ווען דער בחור איז געווען אַ מתמיד אָדער געהאַט אַן אַנדער זכות, האָט ער געקראָגן אַ גרויסן וואָכער, אַפילו ווען זיין שטאָט האָט אַריינגעבראַכט ווייניק.

איבער די משולחים איז געווען דער בוכהאַלטער אָדער נאמען פון דער ישיבה, ר' העשל, אָבער די ישיבה־לייט האָבן ניט געהאַט אין אים קיין אמונה.

* * *

עס האָבן געלערנט ביי אונדז אין ישיבה בחורים פון אַלע עקן רוסלאַנד: ליטוואַקעס, פון די נאָענטע שטעט אַרום; וואַרשעווער, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און פּיאות; בחורים פון באַלטישן געגענט, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך דייטשע ביכלעך. ווען איך בין שוין אַרויס פון דער ישיבה, האָב איך נאָך אַלץ אָנגע־האַלטן מיין באַקאַנטשאַפט מיט ישיבה־לייט און אַריינגעקומען צו זיי אויף די סטאַנציעס. ביי איינעם אַזאַ בחור האָב איך געקראָגן דעם בוך לידער פון דעם רוסישן פּאָעט: פּאַליעזשאַיעוו, און בין אַזוי פאַרשיכורט געוואָרן פון די לירישע לידער, אַז איך האָב אָנגעהויבן אַליין שרייבן רוסישע לידער. (פון ליערמאָנטאָוו און פּושקין האָב איך נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט). אַ סיבירער יינגל, יאַשע, אַ בלייכער, מי טשניי־ווייסע ציין. אין אַ הויכער, גרויער פּאַפּאָכע; און אַ קאַווקאַזער בחור, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך צוויי היטלען, ווי עס טראָגן די איינוואוינער פון זיין געגנט; איינע אַ רונדע, רויטע פעסקע מיט אַ מעשענער הענטל און אַ צווייטע — אַ פירקאַנטיקע סויבעלנע שטריימל מיט אַראָפּהענגענדיקע קוטאַסלעך אין אַלע פיר עקן.

די צאָל נעמען פון די שטעט און שטעטלעך איז געווען אין די הונדערטער, און די עלטער פון די ישיבה־לייט — פון פערצן ביז עטלעכע און צוואנציק יאָר. קיין מוסמכים אויף רבנות צווישן די ישיבה־לייט זיינען ניט געווען.

* * *

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך עס אַ סך געענדערט אין ישיבה, סיי דער אופן פון לערנען — עס זיינען ניט געווען מער קיין טישן, מען האָט געלערנט ביי שטענדערס — סיי דער אופן פון אויפהאַלטן די ישיבה און תמיכה פאַר די בחורים. אָבער איך גיב נאָר דעם אויסערלעכן פּנים און די פּירונגען פון דער ישיבה אין מיין צייט.

## צעשטערט אַ מנין

דער מנין פון דאָרף איז געווען ביי אונדז אין שטוב פון כמה יאָרן. מיר האָבן געהאַט אַ ספר תורה און די נאָענטע און ווייטע שכנים זיינען שבת און יום־טוב געקומען צו אונדז דאַוונען.

פאַר מיר האָט דער מנין געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג. ערשטנס, דער־מיט, וואָס עס זיינען געקומען פרעמדע מענטשן אין שטוב, אָנגעטאָן אַלע שבתדיק, איבערהויפּט מיינע חברים, די יינגלעך אָדער בחורימלעך פון חיים גדליה, דעם שענקער, אונדזער מחותן (מיין שוועסטער איז געווען פאַרהייראַט צו זיין זון). דער פאָטער איז געווען אַ רייכער אָבער אַ קאַרגער ייד און האָט זיך ניט געוואָלט לאָזן קאָסטן אויף קינדערשע מלבושים. זיינען די קינדער אַליין אַוועק צום שניט־קרעמער, טאַקע אַ שטיקל קרוב זייער טאַטנס, און דאָרט אויס־געקליבן די שענסטע און בעסטע סחורות פאַר זיך אויף גאַרניטורן. אַז דער פאָטער איז נאָך יום־טוב געקומען אין קראָם האָט ער געשריען און געשאָלטן די אייגענע קינדער, אָבער סוף כל סוף באַצאָלט וויפיל דער קרעמער האָט געהייסן.

און אַז די יינגלעך און בחורימלעך זיינען געקומען דעם ערשטן טאָג יום־טוב צום מנין, האָב איך ניט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון זייערע אָנצוגן און פּילפאַרביקע זיידענע שניפּסן. אַזוי איז דער יום־טוב פאַר מיר געוואָרן וויכטיק, ניט נאָר צוליב די גוטע מאכלים, נאָר אויך צוליב דער יום־טובדיקער לופט, וואָס דער מנין האָט אַריינגעבראַכט אין שטוב.

איך געדענק אויך די פרימאָרגנס פון די ערב ראש השנהדיקע סליחות, ווען דער הויכער, גרויסער לייבע דער באָנדער האָט אויסגעזונגען די „ענוס" איבער מיין בעט, וואָס איז געשטאַנען ביי אַ ווענטל הינטער דעם אָרון קודש. זיין קרעפּטיק קול און דער ניגון האָבן מיך אויפגעוועקט פון שלאָף און איך, אַ האַלב אָנגעטאָנענער, בין אַרויסגעלאָפן אין דעם קילן, נאָך האַלב פינצטערן דרויסן און זיך דערפילט ווי איך וואָלט געווען אַ גרויסער, דערוואַקסענער מענטש.

אָבער איינמאָל, ווען איך בין געווען אַ יונגער בחורל, איז דער מנין צע־שטערט געוואָרן אויף אַ לענגערער צייט.

די מעשה איז געווען אַזוי:

חיים גדליה דער שענקער און לייזער דער שמיד האָבן זיך געלערנט די מלאכה פון שמידעריי ביי חיים גדליהס טאַטן, גרשון דעם שמיד, וואָס האָט געוואוינט אין שטאָט. און איצט, אויף די עלטערע יאָרן, אַז זיי האָבן געוואוינט אין דאָרף אַ שטוב קעגן אַ שטוב, זיינען זיי אויך געבליבן די זעלביקע גוטע פריינט. זיי האָבן דאָך געלעבט פון באַזונדערע פּרנסות. איז לייזער דער שמיד אָפּגעלעגן זיין גאַנצע לײדיקע צייט פון דער מלאכה ביי חיים גדליהן אין שענק.

„אַז אַ גוי איז געקומען אָנטאָן אַ רייף אויף אַ ראָד אָדער אונטערשמירן אַ פערד, צי שאַרפן אַ קאָסע איז באַריש געווען דאָס ערשטע געבאָט."

אָבער דאָס מזל איז געווען פאַרשידן בייביידן. דער שענקער איז געווען אַ ייד אַ גביר, האָט געהאַט פינף גערעטענע זין און צוויי שיינע טעכטער. לייזער דער שמיד האָט געהאַט אַן אַלט, נאַריש ווייב און דריי קינדער, פון וועלכע נאָר איינס איז געווען אַ געראָטנס און די איבעריקע צוויי קראַנקע און שוואַכ־זיניקע.

עס האָט זיך געפירט פון יאָרן און יאָרן, אַז לייזער איז געווען דער בעל־תפילה ביים מנין, ניט ווייל ער איז געווען דער גרויסער מבין במילות, נאָר ווייל עס איז געווען אַן איינגעשטעלטע זאַך און קיינער האָט עס ניט געוואָלט אַוועקנעמען ביי אים.

מאַכט זיך אָבער, אַז ביי לייזערן שטאַרבט דאָס אַלטע ווייב און ער האָט חתונה מיט אַ יונגער אַלמנה, טאָקע פון אונדזער דאָרף, אַן איינגרייסערקע, און זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואָג ביי דער קוזשניע אויפצוקויפן תבואה ביי די פאַרבייפאָרנדיקע גויים צום מאַרק אין שטאָט, פּונקט קעגנאיבער דעם שענקערס וואָג. פון דעמאָלט אָן איז די פריינדשאַפט איבערגעריסן געוואָרן און מען האָט זיך גענומען קריגן.

אין יענער צייט האָט אויך געטראָפן, אַז ביי דעם שענקער איז געשטאָרבן די מאַמע און ער איז געוואָרן אַ יתום און אָנגעהויבן זאָגן קדיש יעדן שבת ביים דאַוונען. און אַז ער האָט געזען, אַז ער גייט אַרויס מיט גאַנצע ציין פון דער קדיש עברי, איז ער אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן געקומען און האָט פאַרכאַפּט דעם עמוד און זיך געשטעלט דאַוונען. לייזער דער שמיד, רעכענענדיק אַז די חזקה איז זיינע, האָט זיך אויך געשטעלט דאַוונען ביים גרויסן טיש, מיטן פּנים צו מזרח, האָבן זיי ביידע געדאַוונט און איינער האָט אויסגעלאָזט אַ תפילה פריער און אַ צווייטער שפּעטער. און מיר, דער איבעריקער עולם, האָט ניט געוואוסט אויף וועמעס תפילות צו ענטפערן „אָמן".

אַלע האָבן געזען, אַז חיים גדליה איז אַריינגעקראָכן אין אַ פרעמדן רשות היחיד. און מיין ברודער משהקע, זייער אַ „ווּספּילטשיוּוער", האָט עס אים פאַרגעוואָרפן. האָט חיים גדליה זיך אָנגעהויבן צו זידלען און אָנגערופן אונדז „אָנזעצערס" (כאָטש די דריי הונדערט רובל, וואָס מיר האָבן ביי אים געליען צו זיין זונס חתונה מיט מיין שוועסטער, האָבן מיר אים שוין לאַנג געהאַט

אָפּגעגעבן מיטן פּראָצענט), און אויפגעוואָרפן מיינע מיידלעך שוועסטער, אַז די קליידלעך, וואָס זיי טראָגן זיינען געקויפט געוואָרן פאַר זיין געלט. האָט מיין ברודער אים דערלאַנגט אַ פּאַטש און איז אַנטלאָפן אין קאָמער זיך באַהאַלטן. אָבער הירשל, חיים גדליהס זון, אַ שיינער, קרעפּטיקער בחור, האָט אים נאָכ־געיאָגט און ווען עס מישן זיך ניט אַריין ראָמאָן, דער גויאישער מילנער און נאָך אַ פּאָר זייטיקע מענטשן, וואָלט ער מיין ברודער דאַן צעממיתט.

אין דער גרויסער שטוב האָט זיך אין דער זעלביקער צייט אָפּגעשפּילט אַן אַנדער חתונה. דעם שמידס חסר־דעהדיקער זון האָט עפּעס פאַרשטאַנען, אַז זיין טאַטע ווערט געקריוודעט פון דעם שענקער: האָט ער געכאַפּט אַ לייכטער פון טיש און געוואָלט מיט דעם שפּאַלטן דעם שענקער דעם קאָפּ. איז צוגעשפּרונ־גען חיים גדליהס יינגערער זון און דערלאַנגט עטלעכע פּעטש דעם שמידס קראַנקן זון און אים אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד.

די סומאַטאָכע האָט אָנגעהאַלטן אַ היפּשע ווײַלע ביז דער שענקער מיט די זיין זיינען אַרויס פון שטוב מיט זידלערייען און חוזק־רופן קעגן מיינע שוועסטער.

און אין דרויסן, אויף דער גרעבליע, האָט שמואל, חיים גדליהס אַ יינגערער ברודער, וועלכער איז געקומען צו גאַסט אויף שבת, ווי אַרומגעשפּאַצירט איבער דער גרעבליע מיט אויפגעהויבענע הינטערשטע פּאָלעס פון דעם לאַנגן סורדוט, אַנטקעגן מיין עלטערער שוועסטער, באַשקע. און זי איז אים אויך אַנטקעגנגעגאַנגען איבער דער גאַנצער לענג פון וועג מיט אויפגעהויבענע הענט און געשאָלטן.

פון דעמאָלט אָן איז דער מבין צעשטערט געוואָרן אויף אַ לאַנגער צייט. מען איז ניט געקומען איינער צום אַנדערן אין שטוב און ניט גערעדט, ווען מען האָט זיך באַגעגנט.

אינטערעסאַנט איז געווען, וואָס נאָך דעם קריג האָבן מיר זיך אַלע מאָנטיק באַגעגנט אין שטאָט ביים מאַרק, מיר ביי אונדזער שוועסטער און ער ביי זיין זון אין שטוב, וואוהין מיר אַלע פלעגן פאַרפאָרן. מיר זיינען געזעסן ביי איין טיש, גענוצט דאָס זעלביקע קענדל ביים וואַשן זיך צום עסן, דעם זעלביקן מעסער ביים ברויט אָפּשניידן — באַזונדערע ברויטן; אָבער מען האָט ניט גערעדט צווישן זיך.

# ע פּ י ז אָ ד ן

## עפּיזאָד נומער איינס

אָנצוטאָן אַ נייעם גאַרניטור איז געווען אַ געשעעניש אין מיינע יינגלשע יאָרן.

איך פלעג אָנהויבן מאָנען, גיכער בעטן, אַ נייעם בגד אין מיטן זומער, אין די שטאַרקע היצן. געבעטן האָב איך ביי דער מאַמען און די מאַמע האָט געדאַרפט פאַרוואַרפן אַ וואָרט פאַר מירביים טאַטן, ווען ער איז געווען אויפ־געלייגט. און דער טאַטע האָט ערשט געדאַרפט אָנקומען צום ברודער, וואָס האָט געפירט די הוצאה און הכנסה פון מיל, ער זאָל גיין אין שניט־קראָם און נעמען אויף באָרג סחורה און אָפּגעבן דאָס צום שניידער אויפצונייען.

דאָס פלעגט זיך אַמאָל פאַרציען אויף וואָכן און חדשים גאַנצע. דערוויל האָט דער זומער געהאַלטן ביים סוף און איך האָב געדאַרפט אַ ווינטערדיקן בגד. אין שטוב אָבער האָט מען נאָך אַלץ גערעדט וועגן דעם זומערדיקן. אַזוי איז אויך געווען ווען איך האָב געדאַרפט אַ ווינטערדיקן בגד. עס איז אויסגעקומען זייער אָפט, אַז אַ שטיק אין ווינטער האָב איך נאָך אַלץ געטראָגן אַ גרינגן בגד און אַ האַלבן זומער — אַ שווערן. דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן צוליב מיין טאַטנס אָדער ברודערס קאַרגשאַפט אָדער נאַכלעסיקייט, נאָר וויל עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרייטער רובל אין שטוב. די הוצאה איז פאַרלאָפן דער הכנסה.

*　　　*　　　*

עס איז געווען אין מיטן ווינטער. איך האָב דעמאָלט געלערנט ביי אלי הירשל, דעם גמרא־מלמד און בין איינגעשטאַנען סטאַנציע אין אַ שטוב אויפן שול־הויף. פרייטיק פאַרנאַכט האָט מיר דער שניידער געבראַכט מיין נייעם לאַנג־דערוואַרטעטן גאַרניטור. ער איז געווען פון אַ ברוינעם, געקעסטלטן שטאָף. איך בין געווען שטאַרק אויפגערעגט און אומגעדולדיק. איך האָב געוואָלט, אַז די גאַנצע שטאָט זאָל אים זען. איך האָב אָבער געוואוסט אין שטוב, פון אונ־דזערנס אַ קרוב, וואוהין איך וועל געוויס גיין ווייזן זיך אין אים מאָרגן נאָך וואַרמעס.

אין דעם הויז וואו איך בין איינגעשטאַנען האָט מען אין דער נאַכט פון פרייטיק אויף שבת אָנגעגאָסן אַזויפיל גאַזע אין לאָמפּ, אַז עס זאָל סטייען אויף אַ גאַנצע נאַכט. איך בין געשלאָפן אויף אַ קאַנאַפּע לעבן טיש וואו דער לאָמפּ איז געשטאַנען. איך האָב זיך אַלע ווילע אויפגעכאַפּט. די נאָענטקייט פון אָנגע־צונדענעם לאָמפּ און דאָס תהילים־זאָגן פון דעם אַלטן יודע־זרח אין קיך, האָבן געמאַכט מיין שלאָף גרינג און קורץ־ווייליק.

דער אַלטער יודע־זרח איז געווען דער באַלעבאָס פון דער דירה. ער איז געווען אַ ייד פון איבער זיבעציק.. ער האָט קיינעם ניט געהאַט. זיין איינציקער זון, איטשע, איז געווען פאַרשיקט אין סיביר פאַר האַנדלען מיט פאַלשע געלט און צוליב דעם טאַקע פלעגט דער אַלטער אויפשטיין אַלע פאַרטאָג און זאָגן תהילים מיט אַן אומעטיקן ניגון, אָבער מיט אַ קלאָרער אויסשפּראַך. איך ווייס ניט צי דאָס איז געווען אַ תשובה, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען אויף זיין זונס זינד אָדער אַ תפילה צו גאָט ער זאָל זיין גוט צו זיין איינציקן קינד? דעם פאָטערס אומעטיקער ניגון פלעגט מיך אַלצאיינס אויפוועקן אַלע אין דער פרי.

אָבער דאָס מאָל איז נאָך צוגעקומען מיין אומגעדולד צוליב מיין נייעם גאַרניטור.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט ביז עס איז געוואָרן זעקס אַזייגער פאַרטאָג. איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַוועק אין דעם באַלויכטענעם בית מדרש, וואָס איז געווען נאָר עטלעכע צענדליק טריט פון הויז.

אין בית מדרש ביי אַן אַלטן, צעקאַרבטן און צעשניצטן טיש, ביי איינער פון די צוויי הרובעס, זיינען געזעסן אַ צענדליק מענטשן. עטלעכע יונגע ישיבה־בחורים, וואָס זיינען געקומען פון ישיבה, אַ ביסל צעשטרייען זיך נאָך אַ גאַנצער נאַכט לערנען ביים משמר־טיש, און אַ פּאָר עלטערע יידן, צווישן זיי איינער ראובן, דער טשאַוואוק, אַן אַלטער מאַן, אַ נידעריקער, מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, וואָס איז געווען ערטערווייז גרין באַפלעקט פון שמעק־טאַבאַק. ער האָט געהאַלטן פאַרן עולם אַ „לעקציע" אין אַסטראָנאָמיע: „די שטערן הענגען ווי די הענג־לייכטער אין דער קאַלטער שול. אַז די זון גייט אונטער קומען מלאָכים־שמשים און צינדן אָן די שטערן. פאַרטאָג קומען זיי ווידער און לעשן זיי אויס און דעמאָלט קומט די זון".

מיר האָבן זיך אַלע צוגעהערט; ווער עס האָט אָנגענומען זיינע רייד פאַר אמת און ווער עס איז גלאַט טשיקאַווע געווען צו הערן אַ שיין מעשהלע.

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן צו קומען יידן צום שבתדיקן דאַווענען.

* * *

איך האָב קוים אָפּגעגעסן וואַרמעס און בין אַוועקגעלאָפן צו אונדזער קרוב, וואו עס איז געווען אַ יינגל, מיינער אַ חבר, און וואו איך האָב געוואוסט, אַז מען וועט באַוואונדערן און פרייען זיך מיט מיין נייעם גאַרניטור.

די שטוב האָט זיך געפונען אין עק ווילנער גאַס. אָבער פריער האָט מען געדאַרפט דורכגיין דעם רבס גאַס, וואו עס האָבן געוואוינט די גבירים פון שטאָט און די איינציקע גאַס, וואָס האָט געהאַט הילצערנע טראָטוארן ביי די זייטן. איך בין געגאַנגען, כמעט געלאָפן, מיט אַ פריילעך, קלאַפּנדיק האַרץ. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט ווי מען וועט מיך דאָרט באַגעגענען און ווינטשן: „טראָג־געזונט".

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען מען האָט שוין אָפּגעגעסן וואַרמעס אין די הייזער און די דינסטן האָבן צוגערוימט די געפעס פון די טישן. מיט־אַמאָל, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען אַ גבירישע שטוב, האָט זיך אָן עפן געטאָן אַ טיר און אַ דינסט־מיידל מיט אַ פולער פּאָמוייניצע, האָט אַ גאָס געטאָן דאָס אומריינע וואַסער און פאַרגאָסן מיין ווינטערדיקן מאַנטל און די נייע הויזן.

איך בין געוואָרן צעטומלט. עס איז מיר געווען, ווי אימיצער וואָלט מיר אומגעריכט דערלאַנגט מיט דער פולער האַנט אַ פּאַטש איבערן פּנים. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. צי זאָל איך זיך אומקערן אַהיים אָדער גיין ווייטער. איצט האָב איך זיך שוין פאָרגעשטעלט דעם אויסגע־שריי וואָס זיי וועלן געבן, ווען זיי וועלן מיך דערזען אין אַזאַ מצב. איך האָב ניט געהאַט קיין נאַטור זיך פאַנאַנדערצואווייגען ביי יעדן אומגליק און גראָד

דעמאָלט, ווען דער ווייטיק איז געווען גרעסער, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ קנויל אין האַלדז און ניט געלאָזן וויינען.

## עפּיזאָד נומער צוויי

געקומען צו אונדז צופאָרן פון אַ דרום־רוסישער שטאָט אונדזערער אַ ווייטער קרוב, ק. אַ הויך־געוויקסיקער יונגערמאַן, פון אַ יאָר פינף־זעקס־און־צוואנציק, מיט אונטערגעשאָרענע ,געדיכטע שוואַרצע וואָנצן.

ער האָט געזאָלט ווערן אַ חתן פאַר מיין שוועסטער, אָבער דאָס מיידל איז געווען צו איינפאַך פאַר אים, אַ ישובישע מיידל, ניט קיין צו שיינע און ניט קיין באַרעדעוודיקע.

ק. האָט געבראַכט מיט זיך אַ גרויען, געשמידטן קופערט מיט העברעאישע ביכער און צוויי יאָרגענג ניט־געבונדענע „המליץ־נומערן", וואָס מיר האָבן איינגעבונדן און איך בין איבער זיי געזעסן און געלערנט פּאַראַיאָריקע און פאַר־צוויי־יאָריקע וועלט־פּאָליטיק און אַלערליי חכמות און „ידיעות־שונות".

אָבער אַזוי ווי ער איז פאַרמעל ניט געקומען אַלס חתן און מען האָט דערפון ניט גערעדט אָפן, דערצו האָט זיין פאָטער, וועמען דער פריץ האָט אַרויסגע־וואָרפן פון אַ מיל, זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין שטוב שוין עטלעכע יאָר, (איך גלויב, אַז דאָס איז געווען טאַקע דער פאָטער זיינער, וואָס האָט געוואָלט דורכפירן דעם שידוך אויס דאַנקבאַרקייט צו אונדז) איז ער אויך געבליבן זיצן ביי אונדז אין הויז.

ער איז געווען ווי איינער, וואָס איז אַוועק אין וואַלד זוכן יאַגדעס און האָט קיין יאַגדעס ניט געפונען, אָבער האָט דערוויל זיך פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד און ניט געקענט געפינען דעם וועג צוריק.

זאָגן אָפן, אַז דאָס מיידל געפעלט אים ניט, האָ ער ניט געקענט. ער וואָלט דעמאָלט געמוזט פאַרלאָזן אונדזער הויז און קענטיק, אַז ער האָט ניט געהאַט וואוהין צו פאָרן. ער איז געווען אַ העברעאישער לערער און ווען ער איז אַוועק־געפאָרן פון זיין שטאָט האָט ער אויפגעגעבן זיינע „אוראָקן".

איך בין דעמאָלט געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבעצן, וואָס האָט געגלוסט נאָך נייע באַקאַנטשאַפטן, נאָך אַ פרישן ווינטל, וואָס קומט פון אַ פרעמדער,, גרויסער שטאָט און ער האָט אין זיין איינזאַמקייט געזוכט אַ יונגע נשמה צוצוטוליען צו זיך.

מיר האָבן צווישן זיך ווייניק גערעדט ; ער איז געווען אַ שווייגער. נאָר ווען ניט ווען זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ וואָרט, מיט אַ מיינונג וועגן אַ לשון־קודשדיקן בוך, וואָס איך האָב פריער געלייענט אָדער וועגן אַ נייעם בוך, פון די וואָס ער האָט מיטגעבראַכט אין דעם געשמידטן קופערט. עס איז אַלעמאָל געווען ער, וואָס האָט מיט מיר פאַרפירט דעם שמועס וועגן ביכער. איך האָב ניט געוואַגט.

איך האָב ליב געהאַט ווען ער האָט מיך גערופן גיין מיט אים שפּאַצירן. אַ סך מאָל אין די שטילע זומערדיקע פאַרנאַכטן האָבן מיר געגומען די טשאַיקע לעבן הויז, און אַוועקגעפאָרן ווייט אויפן טייך.

ער, דער גרויסער, דער שווערער, איז געזעסן אין איין עק פון טשאַיקע, געהאַלטן די וויעסלע און געטריבן, און איך, אַ יונגער, אַ גרינגער, אַ ייִנגל כמעט, אין צווייטן עק, צו שאַפן כאָטש אַ וועלכן עס איז קעגן־געוויכט, זיין העלפּט זאָל ניט זינקען צו טיף אין וואַסער. איך האָב זיך געפילט זייער געוואַגט זיצנדיק אויפן „נאָז", אויפן פאַרשאַרפטן שפּיץ פון שיפל, איבער־הויפּט אין די טיפע ערטער, ווי אויפן שפּיץ פון אַ טורעם.

מיר פאָרן שווייגנדיק אָבער עס איז אונדז ביידן גוט. מיר — צו פּילן די זיכערקייט אויפן מיטן טייך מיט אַ גרויסן, שטאַרקן מאַן און אים — צו האָבן ביי זיין זייט אַ יונגן בחורל, אַ נושא כלים.

די מיל, די שטאַלן און די איבעריקע הייזער דערווייטערן זיך פון אונדז, דרייען זיך אויס מיט די פּלייצעס, ווערן פרעמד, אַנדערש, ווי מיר וואָלטן אַריינגעפאָרן אין אַ חלום־לאַנד.

דאָס וואַסער איז גלאַט, ווי דער שטערן פון אַ יונגן ייִנגל אָן קיין איינציקן פאַלב. נאָר די וויעסלע הויבט אויף מיט אַ שטילן גערויש אַ ברייטן וואַסער־וואַל, וואָס פאַרשווענקט די געדיכטע גראָז, וואָס הענגט אַרונטער פון די נידעריקע טאָרפיקע ברעגן, ווי צעלאָזטע פרויען־האָר איבער אַ קלאָרן שיסל וואַסער.

און אָט די שטילע, שווייגנדיקע נסיעות, דאָס זיין אַליין ווייט פון מיל, האָט אונדז געמאַכט נאָענט צווישן זיך, ווי מיר וואָלטן ביידע געהאַט אַ סוד, וואָס קיינער טאָר פון אים ניט וויסן.

* * *

עס איז געקומען ווינטער.

איך האָב מיינע טעג און וואָכן געטיילט צווישן דאָרף און שטאָט.

מיינע אַן עלטערע שוועסטער האָט געהאַט אַן אייגן הויז אין שטאָט, אין מיטן מאַרק. איך פלעג צו איר קומען אויף גאַנצע וואָכן. אויך ק. איז אָפט געקומען צו מיין שוועסטער אין שטאָט אויף אַ פּאָר טעג. אין שטאָט איז פּאָרט פריילעכער. מען זעט מענטשן גייענדיק פאַרביי די פענצטער.

איך האָב שוין יענעם ווינטער ניט געלערנט אין ישיבה, אָבער איך האָב געהאַט נאָענטע חברים דאָרטן מיט וועמען איך האָב געלערנט צוזאַמען מיט אַ יאָר פריער. איינער פון זיי איז געווען אלי אָשמיאַנסקי, פון פּאָלטאַווע. איך האָב אים גערופן מיט זיין אמתן נאָמען און ניט אויפן נאָמען פון זיין שטאָט, ווי עס האָט זיך געפירט צווישן די ישיבה־לייט. ער האָט געהאַט טונקל־בלאָנדע האָר און בלויע אויגן. די בלויע אָדערלעך ביי די שלייפן זיינען אַרויסגעטראָטן אונטער דער צאַרטער הויט. מען האָט געקענט זען ווי דאָס בלוט לויפט דורך זיי, און ווי „דער אָדער שלאָגט".

עס האָבן מיך פֿאַרבונדן מיט אים דינע פֿעדים.

ער האָט געוואוינט ביי זיינע קרובים אין אַ שטוב אויפֿן שול־הויף. זיי האָבן געהאַט אַ טאָכטער פֿון אַ יאָר פֿערצן־פֿופֿצן, מיט בלאָנדע האָר און שוואַרצע אויגן מיט לאַנגע וויִעס און זי האָט אויסגעקוקט עלטער ווי זי איז געווען.

אין דעם דאָזיקן מיידל האָב איך זיך שפּעטער שטאַרק פֿאַרליבט, אָבער דער צוויט פֿון דער שפּעטערדיקער, צייטיקער ליבע, האָט שוין געבליט אין האַרצן.

מיין חבר, דער פֿאַלטאַוועך, האָט געהאַט אין דער היים אַ יונגערן ברודער, ירמיה, וואָס האָט געשריבן העברעאישע שירים. אלי האָט פֿאַר מיר געלייענט זיינע בריוו און די שירים. ער אַליין איז ניט געווען קיין פּאָעט, אָבער ער איז געווען אַ באַגייסטערטער לייענער. איינמאָל אין אַ פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, ווען איך בין געגאַנגען צו אים, האָב איך נאָך אויף דער זייט טיר געהערט זיין קלינגענדיקן קול. ווען איך בין אַריינגעקומען איז ער גע־לעגן אויפֿן בעט מיטן פּנים אַרויף און אויסגעזונגען פֿון דעם גראָבן „כנסת ישראל" המצייר מאָנעס ליד: „משאת נפשי".

איינמאָל שפּאַצירנדיק מיטן פֿאַלטאַוועך אין אַ שטילער, פֿראָסטיקער נאַכט, האָב איך געטראַכט ביי זיך, אַז איך וועל אים באַקאַנען מיט מיין קרוב ק., וואָס האָט זיך גראָד דעמאָלט געפֿונען ביי מיין שוועסטער אין שטאָט.

כ'האָב האַרציק ליב געהאַט מיין יונגן חבר און זיך געגרויסט מיט דער פֿריינטשאַפֿט און נאָענטקייט, וואָס דער עלטערער און געבילדעטער ק. ווייזט מיר אַרויס.

דאָס איז געווען אַרום עלף דעם זייגער ביינאַכט. מיין שוועסטער און שוואָגער זיינען געשלאָפֿן אין זייער קליינעם צימערל. ק. איז געזעסן ביים באַלויכטענעם טיש לעבן טיר איינער אַליין. ער איז אויפֿגעשטאַנען עפֿענען מיר די טיר. אַריינקומענדיק האָב איך זיך אָנגערופֿן, אָנווייזנדיק אויף מיין חבר: „דאָס איז אלי אָשמיאַנסקי", און מיין חבר האָט אַ ביסל אויפֿגעהויבן און אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו אים, אָבער ער האָט זי ניט אָנגענומען און אַזוי שטייענדיק אין זיין גאַנצער הויך, אַ כעסדיקער און מיט אַ ביטול זיך אָנגערופֿן צו מיר: „וואָס ווילסטו פֿון מיר, ווער דאַרף האָבן דיינע חברים?"

איך ווייס ניט פֿאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי באַנומען צו אונדז: צי ווייל עס איז אים געווען ביטער אויפֿן האַרצן האָט ער אויסגעלאָזן די ביטערקייט צו מיר, אָדער עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען, וואָס איך האָב אַרויפֿגעבראַכט אַ יונגן יינגל ווי זיינעם אַ גלייכן. אין דער אמתן האָט ער דאָך מיך אַליין אויך ניט געהאַלטן פֿאַר זיין גלייכן.

ווען איך האָב באַגלייט מיין חבר אַהיים, האָב איך ניט געהאַט קיין איין טרייסט־וואָרט פֿאַר אים. איך בין געווען אַליין פֿאַרשעמט און דערשלאָגן, נאָך מער ווי דעמאָלט, ווען די דינסטמיידל האָט אָפּגעגאָסן מיין נייעם גאַרניטור.

## עפּיזאָד נומער דריי

ווען עס איז מיר געגאַנגען דאָס פערצנטע יאָר, האָב איך געלערנט ביי מיין לעצטן מלמד, דעם „אוזדער". ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ בעל־חשבון און אַ מקובל.

עס איז געווען אַ געוויינטלעכע זאַך, אַז צו אַן עלטערן מלמד זאָל אַרויפ־קומען אין חדר זיינער אַ געוועזענער, שוין אויסגעוואַקסענער, און אַפילו אַ באַווייבטער, תלמיד.

אַמאָל איז אַזאַ געוועזענער תלמיד אַרויפגעקומען פאַרמסרן זיינעם אַן יינגערן ברודערל, וואָס האָט יענעם זמן געלערנט ביים רבין און אַמאָל אַזוי זיך דורכשמועסן וועגן אַ לומדישן ענין. די חדר־יינגלעך זיינען אַלעמאָל געווען דערפרייט מיט אַזאַ פלוצלינגען גאַסט. ער האָט זיי אויף אַ ווײַלע אַוועקגענומען פון דער גמרא און אַריינגעטראָגן אַ ביסל „דרויסן" אין חדר.

איינמאָל איז אַריינגעקומען צו אונדז אין חדר אַ יונגערמאַן, אויך אַ געוועזענער תלמיד, וואָס האָט געקענט גוט לערנען און אויך געווען באַהאַוונט אין יידישער געשיכטע. זיי האָבן פאַרפירט אַ לאַנגן שמועס. דער רבי איז געזעסן אויף זיין שטול ביים טיש, די גרינע פאַטשיילקע צונויפגעקנייטשט אויף דער גמרא און דער יונגערמאַן, דער גאַסט, האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן חדר הין און צוריק.

איך בין געווען צו יונג צו באַנעמען אַלץ וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. אָבער איינציקע ווערטער און נעמען האָב איך אויפגעכאַפּט און זיי זיינען פאַרבליבן מיט מיר ביזן היינטיקן טאָג. מען האָט דערמאָנט דעם בעל שם און זיין מרידה קעגן די רבנים מיט זייער טרוקענעם גמרא־לימוד און האַרטן פּילפּול.

עס האָט זיך מיר דערהערט דער נאָמען ר' אַהרעלע: אַ יונגער רב, האָט פאַרלאָזן זיין שטאָט וואו ער האָט ניט געקענט אויסקומען מיט די באַלעבאַטים און איז אַוועק צו זיין שווער, וואָס האָט געהאַלטן אַ שענק אין אַ דאָרף, ווידער עסן קעסט.

זיין נאָמען איז געווען אהרן רמז, אָבער זיי, דער רבי און זיין גע־וועזענער תלמיד האָבן אים גערופן מיטן פאַרצויגענעם נאָמען: ר' אַהרעלע.

מער האָב איך וועגן אים ניט געהערט, כאָטש זיין שווער, ביי וועמען ער האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט געוואוינט אין אונדזער געגענט, אַ שכן כמעט.

ערשט אין אַ פיר־פינף יאָר אַרום, „ווען איך בין אויף לידער קראַנק געוואָרן", און מיין ברודער האָט זיך זייער געזאָרגט וועגן מיין חולאת, האָט מען זיך ביי אונדז אין שטוב דערמאָנט אָן ר' אהרעלען, וואָס זיצט ביי זיין שווער אויף קעסט אין אַ ניט־וויטן דאָרף.

מען האָט גלייך געדונגען אַ פור און איך האָב גענומען מיינע העברעאישע און רוסישע שירים און בין געפאָרן אין דעם דאָרף „קאָסויקע", וואָס האָט זיך געפונען אַ צוויי רוסישע מייל פון אונדז.

**דאָס איז געווען אין מיטן ווינטער. דער נאָך־מיטאָג איז געווען אַ וואָלקנדיקער און אַ מילדער. די פּערדישע קאָפּיטעס האָבן אָפּגעשלאָגן ווייך און ריטמיש אין דעם ניט־צו־טיפן שניי.**

**איך בין אָנגעקומען אין בין־השמשות. די קרעטשמע איז געווען אַ גרויסע, פיר־קאַנטיקע געביידע ניט ווייט פון דאָרף. דער ערשטער חדר, וואוהין איך בין אַריינגעקומען איז געווען זייער אַ גרויסער און כמעט אַ ליידיקער. קיין מענטשן זיינען דאָרט ניט געווען, נאָר זייער גרויסע קויפן מיט בראָנפן זיינען געלעגן אויף נידעריקע געשטעלן ביי די ווענט. אין צווייטן חדר, אַ ביסל אַ קלענערן, זיינען געשטאַנען עטלעכע לאַנגע טישן און אַ פּאָר צענדליק גויים, בעלי־גופים פון דאָרף, זיינען געזעסן אַרום זיי און גע־באַלאַקעט.**

## דער דאָרף

דער דאָרף האָט געלעבט אויף זיין אייגענעם אופן:
מיט שטיבער און שטאַלן און באַגראָזטע הויפן,
און הינטער דעם שטאַל אַ ברייטער שייער,
און הינטער דעם שייער בייטן פּאַרזייטע:
מיט קרויט און מערן און בוריקעס רויטע.
ביי יעדער שטוב אַ טויער אַ נייער,
אין יעדן אויוון אַ פריילעכער פייער.
און אַז עס האָט חתונה געהאַט אַ פּאָר —
האָבן זיי זיך פאַרנומען אויף אַכציק יאָר
און אויפגעשטעלט אַ פערטן דור.
אַז די זין וואַקסן אויף און נעמען זיך ווייבער,
נעמט מען זיי אויך אַריין אין געזינד,
כאָטש פעלד שרומפט איין מיט געבוירענעם קינד.
און ביי דער נאַכט אויף דער ברייטער נאַרע,
ווערט אַ צונויפזאַמלונג פון אַלערליי לייבער,
צווישן גוף און גוף קיין שמאָלע שפּאַרע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין די ווינטער נאָכמיטאָגס גייט מען אין שענק.
מען זעצט זיך אויס אויף די לאַנגע בענק
און ניט נאָר מען טרינקט מען באַלאַקעט אויך
ביים בלויען, דינעם ליולקע־רויך.
מען הערט זיך צו מיט אָפענעם מויל
צו מעשיות פון וואונדער און קאַלטן גרויל,
וואָס זיינען פון דערציילן אַ טויזנט מאָל
ניט מערער, ניט מינדער געוואָרן אין צאָל.
דער ייד האָט זיין קלויז, דער פּריץ זיין קלוב —
דער בעל־הגוף — זיין בראָנפן־שטוב.

די איבעריקע חדרים, שוין גאָרניט קיין גרויסע, מיט דיקע ווענט און קליינע פענצטער, האָט פאַרנומען דאָס הויז־געזינט.

עס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן אַן אַלטע, געוויקסיקע יידענע, די באַלעבאָסטע פון הויז; איר טאָכטער, די רביצין, אַ פרוי פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיק, אַ באַלייבטע, אַ שיינע און אי ר טאָכטער, אַ יונג מיידל, פון אַ יאָר פופצן, מיט שוואַרצע, סאַמעטענע אויגן; גלאַטע, צום קאָפּ־פאַרקעמטע האָר און צוויי ברוינע, ניט־לאַנגע צעפּלעך, פאַרפלאָכטן מיט אַ סטענגע, ווי די מאַמע וואָלט זי ערשט אויסגעבאָדן.

עס זיינען געווען ביים רב אויך צוויי יינגלעך אין מיינע יאָרן, אָבער זיי זיינען אין דער היים ניט געווען, זיי האָבן געלערנט אין שטאָט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז פון אַ זייטיקן חדר אַרויס דער איידעם, דער רב, ר׳ אַהרעלע. אַ מיטלוואוקסיקער, אַ טונקעלער, מיט אַ קליינער שוואַרצער באָרד.

נאָכדעם ווי מען האָט מיך אָנגעוואַרעמט מיט אַ גלאָז טיי, האָט מיר דער רב אַריינגעפירט צו זיך אין חדר. דאָס איז געווען אַ קליינע קאַמער מיט צוויי בעטן, איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, הויך אָנגעלעגט מיט פּערענעס און גרויסע פּוכאָווע קישנס און איבערגעדעקט מיט ווייסע קאַפּעס. ביי דעם איינציקן פענצטער אין צימער, איז געשטאַנען אַ קליינער טישל מיט צוויי שטולן ביי ביידע זייטן. ר׳ אהרעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי איין זייט טישל און איך אַנטקעגן אים. ער האָט מיך געבעטן איך זאָל אים דערציילן וועגן וואָס איך בין געקומען צו אים. איך האָב אַרויסגענומען מיינע כתבים און אים געוויזן. ער האָט זיי אַ היפּשע צייט געלייענט פאַר זיך און דערנאָך זיך געווענדט צו מיר, מיט גוטע, פריינטלעכע רייד. איך געדענק ניט גענוי די ווערטער, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, אָבער איך געדענק, אַז ער האָט מיך געשטאַרקט אין מיין הילפלאָזיקייט און צוגעגעבן מוט אין מיין פאַרלאָרנקייט. ער האָט צו מיר גערעדט אי ווי צו אַ קינד, וואָס קומט צו אים לערנען, און אי ווי צו אַ גרויסן, דערוואַקסענעם, וואָס קומט נאָך אַן עצה אין אַ נויט.

איך בין אַוועקגעפאָרן פון אים אַ געטרייסטער און אַ זיכערער אין זיך. און כאָטש איך בין געפאָרן צוריק אין מיל, אין אַ פאַרשטויסענעם העק, וואו עס איז פאַר מיר ניט געווען מיט וועמען אַ וואָרט איבערצובייטן, איז מיר פאָרט פריילעך געווען, ווי איך וואָלט געטראָגן די גאַנצע וועלט אין זיך.

* * *

אין אַ צייט אַרום, אַז איך בין געקומען צוריק פון אַמעריקע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ר׳ אהרעלע איז שוין רב פון עטלעכע יאָר אין דעם נאָענטן שטעטל, סנאָוו.

ווען איך בין איינמאָל געקומען אין יענעם שטעטל צו־גאַסט צו קרובים, בין איך דעם ערשטן פאַרנאַכט אַוועקגעגאַנגען אין שולכל, וואו ער האָט געדאַוונט.

איך האָב אים געוואָלט דערציילן, אַז איך בין געוואָרן אַ פּאָעט, דער־מאָנען אים און באַדאַנקען אים פאַר זיינע אַמאָליקע דערמוטיקנדיקע רייד צו מיר און דער עיקר ער זאָל זען, אַז איך בין אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסער, אַן עטלעכע־און־צוואַנציק יאָריקער.

אָבער אַז איך בין אַריינגעקומען אין שול, האָב איך נאָך די ערשטע פּאָר באַגריסונג־ווערטער גאָרנישט ניט געקענט אַרויסברענגען.

איז דאָס געווען דער פּעקל סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע ליטע־ראַטור, וואָס איך האָב זיך אָנגעלייענט אין אַמעריקע און מיינע 24 רעוואָ־לוציאָנערע לידער, וואָס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צווישן מיר און אים? אפשר זיינען דאָס געווען טאָקע מיינע עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט אומקוקן צו זייערע עלטערע ברידער? אָבער גיכער פון אַלץ, איז דאָס געווען אַן אומבאַוואוסטזיניקע טראַציקייט, וואָס האָט מיך ניט געלאָזט נאָכגיין מיין גוטן פאַרלאַנג, וואָס עס טרעפט מיט מיר אַפילו היינט.

## עפּיזאָד נומער פיר

# אַלטע אַסנעס

ווייל זי איז געווען שיין און איך יונג,
האָט מערער נאָך ווי עס קען די צונג
איר לויב־ווערטער זאָגן —
מיין האַרץ צו איר ליבשאַפט געטראָגן.

מיר האָבן איינער דעם צווייטן געקענט ביז גאָר,
געוואוסט דעם יחוס ביזן דריטן דור;
נאָר קיינמאָל קיין וואָרט פון מיין ליפּ ניט אַראָפּ,
בלויז אַ הויב די ברעם, אַ נויג דעם קאָפּ.

כאָטש איך האָב צו איר קיין וואָרט ניט גערעדט,
האָב איך געוואוסט וואָס מיט איר געשעט.
איך האָב געוואוסט ווען זי אָנבייסן עסט,
און ווען זי וואַשט און ווען זי פּרעסט.

ווער עס קומט צו איר בייטאָג אַריין,
און ווער עס זיצט ביים לאָמפּן־שיין;
אַז „קריג און פרידן” ליגט אויפן טיש אויפגעמאַכט,
און „יוגנט־זינד” לייענט זי נאָך האַלבע נאַכט.

ניט פרעג, ווער האָט מיר אַלץ דערציילט
און ווער האָט דאָס מיר מיטגעטיילט?
„דער פויגל וואָס נעסטעט אין דעם סכך
און דער שטערן אויף איר דאַך".

עס איז געווען אַ ווינטערדיקער פרייטיק נאָך מיטאָג. איך בין געזעסן אין מיין קאַמער און געקוקט דורכן פענצטער. אַ געדיכטער, נאַסער שניי האָט געניפּערט פון הימל. די איינצלנע שנייעלעך האָבן זיך אַ ווילע געדרייט אין דער לופטן, ווי אויסקלייבנדיק אַן אָרט וואו צו פאַלן און צום סוף שטיל און הכנעהדיק זיך אַוועקגעלייגט צווישן די אַנדערע ווייסע ברידער און געוואָרן פאַרגאַנגענהייט.

די טיר פון קאַמער וואו איך בין געזעסן איז ניט גוט צוגעשטאַנען צום אושאק און מען האָט געקענט אַריינטאָן אַ פינגער פון דער אַנדערער זייט און אויפהויבן די קליאַמקע פון טיר. זיצנדיק אין קאַמער האָב איך געהערט אויף אַ פאַרשטילטן אופן ווי עס קלינגען אַרום דעם גרויסן אויוון ווילקעס און קאָטשערעס; ווי מען בריט אָפּ מעקענע פאַר די בהמות און פאַרטויבטע רייד פון די שטוביקע מענטשן.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ פרעמדע שטימע, וואָס האָט מיך אי דערפרייט, אי איבערגעשראָקן; און ווי מיין שוועסטער זאָגט: „הייסט דעם באַלעגאָלע ער זאָל פאָרן אַהיים און איר בלייבט דאָ איבער שבת. עס איז שוין שפּעט און איר זייט אַ דערפרוירענע." און די פרעמדע שטימע, איך האָב גע־וואוסט קלאָר, אַז דאָס איז אַלטע אַסנעס, האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. זי האָט געזאָגט און איבערגעחזרט אין איינצלנע אָפּגעריסענע ווערטער, אַז זי פאָרט אין שטאָט. די מאַמע וועט ניט וויסן וואָס איבערצוקלערן. אין יענער מינוט האָב איך זייער געוואָלט, אַז זי זאָל אַוועקפאָרן.

דערווייל האָט דער ברודער מיינער אָנגעקלאַפּט אין טיר און אָנגעזאָגט, אַז אַלטע איז דאָ אין שטוב און איך זאָל צו איר אַרויסגיין. איך האָב צוגעזאָגט באַלד אַרויסצוגיין, אָבער בין ניט אַרויסגעגאַנגען. איך האָב געהאָפט, אַז זי וועט אַוועקפאָרן און מיך ניט זען. זי וועט מיינען אַז איך בין נישטאָ אין שטוב. אָבער באַלד איז מיין ברודער ווידער צוגעגאַנגען צום טיר און שוין ניט געוואָרט ביז וואַנען איך וועל אַרויסגיין, נאָר האָט אויפגעהויבן די קייטל פון טיר און איז אַריינגעגאַנגען אין קאַמער. און דאָס מאָל מער מאָנענדיק גע־פרעגט, פאַרוואָס איך גיי ניט אַרויס. איך האָב ניט געוואוסט און ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן און איך האָב אַ זאָג געטאָן: „איך בין מיט איר ברוגז". מיין ברודער האָט אָנגענומען מיין תירוץ. איך און אַלטע זיינען געווען אין די זעלביקע יאָרן: אַרום זיבעצן־אַכצן און אין די יאָרן איז אַ געוויינטלעכע זאַך, אַז מען ווערט ברוגז איינע אויף די אַנדערע, כאָטש מען האָט זיך ניט געקריגט.

אָבער אַלטע איז געבליבן.

אַרויסגיין האָב איך זיך געשעמט פֿאַר מיין ברודער און שוועסטער, איך האָב געמיינט, אַז זיי האַלטן מיך נאָך אַלץ פֿאַר אַ יינגל און זיי ווייסן ניט, אַז איך באַגעגן זיך אין שטאָט מיט מיידלעך און פֿיר ליבעס.

פֿאַר אַן אַנדערן, דרייסטערן, איז נאָך געווען צייט אַרויסצוגיין און באַגריסן זיך, אָבער מיין האַרץ איז געווען ש ו ו אַ ך. מיין שוועסטער אָדער ברודער האָט איר איבערגעגעבן, אַז איך זאָג, אַז איך בין מיט איר ברוגז.

איצטער האָב איך זיך שוין געמוזט האַלטן אָן מיין אויסגעטראַכטן ליגן.

פֿרייטיק צו נאַכט, צו וועטשערע, זיינען מיר געזעסן ביים לאַנגן טיש איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן מיין קאָפּ אַרונטערגעלאָזן און צו קיינעם ניט גערעדט; אַלטע אָבער האָט זיך אונטער־האַלטן מיט מיינע שוועסטער גאַנץ היימיש. אַז מיין בליק האָט זיך צופֿעליק באַגעגנט מיט אירן, האָט זיך אונדז ביידן געוואָלט פֿאַנאַנדערלאַכן.

אַזוי איז איבערגעגאַנגען דער גאַנצער שבתדיקער מעת־לעת. אויף מאָרגן איז געווען אַ ליכטיקער פּראָסטיקער טאָג. פֿאַרנאַכט זיינען געקומען צו אונדז געסט, די שכנים פֿון דאָרף. מען איז געגאַנגען שפּאַצירן איבערן גלאָטן, איינ־געפּרווירענעם שניי. אָבער איך בין געזעסן אין שטוב, און ניט אַרויסגעגאַנגען.

איך האָב געטראַכט ביי זיך, ווי נאָר איך וועל קומען אין שטאָט, וועל איך אַריינגיין צו איר און דערציילן איר, ווי מען דערציילט דעם נאָענטסטן פֿריינט, פֿאַרוואָס איך האָב אויסגעטראַכט אָט דעם ליגן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז זי וועט לאַכן און מיר מוחל זיין און עס וואָלט מיך ניט געאַרט, ווען זי טרייבט מיך אַפֿילו אַרויס פֿון שטוב, אָבער אויך דערצו האָב איך קיין מוט ניט געהאַט.

אין גיכן בין איך אַוועקגעפֿאָרן אין אַן אַנדער שטאָט און ווען איך בין געקומען צוריק, איז זי שוין געווען אַ חתונה־געהאַטע אין אַ קליין שטעטל ניט ווייט פֿון דער מיר איך האָב איר מער ניט געזען.

איך בין אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב טיף אין האַרצן געהאָפֿט, אַז ווען עס איז, ווען מיר וועלן ביידע זיין עלטערע מענטשן, וועל איך קומען צו איר, צו דער באָבען פֿון דעם טוצן אייניקלעך און אָפּצאָלן דעם יינגלשן חוב. אָבער די באָבע און די אייניקלעך זיינען אַלע פֿאַרשניטן געוואָרן.

## מיין ערשטע ליבע

מיין ערשטע ליבע איז ניט געווען די גרעסטע, די אמתע. פֿאַר דער אמתער זיינען געווען עטלעכע גרינגע, אָנזאָגער פֿון דער, וואָס דאַרף ערשט קומען. ווי אַן אַקראָבאַט, אַ קונצנמאַכער אין אַ צירק הייבט אָן פֿריער מיט גרינגע קונצן און וואָס ווייטער גייט ער איבער צו שווערערע, סכנותדיקערע פּרואוון. אַזוי זיינען געווען מיינע ליבעס.

און נאָך עפּעס, מיינע ליבעס זיינען געווען צוגעגרייט פון פריער, דורך אַנדערע מענטשן, דאָס הייסט, דורך דעם וואָס איך האָב געהערט דערציילן, אָדער באַמערקן וועגן דער פרוי אין וועלכער איך האָב זיך שפּעטער פאַרליבט. דאָס האָט ווייך געמאַכט מיין האַרץ. ווי דער פרילינג־רעגן מאַכט ווייך די ערד אויפצונעמען די זריעה־קערנער.

* * *

ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר 11־12, האָט אַ יונגערמאַן, אַן אַלמן, פון דעם הויז וואו איך בין איינגעשטאַנען סטאַנציע, חתונה געהאַט מיט דער טאָכ־טער פון אַ רייכן יידן, וואָס האָט געהאַלטן אַ הויף פון אַ פּריץ. דעם יידן האָט מען גערופן וויגדער סוכליצער, אויפן נאָמען פון דעם הויף סוכליץ, וואָס ער האָט געהאַלטן.

ווען איך פלעג זען דאָס יונגע ווייבל, פלעג איך טראַכטן פון איר טאַטנס הויף און גרויסער עשירות.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך בין געווען אין דער היים, איז אין אַ שטורעמדיקער סוף־ווינטער נאַכט, פּורים צו דער סעודה, פאַרפאָרן צו אונדז אַן עלטערע, הויכע, שיינע פרוי, וואָס איך האָב פריער קיינמאָל ניט געזען. מ׳האָט איר אויפגענומען מיט כבוד און מיט ליבשאַפט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אונדזערע אַ קרובה. זי וואוינט אין אַ ווייטן דאָרף, פאַרוטשין און איר מאַן רופט מען וויגדער פאַרוטשינער. איר אַריסטאָקראַטישער אויסזען, איר שיינע פיגור און דאָס וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך אַ פלאַש רויטן וויין, און וואָס עס איז גראָד אויסגעקומען פּורים צו דער סעודה, אויפן טיש — קיטקעס און המן־טאַשן, סטרינאָווע ליכט ברענען, טעלער מיט אַלערליי טאָרטן און איינגעמאַכצן, איז דער געמיט אַ געהויבענער און עס איז שווער געווען אָפּצוטיילן וואָר פון דוכטעניש. האָט דער נאָמען וויגדער מיך אַרויפגעפירט אויף יענעם וויגדער סוכליצער, דעם פּאָסעסיע־האַלטער. און איך בין יענעם אויפדערנאַכט רייכער געוואָרן מיט אַ גביר אין דער משפחה.

וואָכן און חדשים נאָכאַנאַנד האָב איך געטראַכט פון יענער פרויס וויזיט ביי אונדז און מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט יום־טובדיקייט.

אין אַ צייט אַרום, איך ווייס ניט צי אין דעם זעלביקן יאָר, דאָס איז געווען חול־המועד סוכות, עס איז געווען אַ ליכטיקער, קילער, ווינטיקער טאָג, איך בין געקומען פון טייך. איך בין געפאָרן אין אַ שיפל מיט מיין גויאישן חברל באַנאַדיש, (אונדזער מילנערס זון). מיר זיינען געפאָרן אַנטקעגן ווינט. די כוואַליעס האָבן זיך געהויבן און ניט געלאָזן אונדזער טשייקע צושטיין צום ברעג. ווי נאָר מיר זיינען צוגעקומען נאָענט האָט איר דער ווינט אָפּגע־שטויסן צוריק. ביז באַנאַדיש איז אַראָפּגעשפּרונגען אין וואַסער און האָט די טשייקע מיט די הענט אַרויפגעשלעפּט מיטן שפּיץ אויפן ברעג. מיר האָבן זיך שטאַרק אָנגעהאָרעוועט. איך בין אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ הונגעריקער און געבעטן עסן. מיין שוועסטער האָט מיר דערלאַנגט אַ טעלער הייסע, פאַרברוינטע

קאַשע־בולבע מיט אַ גלאָז קאַלטע מילך. ווען איך בין געזעסן ביים טיש און געגעסן האָט מיר מיין שוועסטער געזאָגט זייער שטיל, אַז מיר האָבן אַ גאַסט. וויגדער פּארוטשינער מיט זיין טאָכטער זיינען פאַרפאָרן צו אונדז מיט אַ פּאָר שעה פריער. ער, וויגדער איז אַוועקגעפאָרן אין דער דערבייאיקער שטאָט מיר, און זיין טאָכטער האָט ער איבערגעלאָזן ביי אונדז ביז וואַנען ער וועט אין אָוונט פאָרן צוריק און זי נעמען אַהיים. דאָס מיידל איז געשלאָפן אויף אַ בעטל אין אַ קאַמער, דערפאַר האָט די שוועסטער גערעדט צו מיר אַזוי שטיל. אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרויס פון קאַמער אַ הויכע, זייער שיינע שאַטינקע און מיין שוועסטער האָט מיך פאַר איר פאַרגעשטעלט. זי האָט פאַר־בראַכט מיט אונדז — דאָס הייסט, מיט מיינע שוועסטער און ברודער — דעם נאָכמיטאָג און אָוונט. איך אַליין האָב זיך געהאַלטן נאָך פאַר אַ יינגל.

שפּעטער, אין אָוונט, ווען מיר האָבן דערוואַרט, אַז איר פאָטער זאָל זיך צוריקקערן פון שטאָט און זי נעמען אַהיים, האָבן מיר געגרייט דעם טיש פאַר איר צום עסן. גראָד איז אין יענער צייט קיינער ניט געווען אין דער שטוב וואו איך און זי זיינען געזעסן. זי איז געזעסן אויבן־אָן, וואו דער טאַטע מיינער זיצט אַלעמאָל, און איך — אין צווייטן עק פון שטוב אויף אַ בעטל. איך בין געזעסן אַ שווייגנדיקער, איך האָב ניט געוואוסט און ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. איך האָב נאָר געקוקט אויף איר מיט פולע, אָפענע אויגן און ניט גע־שעמט זיך, ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַ חיה אין שטוב — אַ הונט אָדער אַ קאַץ, וואָס קוקט אויף אייך מיט אויסגעשטעלטע אויגן.

איך האָב געהאַט נאָר איין באַגער: איך זאָל אויף איר לאַנג קענען קוקן. וואָס מער איך האָב געקוקט אויף איר, אַלץ מער האָב איך זיך אָנגעזעטיקט מיט איר. דער טאַטע אירער איז שפּעטער געקומען און זיי זיינען ביידע אַוועק־געפאָרן.

איך געדענק ניט איך זאָל האָבן נאָך איר געבענקט, נאָר אַז איך האָב געטראַכט פון איר, האָט זיך אַ וואַרעמקייט און אַ טריישאַפט צעגאָסן איבער מיין גאַנצן לייב.

*　　　*　　　*

## מיין צווייטע ליבע

מיין עלטערן שוואָגערס אַ שוועסטער האָט זיך אויפגעהאַדעוועט אין מאָסקווע ביי אַ רייכן פעטער, מיטן נאָמען גלעבאָוו. דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט אַ יידישן סאָלדאַט, וואָס האָט געגעסן שבת ביי איר פעטער. (זיין נאָמען איז געווען מענדל שולמאַן, ער איז געווען אַ פּלימעניק פון דעם העברעאישן שרייבער אלעזר שולמאַן).

זיי זיינען געוואָרן חתן־כלה, ווען ער האָט זיך אויסגעדינט זיינען זיי געקומען צו אונדז, דאָס הייסט, צו איר ברודער און מיין שוואָגער, צו פאַר־ברענגען עטלעכע וואָכן. ער איז געווען אַ נאַאיווער, בלאַסער יונגערמאַן ,מיט אַ ישיבה־בחורישן אויסזען.

כאָטש ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר, האָט ער מיט מיר פאַר־בראַכט די אָוונטן אין קליינעם שטיבל. ער האָט מיר דערציילט מעשיות פון מאָסקווע, צווישן זיי איינע, וואָס געדענקט זיך מיר נאָך עד היום: אַ פּראָ־פעסאָר האָט זיך פאַרליבט אין אַ גענעראַלס אַ טאָכטער. איינמאָל האָט ער זי גענומען צו זיך צו גאַסט, אָבער ער האָט זי צוריק ניט אומגעקערט צו אירע עלטערן, נאָר אָנשטאָט איר, האָט ער אָפּגעשיקט אַ פּרוי געמאַכט פון בלומען, וואָס האָט אויסגעזען פונקט ווי זי.

אין מיטן ווינטער איז געווען זייער חתונה ביי אירע עלטערן אין שטוב, אין אַ פאַרוואָרפענעם דערפל צווישן וועלדער.

ווען מיין שוואָגער און איך זיינען שוין געשטאַנען אין די שווערע פוטערס לעבן שליטן צו פאָרן אויף דער חתונה, איז מיין שוועסטער אַרויסגעקומען פון הויז און אַ זאָג געטאָן צו מיר: „דאָרטן וועט זיין רבקה, דעם פעטער נחס, פאַרליב זיך אין איר".

מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָרף אָנהויב אָוונט, ווען די זון איז ערשט אונטערגעגאַנגען און דער הימל איז נאָך געווען רויט. איך האָב דערזען אַ גרויסע שטוב, מיט נידעריקע פענצטער, וואָס האָט זיך געשוואַרצט אויפן ווייסן שניי. די פענצטער זיינען אַלע געווען באַלויכטן. פון אינעווייניק האָט זיך געהערט כלי־זמרים שפּילן. אין שטוב איז שוין געווען פאַרזאַמלט דער גאַנ־צער חתונה־עולם, די נאָענטע קרובים פון דער ווייטערער שטאָט, דער רב פון דער נאָענטער קליינער שטעטל, אַ הויכער ייד מיט אַ בלאָנדער זיידענער באָרד; אַ קרוב, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון אַמעריקע, און אַזוי שכנים פון די אַרומיקע דערפער. אויף דער חתונה האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע מיידלעך פון שטאָט און פון די דערפער אַרום, וואָס זיינען געקומען מיט זייערע עלטערן אָדער ברידער.

מיך האָט מען אויפגענומען ווי זייער אַ בכבודיקן גאַסט, ווי איך וואָלט געווען אַ דערוואַקסענער, אָנגעזעענער מענטש. אויף די מיידלעך האָב איך לכתחילה ניט אומגעקוקט זיך, אָדער געמאַכט זיך, אַז איך קוק זיך ניט אום.

איך האָב זיך דערפילט ווי אַלעמאָל, ווען עס ברענען אַ סך ליכט און מוזיק שפּילט — אין האַלבן ליכט פון אָנהויב אָוונט, אַ ביסל פאַרשיכורט אין אַ ניט רעאַלן צושטאַנד. איך בין אומגעגאַנגען איבער דעם אָפענעם קאַמער הין און צוריק אַ פאַרטיפטער און געסטאַרעט זיך צו מחבר זיין אַ לשון־קודשדיקן שיר. איך בין אַלט געווען אַ יאָר 15־16 און בין ערשט אַרויס פון ישיבה. איך האָב אויפגעכאַפּט איינציקע ווערטער פון אַ געשפּרעך, וואָס דער ייד פון אַמעריקע האָט געפירט מיטן רב. זיי האָבן גערעדט וועגן דעם רב

הכולל, וואָס די ניו־יאָרקער יידן האָבן אַראָפּגעבראַכט פון ווילנע און וועגן דעם, וואָס ער האָט ניט געוואוסט ווי אויסצוקומען מיט די פאַרשיידענע צדדים אין דער קהילה.

ביי דער וועטשערע האָט מען מיך אַוועקגעזעצט לעבן חתן. שפּעטער, ביינאַכט, ווען דער עלטערער עולם האָט זיך אָנגעטאַנצט און אַוועק שלאָפן, זיינען געבליבן נאָר די יונגוואַרג, די דאָרפישע און שטעטלשע מיידלעך און איינגאַנצן איין בחור — אַ שמיד. די מיידלעך האָבן געשפּילט אין פאַנדן און אין צעטעלעך און האָבן מיך אַריינגענומען אין קאָן.

די מיידלעך, וואָס כמעט אַלע זיינען זיי געווען דערוואַקסענע און אַ סך עלטער פון מיר, האָבן מיך אויפגענומען ווי זייער גלייכן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב זיך ביי זיך אַליין דערפילט ווי אַ קאַוואַליער. צווישן די מיידלעך איז געווען איינע, אַ ייִנגערע, אין מיינע יאָרן, וואָס איז צוגעגאַנגען צו מיר ריידן. איך האָב זי איינגעלאַדן גיין שפּאַצירן. עס איז געווען אַ שטילע, ליכטיקע נאַכט, אַ שמאָלע סטעזשקע אויפן ווייסן שניי האָט זיך געצויגן ביזן דאָרף. עס איז געווען זייער שטיל, אַפילו קיין הונט האָט ניט געבולן.

וואָס מיר האָבן צווישן זיך גערעדט, געדענק איך איצט ניט. נאָר אַז מיר זיינען ביידע אַריינגעקומען אין הויז האָב איך זיך דערפילט היימישער מיט איר. מיר זיינען שוין געווען כמעט נאָענטע מענטשן. אפשר האָט דאָס געמאַכט וואָס מיר זיינען אַזוי געווען אַליין אָן זייטיקע נאָכקוקער, און האָבן געהאַט אַ סוד פאַר זיך אַליין.

אויף מאָרגן זיינען מיר ביידע אַרומגעגאַנגען ווי אַלטע באַקאַנטע. צו וואַרמעס איז זי געשטאַנען אין מיטן שטוב און געזונגען חסידישע ניגונים (איר טאַטע איז אויך געווען אַ מנגן, ער איז געווען אַ חסיד און ער האָט געלערנט זיינע קינדער זינגען). איך געדענק, זי האָט געטראָגן אַרום טאַליע אַ גאַרטל פון זילבערנע מטבעות, האָט זי מיט דעם עודף פון גאַרטל צוגעקלונגען צום טאַקט פון די ניגונים.

ווען עס איז געקומען די צייט פאַר אונדז ביידן צו פאָרן אַהיים, יעדערער אין אַ באַזונדער אָרט, זיינען מיר אַריין אין אַ באַזונדערן חדר און מיר האָבן איינער דעם צווייטן געבעטן פאָרן צו אים אַהיים. איך האָב איר געבעטן פאָרן צו אונדז, דאָס הייסט, צו מיין שוואָגער און זי האָט מיך געלאַדן צו אירע עלטערן אין הויז. דער סוף איז געווען, אַז יעדערער פון אונדז איז צוריקגעפאָרן אַהין פון וואַנען ער איז געקומען.

פאָרנדיק דעם גאַנצן וועג בין איך געווען ווי פאַרשיכורט, אָבער אַריינקומענדיק צו אונדז אין שטוב האָב איך מיטאַמאָל דערפילט, אַז אַ נאָענטער מענטש פעלט מיר דאָ. איז דאָס געווען אַ ברודער, אַ שוועסטער? זיכער ניין. איך בין געגאַנגען און געזוכט אין אַלע קאַמערן דעם פעלנדיקן, אָבער ניט געפונען. ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער וואָס פעלט אין הויז איז ניט קיין היגער, נאָר אַ נייער מענטש, רבקה, פון דער חתונה.

איך האָב זיך אין איר שטאַרק פאַרליבט. אַז איך בין געגאַנגען פאַר־נאַכט שפּאַצירן אויף דער גרעבליע, האָב איך געהערט טריט הינטער זיך, אַז איך האָב זיך אומגעדרייט אַ קוק־טאָן ווער עס גייט הינטער מיר, איז קיינער ניט געווען. ביינאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געזוכט איר קאָפּ לעבן מיינעם אויפן קישן.

נאָר איר האָב איך שטאַרק געבענקט. עס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר, ביז זי איז געקומען צו גאַסט צו מיין שוואָגער און צו אונדז און דעמאָלט איז געוואָרן אויס. זי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַ בחור, אַן עלטערן פון מיר, אַן איינגעאָרדנטן, מיט אַן אייגענעם געשעפט. און ווער בין איך געווען? — אַ זיבעצן יאָריקער יינגל מיט שיינע פּראַזן און רוסישע לידער?

# מיין דריטע ליבע

איצט קום איך צו דער דריטער, דער אמתער ליבע.

אירע אַן עלטערע שוועסטער מיט אַ יאָר פינף־זעקס, איז געווען אַ חברטע צו מיין שוועסטער, וואָס איז געזעסן מיט מיר יענעם ווינטער אין שטאָט, ווייל מיין מאַמע האָט מורא געהאַט צו לאָזן מיך, אַ זיבן יאָריקן יינגל, אַליין אין דער פרעמד און האָט מיטגעשיקט מיט מיר מיין שוועסטער ריינע, וואָס איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ פינף יאָר, צו זיין מיין אָפּהיטערין און אויפ־פּאַסערין.

איינמאָל, אין אַ שבת, אין אַ וואַרעמען אָדליגע טאָג, נאָך וואַרמעס, האָט מיך מיין שוועסטער גענומען צו גאַסט צו איר חברטע. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט איר קליין שוועסטערל, פרומקע, אַ דיקלעכע מיידעלע, פון אַ יאָר זיבן, מיט גאָלדענע האָר.

מיר זיינען ביידע אַרויס אויף דער גאַס און זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ מיטן גליטש וואָס האָט זיך געשאַפן פון דער פּאָמויניצע, וואָס מ'האָט אויסגעגאָסן יעדן טאָג אין פרימאָרגן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז די עלטערע שוועסטער געשטאָרבן און מיין שוועסטער איז מער ניט געקומען אַהין אין שטוב און איך האָב מער דער דיק־לעכער מיידעלע ניט געזען.

מיט פיר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב געלערנט ביי אלי הירשל, דעם גמרא־מלמד, איז זיין געדונגענער חדר פאַרן זמן געווען ביי יאנקל נחום דעם דיין, דעם מיידעלעס טאַטן.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר עלף. איך האָב זי אָפט געזען קערנדיק די שטוב מיט אַ גרויסן בעזים; אַריינקומענדיק פון גאַס מיט אַ בינטל מערן אָדער בוראַקעס, נאָר איך האָב זיך ניט אומגעקוקט אויף איר.

איך בין דעמאָלט געווען אין יענעם עלטער, ווען ייִנגלעך חברן זיך ניט מיט מיידלעך, זיי זיינען זיי מבטל. עס איז ווי די פינצטערניש פאַרטאָג, וואָס פאַלט אויף די שויבן איידער די זון גייט אויף.

עס זיינען אַוועק נאָך פיר יאָר. איך האָב שוין געלערנט אין דער ישיבה. איך האָב דאָרטן געהאַט אַ נאָענטן חבר, אַ ביאַליסטאָקער ייִנגל, מיטן נאָמען זישע מלאך און ער איז איינגעשטאַנען סטאַנציע ביי פרומקעס עלטערן אין אַ קאַמער. בין איך יעדן שבת אינדערפֿרי בעת מען האָט געלייענט ביים מנין די תורה, אַרויפגעקומען מיט מיין חבר צו אים אין צימער און זי, פרומקע, האָט אונדז דערלאַנגט ציקאָריע מיט אַ גרויסן שטיק באַבקע. זי איז פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן און אויסגעקוקט עלטער פון אירע יאָרן. זי איז געווען פול־לייביק, מיט די זעלביקע רויטליכע האָר ווי פריער אַלס קינד און גרויסע שטילע שוואַרצע אויגן.

איך געדענק אַפילו דאָס קלייד וואָס זי האָט אין די שבתים געטראָגן: אַ טונקל גרויע און אַ לאַנגע, ווי עס האָבן געטראָגן די דערוואַקסענע מיידלעך.
איך ווייס עד היום ניט, צי בין איך דאָס אַרויפגעגאַנגען צו איר אין שטוב נאָר צו טרינקען דאָס ביסל ציקאָריע, אָדער כדי צו קוקן אויף אירע הענט און איינזאַפּן אין זיך איר גאַנצע געשטאַלט.

איך האָב זיך יענעם זומער צוליב דעם ביסל ציקאָריע אין איר פאַרליבט.

אַרום סוף זומער, אין חודש אלול, האָט אויסגעבראָכן די גרויסע שׂרפה אין אונדזער שטאָט און ראַטעווענדיק זיך זיינען מיר, דאָס הייסט, מיין שוועס־טער מיט איר הויזגעזינד געלאָפן אויסערן שטאָט אויף דעם שטויבצער וועג אין מזרח און איר משפחה איז געלאָפן פון שטאָט אויף דעם נאָוואָראָדקער שליאַך, אויף דער צווייטער זייט פון שטאָט.

און אין דער פינצטערניש פון נאַכט
האָב איך דערזען, ווי אויף דער וואָר,
אויף דער צווייטער זייט שטאָט אַ געזינד זאַלבע־אַכט,
צווישן זיי אַ מיידל מיט העל־רויטע האָר.
ווי איך וואָלט געווען דער דאָזאָר פון שטאָט,
וואָס אַלעמענס זאָרגן טוט ער טראָגן,
האָב איך זיך געלאָזט מיט געוואַגטן טראָט
איבער דער לאַנגער ווילנער גאַס יאָגן.
און רייצנדיק זיך מיט פיין און געפאַר
בין איך געלאָפן איבערן הייסן זשאַר
דעם ראָק איבער די אויגן אַריבערגעצויגן,
מיט שפּעלטעלעך צוויי פאַר די אויגן.
עס האָבן זיך געוויכערט דאָ און דאָרטן
אַ ברוש פון אַ שטוב, אַ זשערד פון אַ גאָרטן

די לופט איז געהאַנגען הייס און רויט
ווי נאָך אַ שלאַכט דאָס פעלד פון טויט.

איך האָב זי געפונען איידער וועלט האָט געטאָגט —
דאָס האַרץ די פיס האָט אונטערגעיאָגט.
און ווייל איך האָב מיין לעבן געשטעלט אין קאָן,
האָב איך זיך צו איר פון דעמאָלט אָן
פאַרבונדן אויף יאָרן נאָכאַנאַנד,
ווי צו אַ בוים געפלאַנצט מיט אייגענער האַנט.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך זיך דערוואוסט וואוהין עס האָט זיך אַריינגעקליבן איר משפחה מיט זייער קוואַרטיראַנט, ווייל הייזער אין שטאָט זיינען זייער ווייניק געבליבן. איך בין געקומען כלומרשט געזעגענען זיך מיט מיין חבר, וואָס איז דעם זעלביקן טאָג אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, ווייל די ישיבה וואו מיר האָבן געלערנט האָט אויך אָפּגעברענט, אָבער אין דער אמתן האָט זיך מיר געבענקט צו זען זי. איך האָב זי געפונען אָנגעטאָן אין אָפּגעטראָגענע זאַכן, וואָס זיינען איבערגעבליבן פון דער שרפה, דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ביסל מיטלייד צו איר און האָט זי געמאַכט נאָך מער באַחנט אין מיינע אויגן.

די שרפה איז געווען סוף זומער און דעם קומענדיקן ווינטער האָב איך געזאָלט בלייבן אין דער היים, אין מיל. איז אין אַ פּאָר טעג נאָך סוכות פאַר־פאָרן צו אונדז אויף אַ פּאָר שעה מיינער אַ חבר פון שטאָט. מיר זיינען אַרויס אין דרויסן, זיך אַוועקגעזעצט לעבן טייך און איך האָב ביי אים גענומען אויס־פרעגן נייעס פון שטאָט. האָט ער מיר צווישן אַנדערע זאַכן דערציילט וועגן פרומקען, אַז זי פירט זיך אויף ניט גוט. זי וואוינט אין אַ גויאישער גאַס, צייטווייליק, פירט זי באַקאַנטשאַפט מיט שקצים.

דאָס האָט מיך אויפגעבראַכט און איך האָב דערפילט אַז איך דאַרף זי פאַרהיטן פון שלעכטע וועגן, ווי אַן עלטערער ברודער. אין דער אמתן איז דאָס געווען די אייפערזוכט, וואָס האָט גערעדט אין מיר. און איך האָב באַשלאָסן איבערצולאָזן דעם לערער, וואָס איך האָב באַשטעלט פאַרן ווינטער און פאָרן אין שטאָט לערנען זיך ביי דעם לערער וואָלפסאָן, וועלכער האָט געעפנט אַן אוטשילישטשע, אַ שולע, (טאָקע צו דעם זעלביקן וואָלפסאָן, וואָס האָט מיט אַ דריי וואָכן צוריק פאַרמעקט דריי פערטל פון מיינעם אַ שריפט, וואָס איך האָב אים געוויזן אויף מבינות).

אין אַ וואָך אַרום בין איך אַוועקגעפאָרן אין שטאָט און דאָרט פאַר־בליבן דעם גאַנצן ווינטער.

פרומקע מיט אירע עלטערן האָבן געוואוינט ווייט פון דער שולע. און איך האָב גראָד געוואוינט ניט ווייט פון דער געביידע. האָב איך פונדעסטוועגן יעדן פרימאָרגן אָנגעלייגט וועג גייענדיק מיט ווילנער, דעם רבס גאָס און

אַ שטיק פון שול־הויף ביז וואַנען איך בין געקומען אין דער שמאָלער געסל וואו זי האָט געוואוינט און זי איז געשטאַנען אין פענצטער און געוואַרט אויף מיר. מיר האָבן זיך ביידע קוים דורכגעוואונקען מיט די אויגן. אַזוי יעדן טאָג. ביינאַכט, אַ פּאָר מאָל אין וואָך, אַזייגער עלף, בין איך פון צווישן צוויי נאָענטע שפּייכלערס, וואָס זיינען געשטאַנען אַנטקעגן איר פענצטער, אַרויס־געקראָכן צו איר און מיט אַ נאָגל אַ קראַץ געטאָן אויף איר שויב. איר טאַטע און מאַמע זיינען שוין געשלאָפן און זי פלעגט אָנטאָן אַ שוואַרצן ווינטערדיקן שאַל אויף זיך און צו מיר אַרויסגיין. אַנטקעגן דער שטוב איז געווען אַ לייד־דיקער הויף און אויפן הויף איז געלעגן אַ דיקער שפּאַל, דאָרט פלעגן מיר זיך אַוועקזעצן. מיר האָבן צווישן זיך קיין סך ניט גערעדט. אַמאָל האָב איך אַרויסגערעדט אַ וואָרט און אַמאָל זי.

ווען איך בין געווען ביי זיך אין הויז אָדער געלעגן אין בעט האָב איך צוגעגרייט זיסע און שטורעמדיקע ווערטער פאַר איר און איך האָב זיך גע־וואונדערט, פאַרוואָס איך האָב זיי קיינמאָל ניט געזאָגט. איך האָב זיך פאַרגע־שטעלט, ווי איך נעם זי אַרום און קוש זי. אָבער אַז איך בין געבליבן מיט איר אַליין, האָב איך קיינמאָל ניט געוואַגט אַרויפצולייגן מיין האַנט אויף איר, ווי זי וואָלט געווען אַ הייליקע.

איינמאָל אויפן צווייטן ווינטער פון אונדזער נאָענטער באַקאַנטשאַפט, זיצנדיק מיט איר אויף דעם שטענדיקן שפּאַל, האָב איך זיך צוגעבויגן און איר אַ קוש געטאָן. זי האָט נאָר אַרויסגערעדט „קאָק ווי סמייעטיע״? און מיר האָבן אָפּגענומען הענט און פיס. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דעם וואָס איך האָב געטאָן און מער נאָך פאַר איר פאַרוואורף. די ווערטער זיינען מיר נאָכגעגאַנגען ווי אַ בת־קול פון הימל. עטלעכע וואָכן נאָכדעם האָב איך זיך מורא געהאַט צו ווייזן פאַר איר פענצטער.

נאָך אונדזערער אַ באַגעגעניש בין איך זאַט געוואָרן אויף עטלעכע טעג. אַז די פּאָר טעג זיינען אַריבער, האָט מיך ווידער אָנגעהויבן הונגערן צו זען זיך מיט איר.

איינמאָל בין איך אַ גאַנצן ווינטער געזעסן אין דאָרף. בין איך אַלע מאָנטיק געקומען אין שטאָט בייטן אַ בוך אין דער ביבליאָטעק און איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם פענצטער וואו זי האָט געוואוינט. מיר האָבן ניט אָפּגע־מאַכט אין וועלכער צייט איך וועל פאַרבייגיין און דעריבער האָב איך איר ניט געזען. אָבער אַז איך בין געגאַנגען פאַרביי איר הויז און געוואוסט, אַז זי איז אין דער היים, בין איך שוין מיט דעם אַליין זאַט געוואָרן אויף אַ גאַנצער וואָך ביז דעם קומענדיקן מאָנטיק.

*  *  *

זי האָט געהאַט אַ רייכן עלטערן ברודער אין וואַרשע און ביי אים פלעגט זי אָפּזיין חדשים לאַנג. זי איז איינמאָל צוריקגעקומען פון ברודער און מיר

דערציילט, אַז זי איז געוואָרן אַ כלה מיט אַ רייכן בחור, אַ וואַלד־סוחר פון רוזשענוי. זי האָט מיר אויך דערציילט אַז זי האָט דעם שידוך ניט געוואָלט, נאָר דער רייכער ברודער האָט זי געצוואונגען אונטערצושרייבן די תנאים. גלייך ווי זי האָט עס מיר דערציילט, האָבן זיך מיינע געפילן צו איר געביטן. איך בין געוואָרן גלייכגילטיק צו איר. זי איז אַ כלה פאַר אַן אַנדערן. אַ פאַר־פאַלענע זאַך. איך קאָן דאָ גאָרנישט ניט איבערמאַכן. איך האָב מער ניט געטאָן די נאַרישקייטן, ווי יענעם מאָל, ווען עס איז געקומען אַ בחור, אַ שוחט פון אַן אַנדער שטעטל און מען האָט גערעדט צווישן באַקאַנטע, אַז זיי ווערן חתן־כלה. איך האָב אָבער דערפילט אַ פוסטקייט אַרום זיך אין שטאָט און האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין וואַרשע. מיט דעם זעלביקן באַן און אין דעם זעלבן וואַגאָן מיט וועלכן איך בין דאַן געפאָרן קיין וואַרשע, איז זי געפאָרן צו איר חתונה.

אויף דער באַן האָט זי מיר געגעבן ווישניאַק און לעקאַך און איך האָב איר געוואונטשן מזל טוב ווי צו אַ באַקאַנטע אָבער פרעמדער מיידל.

חתונה געמאַכט האָט מען איר ניט מיט קיין וואַלד־סוחר, נאָר מיט איינעם וואָס פירט פון וואַלד האָלץ צום טייך.

זיי זיינען אין גיכן נאָך דער חתונה אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. ער איז דאָ געוואָרן אַ „טראַק־דרייווער" פאַר אַ שאַפּ, האָט געטרונקען בראַנפן און זיך געחברט מיט אַזעלכע ווי ער אַליין. זי האָט ביי אים געהאַט אַ שלעכט לעבן.

# מינסק

די יאָרן פון 16 ביז 20, זיינען פאַר מיר געווען רייך אין איבערלעבונגען, אָבער איך קען ניט געדענקען גענוי, ווי אַלט איך בין געווען, ווען איך האָב גע־טאָן די אָדער יענע זאַך; ווען איך בין געפאָרן אין דער אָדער יענער שטאָט.

איך האָב קיינמאָל ניט געקענט געדענקען קיין דאַטעס פון זאַכן, וואָס האָבן פּאַסירט מיט מיר, סיידן זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט דרויסנדיקע געשעענישן, וואָס זיינען אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויפן קאַלענדאַר. עס איז געווען ווי אַ געשעפט, וואו מען קויפט און פאַרקויפט, אָבער עס פירט זיך אַן אַ בוכהאַלטער.

איך ווייס ניט, ווי אַלט איך בין געווען, אָבער אין יענער צייט האָט מיך געצויגן די פרעמדקייט, די ווייטקייט פון דער היים. עס איז מיר געווען ענג אין מיין טאַטנס שטוב און אַפילו אין מיין שטאָט — מיר. איך האָב זיך אָבער ניט געקענט דערבעטן, מען זאָל מיר געבן אויף הוצאות צו פאָרן אין דער פרעמד. מיינע שטוביקע האָבן מיך געהאַלטן פאַר צו יונג, אָפּצורייסן זיך פון היימישן שוועל.

האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז איך האָב זיך צעקריגט מיט דעם מיידל אין וועלכער איך בין דעמאָלט געווען פאַרליבט און צוליב דעם, אפשר, אָפּגעטאָן, אַ זאַך, אין תוך אַן אומשולדיקע, וואָס האָט אָבער פאַרשאַפט עגמת־נפש מיין עלטערער שוועסטער איידליע, ביי וועמען איך האָב געוואוינט אין שטאָט.

איך האָב זיך אַריינגעריסן אין דער מיידלשער קופּאַלניע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן הילצערנעם בריקל, וואו די מאַנסבילן האָבן זיך אויסגעטאָן. מיר, עטלעכע אונטערגעוואַקסענע בחורימלעך האָבן פאַרפירט אַ שפּיל מיט די מיידלעך, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געבאָדן. איינער פון אונדז האָט אַריבערגעוואָרפן צו די מיידלעך איבערן ווענטל אַ היטל, נאַטירלעך, ניט זיין אייגענע נאָר אַן אַנדערענס, און זיי האָבן זי צוריקגעוואָרפן. אַזוי אַ דריי־פיר מאָל. די לעצטע היטל האָב איך אַריבערגעוואָרפן צו זיי. אָבער די מיידלעך האָבן שוין דאָס מאָל ניט געוואָלט צוריקוואַרפן. אַזוי ווי איך בין דאָס געווען דער, וואָס האָט די היטל אַריבערגעוואָרפן, איז עס געווען מיין חוב זי אויפצוּמאָנען. די מיידלעך האָבן זיך איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אומקערן. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס בעטן מיט גוטן. דעמאָלט, נאָך דריי התראות, האָב איך זיך אַריינגעריסן אין קופּאַלניע. מ'האָט ניט געדאַרפט האָבן קיין צופיל מוט דערצו. עס איז ניט געווען קיין לייבן־גרוב און ניט קיין לעמפּערטן־הייל, פאַרקערט, זיי האָבן זיך פאַרשטעלט איינע הינטער די אַנדערע, ווי שעפּסן אין מיטן פעלד, ווען אַ וואָלף איז זיי באַפאַלן; אָבער די היטל אַוועקגעבן מיט גוטן האָבן זיי ניט געוואָלט. איך האָב די היטל מיט געוואַלד אַרויסגעריסן פון זייערע הענט, כאָטש איך האָב געדאַרפט פאַרזוכן דעם טעם פון זייערע נאָסע האַנטוכער.

די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט אין מאַרק און די מאַמעס פון די מיידלעך, אָנגעזעענע באַלעבאָסטעס, זיינען געקומען צו מיין שוועסטער אויפן גאַניק פאַרמסרן מיך.

דאָס איז געווען אין אַ ליכטיקן פרייטיק פרימאָרגן.

מאַנטיק איז מיין ברודער געקומען אין שטאָט אַריין צום מאַרק און אין אָוונט האָט מיין משפחה זיך געהאַלטן אַן עצה און עס איז געבליבן, מען זאָל מיך בעסער לאָזן פאָרן אין דער ווייטער וועלט, איידער האָבן פון מיר בזיונות דאָ.

די ווייטע וועלט איז געווען די נאָענטסטע שטאָט מינסק. דאָס געלט, וואָס מען האָט מיר מיטגעגעבן, איז געווען זיבן רובל. די באַן האָט געקאָסט אַ רובל מיט דרייסיק קאָפּיקעס.

איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל פאַרדינען אויף מיין הוצאה פון געבן אוראָקן אין רוסיש אָדער העברעאיש.

*　　*　　*

איך בין אָנגעקומען אין מינסק אין חודש אב. געפונען פאַר זיך אַ פּיטשינקן צימערל אין אַ הילצערן הויז מיט ניט קיין ברוקירטן הויף אויפן

ראָג קוידענאָווער און ניעמיע, וואוביידע גאַסן קומען זיך צענויף אין אַ שאַרף פון אַ מעסער.

באַלד דעם ערשטן טאָג בין איך אַוועקגעגאַנגען צו פרומקינען אין בוך־געשעפט און זיך פאַרשריבן אַלס אַבאָנענט פאַר דרייסיק קאָפּיקעס אַ חודש. דער ערשטער בוך, וואָס איך האָב אַרויסגענומען אויף „פּראָקאַט", איז געווען: זשוקאָווסקיס אַ דיקער באַנד איבערזעצונגען פון אינדישן און פּערסישן עפּאָס. די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב געליינט אין בוך, איז געווען די פּערסישע העלדן־מעשה פון רוסטעס און זאראַב.

וועגן עסן האָב איך זיך ניט געזאָרגט. אַ פאַר פונט שוואַרץ ברויט אַ טאָג מיט הייס וואַסער איז געווען גענוג פאַר מיר.

אין שטוב האָט זיך געפונען דער באַלעבאָסטעס שטיף־זון, בערל, אַ באַ־וואָקסענער מיט אַ בערדל און אַ ביסל אַ מרה־שחורהדיקער, וואָס האָט אויס־געקוקט אין מיינע אויגן ווי אַן אַלטער בחור, כאָטש ער איז געווען ניט עלטער ווי צוואַנציק יאָר.

ער האָט מיך אָפט גענומען אויף לאַנגע שפּאַצירן צום ווילנער וואָקזאַל, צום קליינעם בולוואַר און צום גובערנאַטאָרס סאָד.

איינמאָל אין אַ פרייטיק־בייטאָג האָט מיך בערל גענומען אין אַ הויז אויף ליאַכאָווקע, לעבן דעם אַלטן בית־עולם.

אין יענעם הויז, טאַקע ביי מיין ערשטן וויזיט, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ שיינעם יונגן מאַן פון אַ יאָר דריי־פיר־און־צוואַנציק, שוין אַ געקומענעם פון סלוזשבע. זיין נאָמען איז געווען יאַקאָוו פעלדשער, פון סטאַראַבין, אַ קליין שטעטל אין מינסקער גובערניע. מיר זיינען באַלד געוואָרן גוטע פריינט. אַז איך האָב געדאַרפט גיין אַהיים האָט ער מיך באַגלייט ביז צו מיין שטוב און די גאַנצע צייט זיינען מיר געגאַנגען אונטערן אָרעם.

אין גיכן האָב איך זיך אַריבערגעקליבן אויף זיין קוואַרטיר. די שטוב איז געווען זייער אַן אָרעמע. די דרויסנדיקע ווענט אויסגעשמירט מיט ליים און אינעווייניק די דירה — פיר קליינע צימערלעך, די ווענטלעך פון די קאַמערן זיינען געווען פון דינע ברעטעלעך, אַרומגעקלעפּט מיט געבלומטן פּאַפּיר.

דאָס הויזגעזינד איז באַשטאַנען פון אַ פּאָטער, לייזער, אַ מיטל־יעריקן ייד מיט אַ קורץ, רויט, בערדל ,וואָס האָט געהאַט אַ שטעלע אין אַ האָלץ־סקלאַד און פלעגט זייער פרי פאַרלאָזן דאָס הויז; זיין ווייב, די צווייטע ביי אים, אַ שיינע און אַ יחסנטע, מיט אַ קליין טעכטערל פון אַ יאָר 10, ראַ־זאַליע, דאָס צעפּיעסטשעט קינד אין הויז און דריי עלטערע קינדער פון ערשטן ווייב — אַ מיידל, ציפּע, אַ געליימטע אויף אַ האַנט, אַ ביסל אַ פאַר־צאַגטע; אַ ייגגערע מיידל, רחל, אַ מאָדיסטקע, מיט פולע רויטע באַקן און בלישטשנדיקע שמאָלע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געלאַכט; און אַ בחורל, ניאָמקע, צווישן די צוויי מיידלעך, אַ צעלאָזענער, וואָס האָט געדינט אין אַן אַפּטייק און זיינע קליינע פאַרדינסטן אויסגעגעבן אויף מיידלעך.

מיר זיינען אַלע געווען אָרעם און האָבן געלעבט ווי איין געזינד. אין דער פרי האָבן זיך די ערשטע אויפגעכאַפּט די מיידלעך מיט געזאַנג. באַלד האָט זיי צוגעהאָלפן מיין חבר פעלדשער און די מיידלעכס ברודער ניאָמקע. זינגען פלעגט מען: נעקראַסאָווס: „סאַוואושקאַ"; דאָבראָליובאָווס באַוואוסט ליד: „יעסטשאָ ראַבאָטי אוואו זשיזני מנאָגאָ"; און נאַווראָצקיס: „יעסט נא וואָלגע אוטיעס"; אָבער אָפטער ווי אַלע און שענער ווי אַלע האָט מען געזונגען פּרוגס ליד: „אוניעסי מאָיו דושו". דערנאָך האָט מען געגעסן אָנבייסן, — ברויט מיט טיי. איך געדענק ניט, וואָס די איבעריקע אין הויז האָבן געגעסן בייטאָג און אין אָוונט, אָבער איך האָב געקויפט יעדן אין דער פרי פאַר אַ צענערל דריי פונט מיט אַ דריטל סאָלדאַטסקע ברויט און דאָס אויפגעגעסן דורכן טאָג. אַז איך האָב געוואָלט אָנטאָן זיך אַ וואוילטאָג, האָב איך פאַרנאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, געקויפט אַ קוכן פאַר דריי גראָשן און געגעסן מיט נישט.

מיין חבר פעלדשער האָט געגעבן אוראָקן און האָט אויך מיר צוגעשאַרט איינעם. ער האָט געהאַט באַקאַנטשאַפט צווישן אַרבעטער־פאַמיליעס.

ער האָט מיך נאָראַיעט צו זיינעם אַ חבר מיטן נאָמען זרח, אַ שמיד, וואָס האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן אויף דער זיבעציקער גאַס, אין אַ גרויסן הויז ביים טייך. ער האָט געהאַט אַ ברודער אַ יינגערן פון זיך און צוויי שוועס־טער, איבערגעוואָקסענע מוידן, זרח אַליין האָט געקענט לייענען אַ רוסיש ביכל, געוואוסט אַ ביסל גראַמאַטיקע און געקענט „מאָכן" אַ „זאַדאַטשע". איך דער־צייל עס דערפאַר, ווייל, ווען איך האָב גענומען לערנען מיט די מיידלעך קיר־פּיטשניקאָווס גראַמאַטיקע, האָב איך ניט געוואוסט, פון וואַנען אָנצוהויבן און דאָס זעלביקע איז געווען מיט די „זאַדאַטשעס". און ער, דער ברודער, וואָס איז געזעסן ביי די אוראָקן, האָט מיר, דעם לערער, אַרויסגעהאָלפן. זרח איז געווען זייער געדולדיק און איידל מיט מיר. אָבער איך בין געווען אין אַ פאַרלעגנהייט און זיך זייער געשעמט און נאָך אַ דריי־פיר וואָכן האָב איך אַליין אויפגעהערט קומען אַהין.

* * *

אויף „טורעצקען" (טראַיצקען) באַרג, אַנטקעגן דעם גלחשן סעמינאַר, אויף אַ ליידיק, בלאָטיק שטיק פעלד, איז געשטאַנען אַן איינזאַם שטיבל. כדי אַריינצוקומען אין דעם שטיבל האָט מען געדאַרפט אַרונטערגיין עטלעכע בלאָטיקע טרעפּלעך. דאָרט האָט געוואוינט מיינס אַ שוועסטערקינד, אַ שלאָסער, מיט אַ ווייב און צוויי קינדער — אַ יינגל מיט אַ מיידל אין עלטער פון 8 און 10 יאָר. ער, מיין שוועסטערקינד און זיין יינגערער ברודער האָבן געמאַכט די אייזערנע באַלקאָנען צו די גרויסע( שיינע מויערן אין מיטן שטאָט. זיי זיינען געווען מיין טאַטנס פלימעניקעס, קינדער פון זיינעם אַ ברודער וואָס איז יונג געשטאָרבן. ווען מיין שוועסטערקינד האָט געדינט אין סאָלדאַטן, איז ער אַ פּאָר מאָל געקומען צו אונדז אויף פסח אין זיין מונדיר און שינעל. איך געדענק זיין גרינע רובאַשקע, ווען ער איז געשטאַנען ביי דער סטופּע און געשטויסן

מצה אויף פאַרפעלעך און מצה־מעל. ער איז געווען אַ הויכער, שיינער, מוס־קולירטער בחור און אַ שוואַרצער ווי אַ מורין. איך געדענק ניט, ווי אַזוי איך האָב אים אויפגעזוכט אין מינסק, אָדער אפשר האָט ער מיך אָפּגעזוכט. איך דענק, אַז דאָס האָט זרח, וואָס איז אויך געווען אַ שמיד, אים דערציילט וועגן איינעם אַ ראָלניק.

זיינע קינדער האָבן פריער געלערנט ביי אַ מלמד אין אַ חדר, איז אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט מיר אַ טובה טאָן, האָט ער זיי צוגענומען פונעם מלמד און האָט מיך געמאַכט פאַר זייער רבין.

די וואוינונג, אַ סקלעפּעניע, איז באַשטאַנען פון צוויי חדרים. אין דעם ערשטן חדר, מיט אַן ערדענעם דיל, איז געווען די מייסטערסקאַיע. דאָרטן האָט זיך געפונען דער בלאָזזאַק. צוויי קאָוואַדלעס און אַנדערע שמידישע גע־צייג און אייזערנע שטאַבעס, וואָס זיי האָבן באַנוצט פאַר די באַלקאָנען. צוויי שקצים, אַרבעטער, האָבן שטענדיק געהאַמערט אויף די קאָוואַדלעס.

אין צווייטן חדר איז געווען די דירה: אַ טיש, אַ פּאָר בעטן מיט בענקלעך איז געווען די גאַנצע מעבל פון שטוב, וואָס איז געווען אי אַ קיך, אי אַן עס־צימער, און אי אַ שלאָף־צימער. ווען איך האָב געלערנט מיט די קינדער, האָב איך געדאַרפט שרייען אַזוי הויך, אַז מיין קול זאָל פאַרטויבן דעם הילך פון די האַמערס אין ערשטן חדר, אין פירהויז. עס איז געווען פאַר מיר אַן אָפּקומעניש.

אין גיכן האָב איך צוגעקראָגן נאָך אַן אוראָק, טאַקע אין יענעם געגנט, מסתמא דורך מיין שוועסטערקינדס סטאַרן זיך פאַר מיר.

לעבן דעם סעמינאַר איז געווען אַ גרויס געמויערט הויז, וואָס האָט זיך גערופן: „קאָפּל דעם שמידס מויער". זיינע אַ טאָכטער, אַן עגונה, האָט גע־וואוינט אין איינער פון זיינע דירות. זי האָט געהאַט אַ קליין, ציטערדיק יינגל. האָט זי מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב צו לערנען מיט אים און דערפאַר האָב איך דאָרט געהאַט קוואַרטיר. אָבער עס איז מיר ניט איינגעגאַנגען. דאָס יינגל איז געווען אַ קרענקלעכער און צעפּיעשטשעטעס. אַז ער האָט ניט גע־וואוסט זיין אוראָק און איך האָב אים געמאַכט אויפמערקזאַם, פלעגט ער זיך פאַנאַנדערוויינען מיט ביטערע טרערן און די מוטער איז גלייך געקומען צו לויפן פון צווייטן צימער. זי האָט געמיינט, אַז איך שלאָג אים.

ווען איך האָב געלערנט מיטן יינגל איז אָפט אַריינגעקומען דער מוטערס אַ יינגערע שוועסטער, אַ מיידל אַ גימנאַזיסטקע, וואָס האָט זייער געהאַלטן פון זיך. איין מאָל אין אַ דיסקוסיע וועגן ליטעראַטור, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז זי איז ניט גערעכט אָדער זי ווייסט ניט, וואָס זי רעדט. פון דעמאָלט אָן איז זי מיר געוואָרן אַ שונא און אָנגערעדט אויף מיר פאַר דער שוועסטער.

איך האָב געהאַט נאָך אַ דריטן אוראָק, אויך דערביי. אַ כלה־מיידל פון אַ שפּייז־קראָם האָט געוואָלט אויסלערנען זיך אַ ביסל חומש, אויסצונעמען

ביים חתן. האָב איך מיט איר געלערנט אַ שעה אין טאָג. אַרום און אַרום האָב איך געהאַט דריי אוראָקן.

מיינע פאַרבינדונגען מיט מיינע פריינט אויף ליאַכאָווקע האָב איך ניט איבערגעריסן, איך פלעג קומען אַהין אַלע פּאָר טעג, כאָטש געוואוינט האָב איך אויף „טורעצקער" באַרג, אַ ווייטער מהלך ביז ליאַכאָווקע.

אָבער מיט איין מאָל איז געקומען אַ סוף צו אַלע מיינע אוראָקן. דער מלמד ביי וועמען מיין שוועסטערקינדס קינדער האָבן פריער געלערנט, איז ניט ברוגז געוואָרן אויף מיין קרוב, פאַרוואָס ער האָט ביי אים צוגענומען די קינדער, פאַרקערט, ער האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אים אין הויז וואָס אָפטער. פון צייט צו צייט פאַרהערט די קינדער. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אים ניט אָנגעקומען צו שווער צו באַווייזן מיין שוועסטערקינד, אַז זיינע קינדער האָבן ביי מיר ניט געהאַט קיין פעולה. האָט מיך מיין שוועסטערקינד מיט אַ שווער האַרץ אָפּגעזאָגט פון מיין מלמדות. און אַזוי ווי אַלע דריי אוראָקן האָבן זיך געפונען אין נאָענטער שכנות, האָבן זיך די עלטערן, איינע פון די אַנדערע, באַלד דערוואוסט וועגן דעם און האָבן אַלע אין איין טאָג מיר אָפּגעזאָגט. דאָס האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער; איך וועל ניט זאָגן פון אַ קלאָרן הימל, ווייל איך האָב זיך געריכט אויף דעם, נאָר אַפילו פון אַ פאַרוואָלקנטן הימל איז אויך אַ דונער ניט קיין אָנגענעמע זאַך. איך בין פלוצלינג געבליבן אָן אַ קוואַרטיר און אָן געלט. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס איך וועל מוזן פאָרן צוריק אין דאָרף אויפן גאַנצן ווינטער אין איינזאַמקייט און אומעט, ווייל מיט די מענטשן פון שטוב: מיין טאַטן און מיינע שוועסטער און ברידער, האָב איך זיך געפילט פרעמד. איך האָב געהאַט מיין באַזונדער קאַמער, וואו איך בין שטענדיק געזעסן איבער אַ ביכל און זעלטן אַרויסגעגאַנגען צום טיש, ווען אַלע פלעגן עסן, אַ חוץ שבת צו די סעודות.

די לעצטע נאַכט פאַר מיין פאַרלאָזן די אומזיסטע קוואַרטיר האָב איך זיך געלייגט אין בעט אַ פאַרזאָרגטער און אַ פאַרצווייפלטער. דער גאַנצער אומעט פון אונדזער דאָרפישער שטוב איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. און מאָדנע, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אויף מאָרגן אין דער פרי, בין איך געווען ווי אַ ביי־געבוירענער. די גאַנצע זאָרג און מורא איז אַוועקגעגאַנגען, ווי אַ כישוף־מאַכער וואָלט דאָ געקומען ביינאַכט און זיי אַריינגעלייגט אין זיין ברייטן זאַק און אַוועקגעטראָגן.

איך בין געווען רואיק און גרייט צו פאַרלאָזן מינסק.

אין דרויסן איז איבערנאַכט אָנגעפאַלן דער ערשטער שניי. דער הימל איז געווען בלוי, אָן איין וואָלקנדל און די מיל מיטן דאָרף האָבן זיך פאַר מיר אַנט־פּלעקט אין זייער שטילקייט און זאַטקייט.

איך בין אַוועק אויף מיין אַלטער קוואַרטיר אויף ליאַכאָווקע צו מיין פריינט יאַקאָוו פעלדשער.

* * *

אין מינסק זיינען געווען דריי ביכער-געשעפטן, אַלע אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס: פּרומקינס, פרענקלס און גראַדזענסקיס. זיי האָבן געהאַט גרויסע, ברייטע אויסשטעל-פענצטער צו דער גאַס, וואו עס זיינען געלעגן די נייעסטע ביכער, אָריגינעלע רוסישע און איבערגעזעצטע פון אַנדערע שפּראַכן. יענעם ווינטער איז געלעגן אין די פענצטער אַ גרויסער באַנד געטהעס לידער, אַ קלענער באַנד היינע, לאָמבראָזאָס אַ נייער בוך וועגן פּסיכאָלאָגיע און מאַקס נאָרדויס „ענטאַרטונג", אָדער „וויראָזשדעניע" אויף רוסיש.

איך פלעג זיך אָפט אָפּשטעלן ביי דער ערשטער פון די דריי פענצטער, עס האָט זיך געווענדט פון וואַנען איך בין געגאַנגען. זיך צושפאַרן צו דער אייזערנער שטאַבע, וואָס לאָזט ניט צו צו נאָענט צום שויב און לייענען די טיטלען אויף די פּאָדערבלעטער, פּרואוונדיק זיך אַריינדרינגען אין דאָס גע־דרוקטע הינטער דעם טיטל-בלאַט פון בוך. אַז איך האָב זיך אָנגעלייענט גענוג ביי איין פענצטער, בין איך איבערגעגאַנגען צו אַ צווייטער, צו אַ דריטער. איך בין זאַט געוואָרן, ווי איך וואָלט געבלעטערט די ביכער מיט מיינע אייגענע פינגער. מער ווי די אַנדערע ביכער האָט מיך געררייצט און צוגעצויגן היינעס באַנד „נייע לידער".

* * *

אויף דער גובערנאַטאָרסקער גאַס, אַנטקעגן דער גימנאַזיע, איז געווען אַ פאָטאָגראַפישע סטודיאָ. דעם פאָטאָגראַפער האָט מען גערופן מיראַנסקי. אין דרויסן ביים טויער זיינען געווען אויסגעשטעלט אונטער אַ גלאָז די פּאָרטרעטן, וואָס ער האָט געמאַכט. די בילדער האָבן שטענדיק פאַרכאַפּט מיין אויג און האַרץ. און איצטער, אַז איך האָב זיך געדאַרפט אָפּזעגענען מיט מינסק, האָב איך כאָטש געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אַן אָנדענקונג פון מיין זיין דאָרטן און דערצו בין איך דעמאָלט געווען אין דעם עלטער, ווען מען צערטלט דעם אייגענעם איך, ווי אַ דריי יאָריק קינד שפּילט זיך מיט די פינגער פון די אייגענע פיס.

דאָס איז געווען מיין לעצטע וואָך אין מינסק. איך האָב זיך געפילט פריי און אָן זאָרגן, ווי איינער, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון שערער, וואו ער האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך אַ גרויסע קודלע האָר און אַן אָנגעוואָקסענע באָרד.

פון די עטלעכע רובל, וואָס מ'האָט מיר צוגעשיקט פון דער היים אויף הוצאות האָב איך פאַר צוויי רובל געקויפט דעם באַנד „היינע", וואָס איך האָב יעדן טאָג געזען ליגן אין פענצטער פון גראַדזענסקיס בוך־געשעפט, און דריי טעג פאַר מיין אָפּפאָרן בין איך אַרויפגעגאַנגען אין מיראַנסקיס סטודיאָ צו פאָטאָגראַפירן זיך.

איך בין אַריינגעקומען אין אַ האַלב-טונקעלן צימער מיט פאַרהאַנגענע פענצטער, וואו מיראַנסקי, אַ קליין־געוויקסיקער מענטש מיט געגאָלטע וואַנצעס, ווי אַן אַקטיאָר, האָט מיך פאָטאָגראַפירט.

אין אַ צווייטן גרויסן צימער, וואו דאָס ליכט איז געפאַלן פון דער גלעז־זערנער סטעליע, זיינען געשטאַנען אַ פינף־זעקס יונגע מיידלעך ביי שטענ־דערס און מיט קליינע דינע פענדזלען געצויגן איבער ניט־פאַרטיקע בילדער.

דאָס צימער איז געווען שטאַרק באַלויכטן און די מיידלעך זיינען געווען שיין אָנגעטאָן, ניט ווי די מאָדיסטקעס אָדער די נייטאָרינס ביי זייערע ניי־מאַשינען.

ער האָט מיר געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרן פּראָבע־בילד. ווען איך בין אַרויפגעקומען צו אים אַ צווייט מאָל, איז מיר דאָס אַרומיקע נאָך מער געפעלן. איך האָב מיר געוואונטשן צו זיין דאָ אַלעמאָל.

איך געדענק ניט, און אפשר האָב איך טאַקע דעמאָלט אַליין ניט געוואוסט, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז מיראַנסקי האָט מיר אָנגעבאָטן, אַז איך זאָל אָנקומען צו אים זיך צו לערנען די מלאָכה אָדער קונסט פון פאָטאָגראַפיע.

די באַדינגונגען זיינען געווען, איך זאָל אָנקומען צו אים אויף דריי יאָר, און געבן אים אין פאָראויס 150 רובל און איך זאָל וואוינען ביי אים אין דער סטודיאָ. דער פונקט אין אָפּמאַך איז מיר שטאַרק געפעלן געווען, וואָס קען זיין אַ גרעסערע צוציאונג פאַר אַ בחור פון 16-17 יאָר, ווי צו זיין אַ גאַנצן טאָג, זעקס טעג אין וואָך, אין איין צימער מיט אַזויפיל יונגע, פיין־אָנגעטאָנענע מיידלעך.

איך האָב גענומען דאָס פּראָבע־בילד מיט זיך און צוגעזאָגט צו קומען אין צוויי וואָכן אַרום צוריק קיין מינסק, צו בלייבן דאָרטן.

דאָס צווייטע אויסגעפּאַרטיקטע בילד האָב איך געהאָפט צו קריגן, ווען איך וועל קומען צוריק פון דער היים.

צוויי זאַכן האָב איך געפירט מיט זיך אַהיים, וואָס האָבן מיך גליקלעך געמאַכט. דאָס איז געווען די דערוואַרטונג, אַז איך וועל דעם קומענדיקן ווינטער און אויף אַלע מאָל וואוינען אין דער שיינער, ליכטיקער שטוב מיט אַזויפיל יונגע פרויען און היינעס בוך אין דער רוסישער איבערזעצונג פון איינעם מיטן נאָמען מייסנער.

אָבער ווען איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין באַן און אַרויסגענומען דאָס בוך, פון וועלכן איך האָב דערוואַרט אַזויפיל תענוג און גענומען לייענען און מישן די בלעטלעך, האָב איך זיך שטאַרק געוואונדערט, הזאת היינע ? איז דאָס דער זיסער, צאַרטער דיכטער, וועמענס איינצלנע לידער, וואָס איך האָב פריער געלייענט אין אַ העברעאישער איבערזעצונג, האָבן מיך אַוועקגעטראָגן אין אַ וועלט פון געזאַנגען ? דאָ זיינען געווען טרוקענע, פּאָליטאָניסטישע פּערזן.

דעם צווייטן אָפּשניט האָב איך געהאַט, ווען איך בין געקומען אין מיטן נאַכט אַהיים, אויפגעוועקט מיין שוועסטער און אַן אומגעדולדיקער און באַ־גייסטערטער, האָב איך איר גלייך אויסדערציילט, כמעט אויסגעשריען, אַלע מיינע פּלענער.

אָבער מיין שוועסטער האָט מיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער:

„וואָס, אַ פאָטאָגראַפּטשיק ווילסטו ווערן, און אַרומשלעפּן זיך פון שטאָט צו שטאָט?"

די פאָטאָגראַפּטשיקעס האָבן ביי אונדז געהאַט ניט קיין גוטע רעפּו־טאַציע. זיי פלעגן קומען אין אַ שטעטל, אָפּשטיין אַ פּאָר וואָכן אָדער אַ חודש און אַוועקפאָרן אין מיטן נאַכט, צונעמענדיק די „אַדערופּן", וואָס חתנים און כלות און יונגע ווייבלעך וועמעס מענער זיינען געווען אין אַמעריקע, האָבן זיי געגעבן אויף בילדער.

יענעם ווינטער בין איך אָפּגעזעסן אין מיל אין מיין קליין קאַמערל.

נאָר איינמאָל אין וואָך פלעג איך קומען אין שטאָט בייטן אַ בוך אין דער ביבליאָטעק און פאַרביילויפן דעם פענצטער, וואו עס האָט געוואוינט דאָס מיידל, אין וועלכער איך האָב זיך געליבט. דאָס האָט מיך אָנגעזעטיקט אויף אַ גאַנצער וואָך.

אין דער היים האָב איך אויך געהאַט מיינע צעשטרויאונגען: גיין אין דאָרף באַשטעלן פורן, אַרויסצושיקן מעל אין די נאָענטע און ווייטע שטעטלעך אַרום אונדז; גיין מיט אַן אַרומגעפלאָכטענער, גלעזערנער באַטליע צום דאָרפישן קרעמער נאָך גאַזע פאַר די אַלע לאָמפּן און לעמפּעלעך אין מיל און אָפּנעמען די „פּאָטשט" אין „וואָלאָסט".

דאָס דאָרף האָט זיך געפונען אַרום אַ וויאָרסט ווייט פון דער מיל.

דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס; דער פראָסט ברענט די אויערן און קרעמפּט די פינגער.

# ווי מען האָט זיך געמאַרעט

די שוסטערס, די סטאָליאַרעס און אַנדערע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך געריכט צו ווערן סאָלדאַטן, האָבן זיך די לעצטע וואָכן פאַרן פּריזיוו געלאָזט וואוילגיין פון דער אַרבעט און געלעגן אין די שענקען און איינפאָר־הייזער, געגעסן געבראָטענע געענדז און פאַרטרונקען מיט ביר, מיט וואָס די באַלע־באַטישע עלטערן פון זייערע ראוועסניקעס האָבן זיי אונטערגעקויפט זיי זאָלן ניט מאַכן קיין טומל, וואָס זיי וועלן דאַרפן גיין דינען פאַר יענע.

די באַלעבאַטישע בחורים, וואָס האָבן ניט געוואָלט און ניט געקלערט צו דינען — האָבן זיך געמאַרעט. ניט געגעסן, ניט געשלאָפן, אַרומגעגאַנגען איבער די דאָרפישע וועגן ביז 15 און 20 וויאָרסט פאַר אַמאָל. זיי האָבן זיך באַרימט איינער פאַרן צווייטן, ווי לאַנג זיי קאָנען אויסקומען אָן עסן און אָן שלאָפן. און נאָך אַנדערע האָבן זיך געמאַרעט דורך עסן אַ סך פלייש האַלב רוי מיט נישט, וואָס האָט נישט געזעטיקט נאָר פאַרקערט, אָפּגעצערט.

אויפן 21טן יאָר בין איך געשטאַנען צום פּריזיוו און בין אַרויס „ניע גאָדין". דאָס וואָלט אָבער ניט געקאָנט געשען, ווען איך וואָלט זיך פריער ניט געמאָרעט, וואָרים איך בין געווען ניט קיין קראַנקער ייִנגל און אַזעלכע ווי איך האָט מען אַנגענומען.

דער פּריזיוו איז געווען אין חודש נאָיאַבר און מיר, דאָס הייסט, איך און נאָך אַזעלכע ווי איך, באַלעבאַטישע בחורים, האָבן זיך אָנגעהויבן מאָרען מיט אַ פיר־פינף וואָכן פאַרן פּריזיוו. כדי צו פאַרטרייבן דעם אַפּעטיט צום עסן האָבן מיר געטרונקען אַ סך טיי און דעם שלאָף האָבן מיר בייגעקומען דורך שפּילן אין קאָרטן.

מיר האָבן געשפּילט אין „טערטל־מערטל" אָדער דער „ניינטער וואַל", אַ לעבעדיקע אַזאַרטע שפּיל, וואו מען פאַלט ניט אַוועק אויפן נאָז אַרום דריי פאַרטאָג, פאַרקערט, מיר זיינען געווען לעבעדיק, איינשטעלעריש און פול מיט געוואַגטקייט.

אָבער געשפּילט האָט אַחוץ אונדז די גאַנצע שטאָט, ווער עס האָט נאָר געקענט האַלטן אַ קאָרט אין האַנט. עס האָבן געשפּילט באַלעבאַטישע יונגע־לייט, וואָס זיינען געזעסן אויף קעסט, געשעפטס־לייט, קרעמער, וואָס זייערע ווייבער האָבן געהאַט די לייזונג. אויך גויאישע טשינאָווניקעס, דער פּריסטאַוו און זיין סעקרעטאַר. דער אוראַדניק האָט פאַרשפּילט זיין פערד און וועגעלע, אין וועלכן ער פלעגט אַרומפאָרן איבער די דערפער. און דעם קניאַזס זון, אַ יונגער אָפיצערל, וואָס איז געקומען פון מאָסקווע און וואָס פלעגט שפּאַצירן מיט ייִדישע מיידלעך, האָט פאַרשפּילט שווערע הונדערטער צו די „ייִדישע טאָוואַרישטשעס".

איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט אין דעם דאָזיקן שפּיל מיין חבר, יונגער פון מיר מיט אַ פּאָר יאָר, שלמה ציבקין, וועמען מיר האָבן צווישן זיך גערופן „טשוהון".

ער פלעגט פאַרלייגן אַ „באַנק" אָנהייב אָוונט און פאַרקויפן קאָרטן צו די מיטשפּילער צו פאַרשיידענע פּרייזן. און נאָך יעדן קאָן געמאַכט אַ חשבון אויפן קאָפּ פון יעדן פאַרלירער און יעדן געווינער, ניט פאַרצייכענענדיק מיט אַ בלייפעדער אויפן פּאַפּיר. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט און ערשט מיט טאָג צוגלייך האָט ער פאַרמאַכט די „באַנק" און זיך אָפּגערעכנט מיט יעדן איינעם באַזונדער און קיינמאָל ניט געמאַכט קיין טעות.

* * *

איך געדענק, מען האָט ביי אונדז אין שטאָט געמאַכט אַ מין משמר־טיש, ביי וועלכן מען האָט געשפּילט אַ גאַנצע וואָך אין קאָרטן. מענטשן זיינען אַריינגעקומען, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווײַלע, אָפּגעשפּילט אַ נאַכט אָדער אַ טאָג, איינגעמאַטערט זיך און אַוועק אַהיים. אין דער צייט וואָס זיי זיינען ניט געווען זיינען אַריינגעקומען אַנדערע און פאַרנומען זייער אָרט ביים טיש. די ערשטע האָבן זיך דורכגעשלאָפן און ווידער געקומען שפּילן. אַזוי אַ גאַנצע

וואָך פון שבת־צו־נאַכט ביז דעם פרייטיק־צו־נאַכט איז דער טיש געווען באַזעצט מיט שפּילער. עס פלעגן זיך דורכוואַרפן פון צייט צו צייט ניט קיין שטענדיקע שפּילער אויך, אָבער איבערהויפּט האָבן אַרומגערינגלט דעם טיש די שטענדיקע, וואָס האָבן געמאַכט קאָרטן פאַר זייער ליידנשאַפט.

(עס זיינען אויך געווען צווישן די פּריזיווניקעס אַזעלכע, וואָס האָבן אין קאָרטן ניט געשפּילט. זיי זיינען געגאַנגען פון שטעטל צו שטעטל איבער די לאַנגע וועגן און אַז זיי זיינען אַריינגעקומען, פאַרמאַטערטע און הונגעריקע, אין אַ שטוב וואו מען האָט געשפּילט אין קאָרטן, זיינען זיי דאָרט געווען פרעמדע, קיין אָנטייל אין שפּיל ניט גענומען, נאָר צוגעגאַנגען צו אַ טישל, געקוקט אַ ווײַלע ווי אַנדערע שפּילן און צום סוף אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייטיקער קאַמער און דאָרט אַוועקגעפאַלן שלאָפן.)

נאָכן פּריזיוו, ווען מען האָט זיי אויסגעבראַקירט, האָט אַ טייל בחורים זיך אָפּגעזאָגט צו עסן פולע מאָלצייטן, עס זאָל זיי ניט פאַרשאַטן נאָך די לאַנגע תעניתים; אָבער פון שפּילן אין קאָרטן האָבן זיי זיך ניט אָפּגעזאָגט.

## אין די טעג פון „מאָרען" זיך

מיר האָבן דורכגעמאַסטן אַ לאַנגן וועג:
פּריצישע הויפן, דערפער, אַפילו אַ שטאָט.
געשפּאַנט און געשפּאַנט גאַנצע טעג אָן אַ צוועק,
נאָר צוליב דעם איינציקן געבאָט
פון גיין...

אין אַ נאַכט אָנגעקומען אין מיין חברס היים,
אַן איינציק הויז אין אַ העק.
אַ שטראָל האָט געוואונקען פון ווייטן דוים,
דער ווייטער שטראָל האָט ניט אָפּגענאַרט.
מען האָט פאַר אונדז געשטעלט מאכלים אַלערליי;
פאַרזוכט האָבן מיר ווייניק פון זיי,
די בעט קאַלט געלאָזט שטיין.
אַנטקעגן שלאָף זיך געשטאַרקט.
אויפן עלנבויגן זיך אָנגעשפּאַרט,
געדרעמלט אַ מינוט
און עס גערופן — גערוט.
און מאָרגן פרי ווידער גרייט
מעסטן וועג, טאַפּטשען קויט.
און מיטגענומען האָבן מיר,
שוין אויף יענער זייט טיר,
אַ קוש פון אַ הונט
און אַ מאַמעס „גייט געזונט".

# מיין אַמעריקע

## I

דער וועג פון מיין שטאָט מיר קיין ניו־יאָרק, האָט זיך געצויגן איבער ליבאַווע, לאָנדאָן, ליווערפּול, קוויבעק און ניו־לאָנדאָן. געדויערט האָט די נסיעה זעקס אָדער זיבן וואָכן, ווייל אין איטלעכער פון די אויס־גערעכנטע שטעט זיינען מיר, עמיגראַנטן געבליבן שטיין צו עטלעכע טעג און אַמאָל אַ גאַנצע וואָך און אַפילו מער. מיט דער „גרויסער״ שיף זיינען מיר געפאָרן גאַנצע עלף טעג.

אין ליבאַווע בין איך אָנגעקומען אין אַ שיינעם, אָנהייב־זומערדיקן פרי־מאָרגן און פאַרפאָרן אין אַ הויז, וואָס האָט אויפגענומען עמיגראַנטן — אַ קליינע אכסניה.

ווען איך בין אַריין אין דעם הויפּט־צימער, וואָס איז אויך געווען דער עס־צימער, האָב איך דערזען צוויי מענטשן ליגן אין אַ בעט. דער וואָס איז געלעגן ביים ברעג איז שוין געווען וואַך. דאָס איז געווען אַ יונגער, שלאַנקער בחור פון אַ יאָר עטלעכע און צוואנציק, מיט שוואַרצע געקרויזטע האָר. דער צווייטער איז נאָך געלעגן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ.

איך האָב געמיינט, אַז דער צווייטער איז אויך אַ מאַנסביל; אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער מענטש אָפּגעוואָרפן אַ ברעג פון קאָלדרע און איך האָב דערזען אַ בלאָנדן מיידלשן קאָפּ האָר.

מיר איז ניט איינגעפאַלן אַז דאָס זיינען מאַן און ווייב, ווייל זיי האָבן אויסגעזען צו יונג צו זיין חתונה־געהאַטע מענטשן. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ בחור און אַ פרעמד מיידל, וואָס האָבן זיך דאָ אויף דער אַכסניה באַ־געגנט, און אַזוי ווי עס איז אין דער פרעמד, האָבן זיי ניט פאַר וועמען זיך צו שעמען.

אין גאַנצן קיין טעות האָב איך ניט געמאַכט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז דאָס געווען אַ פאַרליבט פּאָרל, וואָס האָט אין דער היים, אין אַ קליין פּויליש שטעטל ניט געקאָנט חתונה האָבן, ווייל זי איז געווען אַ באַלע־באַטישע טאָכטער און ער — אַן אָרעמער שניידער־יונג; אָבער זיי האָבן זיך ליב געהאַט. זיינען זיי אַנטלאָפן פון דער היים און געבליבן שטעקן אין ליבאַווע אויף זייער וועג קיין לאָנדאָן. עס האָט זיך ביי זיי אויסגעלאָזט דאָס געלט. האָט ער געוואַרט, אַז זיינער אַ פריינט פון לאָנדאָן זאָל אים צושיקן געלט אויף וויטערדיקע הוצאות...

* * *

ווען איך בין אַרויס אין גאַס האָב איך דערזען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן אַ הויכן, רויטן פאַבריק־קוימען, מיט אַן אייזערנער רעשאָטקע אויפן שפּיץ, ווי אַ קליין היטעלע אויפן קאָפּ פון אַ וואויל־יונגערישן בחור. איך האָב

באַוואונדערט דעם קומען ווי גלייך ער שטייט און בין געווען שטאָלץ, וואָס איך געפין זיך אין אַן אמתער פאַבריק־שטאָט, וואו אַרבעטער גייען צו און פון דער אַרבעט אין בלויע בלוזעס און הויכע שטיוול, פאַרמורזשעטע אין סאַזשע און אויל.

איך בין געגאַנגען אָנקוקן די שטאָט. זיך אָפּגעשטעלט לעבן קאַנאַל. עטלעכע מאַטראָסן אויף אַן עלעקטריש שיפל האָבן פאַרביי מיר דורכגעשטור־רעמט דאָס שטילע וואַסער.

איך האָב אָנגעטראָפן אויף ביכער־קראָמען, וואָס דאָס איז אַלעמאָל געווען מיין ערשטער באַגער צו זען, ווען איך בין געקומען אין אַ גרויסער שטאָט. (זינט איך האָב אויפגעהערט לויפן אָנקוקן שולן מיט זייערע שניצעכצן און פּרוכתן אין די קליינע שטעטלעך אַרום אונדז, איז מיין צווייטע תאווה געווען צו שטיין ביי די פענצטער פון ביכער־געשעפטן). דאָ, אין ליבאַווע האָב איך אין אַ שוי־פענצטער געזען אויסגעלייגט דייטשישע ביכער. איך האָב זיך דערפילט ווי איך בין שוין כמעט אין דייטשלאַנד, אין אייראָפּע.

דער באַלעבאָס פון דער אַכסניה האָט מיך מיטגענומען יעדן מאָל, ווען ער איז געגאַנגען אין שטאָט איינקויפן פּראָוויאַנט. ער האָט מיך איינמאָל גענומען צום ים, אָבער דער ים האָט אויף מיר קיין שטאַרקן איינדרוק ניט געמאַכט. עס איז געווען אַ כמאַרנער, ווינטיקער פאַרנאַכט, און איך האָב נאָר געזען לאַנגע גרעבליעס אָנגעשאָטן מיט שטיינער אין דער לענג און ברייט פון וואַסער. קיין שיפן האָב איך ניט געזען און קיין מענטשן זיינען ניט געזעסן אויף די בענק, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן זאַמד ביים ברעג ים.

* * *

אין ליבאַווע בין איך געווען אַ וואָך צייט. אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, אַרום דריי אַזייגער, בין איך געשטאַנען אויף דער דעק פון שיף, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן אין דער פרעמד.

אַחוץ עמיגראַנטן זיינען אויך געפאָרן אַ סך שטאָטישע מענטשן און נאָך מער זיינען געקומען זיי באַגלייטן. ווען די שיף האָט זיך אָנגעהויבן פּאַמעלעך צו רירן, האָבן די מענטשן אויפן ברעג אָנגעהויבן צו פאָכן מיט ווייסע טיכעלעך צו די וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער שיף. האָט זיך מיר אין יענער מינוט זייער געוואָלט, אַז עמעצער זאָל צו מיר אויך פאָכן מיט אַ ווייס נאָז־טיכעלע. עס זיינען מיר געשטאַנען טרערן אין די אויגן. אַזוי האָב איך געפילט, כאָטש איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ פאַרהאַרטעוועטן פיזיש און גייסטיק קעגן סענ־טימענטן. (איך בין די לעצטע פאַר יאָר פאַר מיין אַוועקפאָרן פון דער היים געשלאָפן אויף אַ האַרט געלעגער. ווען מ׳האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, האָב איך אַוועקגענומען דאָס קישעלע פון אונטער דער זייט. יעדע נאַכט פאַרן שלאָפן־גיין אויפגעגעסן אַ שטיק שוואַרץ ברויט איינגעטונקט אין זאַלץ, און פאַרטרונקען מיט אַ גלאָז קאַלט וואַסער, און גערעדט גראָבע רייד, ווען איך בין געווען מיט מיינע חברים).

די שיף איז ניט געווען די „גרויסע שיף" וואָס האָט אונדז געדאַרפט פירן קיין אַמעריקע, נאָר די קליינע, די ערשטע, וואָס פאָרט נאָר ביז לאָנדאָן. קיין שיף־קראַנקייט האָט קיינער ניט געליטן. שוין דעם ערשטן אָוונט האָבן מיר, די יידישע פּאַסאַזשירן, זיך באַקענט צווישן זיך; מיר האָבן זיך אַפילו געפילט היימיש מיט די מאַטראָסן, וואָס האָבן גערעדט רוסיש.

אין די אָוונטן איז מען געזעסן אויף דער דעק און געזונגען יידישע און רוסישע לידער, אַ יונג פּאָרל פון אַן אוקראַינער שטאָט — יחיאל און שרהקע — האָבן געשפּילט טעאַטער.

אַ טאָג אָדער צוויי איז אונדזער שיף געגאַנגען זייער פּאַמעלעך. דאָס זיינען מיר דורכגעפאָרן דעם „קייזער ווילהעלם־קאַנאַל". דער קאַנאַל איז געווען אַזוי שמאָל ווי דאָס געסעלע, וואָס האָט אין דער מיר געפירט פון מאַרק צום שולהויף און וואו צוויי פורן האָבן זיך ניט געקענט אויסמיידן.

אויפן פערטן טאָג פאַרנאַכט, זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין די וואַסערן פון דעם טייך טעמזע, דעם באַרימטן טייך, וואָס זיין נאָמען איז מיר שוין לאַנג געווען באַקאַנט פון ביכער און צייטונגען.

עס איז געוואָרן טונקל. די לאָמפּן אין די פאַבריקן האָבן זיך אָנגעצונדן און באַלויכטן די פענצטער אויף ביידע זייטן טייך. עס איז געווען אַ בילד, וואָס האָט מיך אינגאַנצן צעטומלט. איך האָב ניט געוואוסט אין וועלכער זייט איך זאָל קוקן. האָב איך געקוקט צום רעכטן ברעג, האָט מיר געקלעמט דאָס האַרץ, וואָס איך קען ניט זען וואָס עס טוט זיך אויפן לינקן ברעג. און ווען איך האָב געקוקט צום לינקן ברעג, האָב איך געזשאַלעוועט דעם דורכ־געלאָזענעם רעכטן ברעג. אַזוי בין איך אַרומגעלאָפן פון איין זייט שיף צו דער צווייטער אָן אויפהער. עס האָט זיך מיר געוואָלט זיין צוויי אָנשטאָט איינעם, אָדער לכל הפחות האָבן נאָך אַ פּאָר אויגן אין פּאָטיליניצע. מיר זיינען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט און מיר זיינען אָנגעקומען אין לאָנדאָן אַרום אַכט אַזייגער אינדערפרי.

מען האָט אונדז אַלעמען געבראַכט אויף אַ שטויביקן הויף לעבן אַ גרויסן שפּייכלער. עס איז געוואָרן צען און צוועלף דער זייגער. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ פאַרנער. מיר זיינען געשטאַנען אונטערן בלויען הימל אָן אַ ביסן ברויט און אָן אַ טרונק וואַסער.

ערשט אַרום צוויי דעם זייגער נאָך האַלבן טאָג האָט מען אונדז אַלעמען — אַ פערציק־פופציק מענטשן, געבראַכט צופוס אויף „קאַמוירשעל ראָוד" אין יידישן שעלטער, — דאָס יידישע עמיגראַנטן־הויז.

מיר זיינען דורך אַ שמאָלן קאָנטאָר אַריינגעקומען אין אַ קליינעם צימער מיט אַ גלעזערנעם דאַך. די זון האָט אונדז געבאַקן אין קאָפּ און טייכן שוויס זיינען גערונען פון אונדז. אָבער מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט ביזן אָוונט. דורכן טאָג האָט מען אונדז איינמאָל געגעבן „סענדוויטשעס" און קאַפּע.

ערשט אין אָוונט האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזן אויף דער גאַס, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט אַוועקצוגיין וייט, מיר זאָלן ניט פאַרבלאָנדזשען. און

אַז מיר האָבן געוואָלט איבערגיין די גאַס, האָבן מיר, דערוואַקסענע מענטשן, זיך געהאַלטן צו דריי־פיר פאַר די הענט, ווי קליינע קינדער.

ווען מיר זיינען געשטאַנען אין דרויסן לעבן שעלטער, זיינען פאַרבייגע־פאָרן עטלעכע לאַנגע קאַרעס אָנגעזעצט מיט דערוואַקסענע און קינדער, וואָס האָבן הויך געזונגען. מ'האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָס זיינען אַרבעטער מיט זייערע פאַמיליעס. זיי פאָרן פון אַן אויספלוג אַהיים. איך האָב אין דעם געזען די גוטע מערכה פון די ענגלישע אַרבעטער.

*　　　*　　　*

שפּעט ביינאַכט האָט מען אונדז געבראַכט צו אַן אונטערערדישן וואָקזאַל און אַריינגעזעצט אין באַן, וואָס האָט אונדז געדאַרפט ברענגען קיין ליווערפּול.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן אַ צאָל באַלויכטענע סטאַנציעס אויפן וועג. אָבער מיר האָבן געמיינט, אַז מיר פאָרן נאָך אַלץ אונטער דער שטאָט לאָנדאָן, און די פינצטערע שטרעקעס זיינען די לאַנגע, אָן אַ שיעור לאַנגע, טונעלן.

ווען עס איז ליכטיק געוואָרן האָבן מיר דערזען גרויע, שיפּועדיקע בערג אויפן האָריזאָנט מיט הויכע און שאַרפע רוקנס, ווי דעכער פון הייזער. און דאָ און דאָרטן, אויפן ברייטן, גרויען שטח פון די בערג, שטיינערנע שטיבער, אָנגעזעצט, ווי באַנקעס אויף אַ נאַקעטער פּלייצע אין אַ באָד. איך האָב גע־טראַכט, אַז דאָס זיינען געווויס די שלעסער פון אַמאָליקע ריטער און באַראָנען, אָבער זיי האָבן ניט אויסגעזען אַזוי אימפּאָזאַנט ווי אין די אַלטע ענגלישע באַלאַדן און אין וואָלטער סקאָטס ראָמאַנען.

די גאַנצע צייט זינט איך האָב פאַרלאָזן מינסק, איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען טייכן און בערג, שטעט און לענדער, וואָס וועגן זיי האָב איך זיך אָנגעהערט דערציילן פון מענטשן און זיך אָנגעלייענט אין ביכער. אַנדערע זיינען אין דער ווירקלעכקייט ניט געווען אַזוי שיין און מאַיעסטעטיש, ווי איך האָב זיך זיי פאָרגעשטעלט — און אַנדערע ווידער האָבן איבערגעשטיגן מיין פאָרשטעלונג וועגן זיי.

אַזוי איז געווען די שטאָט קאָפּענהאַגן, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ דריי־פיר שעה בעת מיר זיינען געפאָרן מיט דער ערשטער שיף פון ליבאַווע קיין לאָנדאָן.

עס איז געווען אַרום זעקס אַזייגער אין דער פרי. די פאַראַדנע גאַסן זיינען נאָך געשלאָפן. נאָר וואו־ניט־וואו האָט א גרויסער הונט געפירט אַ וועגעלע מיט מילך און אַ פרוי, אין אַ גרויסן, ווייסן טשעפּיק ביז איבער די אויערן, איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן. מיר האָבן איבערגעשפּאַנט קאַנאַלן אין מיטן שטאָט, מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען גרויסע קאָנטאָר־הייזער, מוזייען און די שטאָטישע בערזשע. אונדזער פירער — אַן אָנגעשטעלטער אויף דער שיף — איז מיט אונדז דורכגעגאַנגען דעם קעניגלעכן הויף וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער וואַרשעווער מויער, מיט אַ פיר־קאַנטיקן הויף אין מיטן. אין

איין טויער זיינען מיר אַריין און דורכן צווייטן אַרויס. ביי די טויערן זיינען געשטאַנען שומרים אין קורצע קליידלעך און לאַנגע זאָקן מיט האַלעבאַרדן אויף די אַקסלען. די גאַנצע שטאָט האָט מיר דערמאָנט אָן דער שלאָפנדיקער פּרינצעסין.

אויפן וועג האָט דער פירער אונדז אַריינגעפירט אין אַ שענקל, וואָס איז שוין געווען אָפן. ער האָט געהייסן דערלאַנגען אונדז צו גלעזלעך קאָניאַק. עס איז געווען געשמאַק און עס האָט געקאָסט ביליק. האָט ער אונדז צוגערעדט און מיר האָבן געקויפט — ווער אַ פלאַש און ווער צוויי — מיטצונעמען אויף דער שיף. אונדזערע דערוואַרטונגען זיינען געווען גרויס. אָבער אַז מיר זיינען אַרויף אויף דער שיף און געעפנט די פלעשער, האָט דער קאָניאַק געהאַט אַזאַ חלשותדיקן טעם, אַז מיר האָבן זיי אַלע אַריינגעוואָרפן אין ים. דער מאַטראָס האָט געוואוסט וואוהין ער האָט אונדז געפירט...

* * *

אין לאָנדאָן אויפן וואָקזאַל , בעת איך האָב זיך געטראָגן מיט מיין קערבל צו די וואַגאָנעס, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ בחורל אין מיינע יאָרן, אויך אַן עמיגראַנט ווי איך. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט און באַפריינדט. אפשר האָט מיך געצויגן צו אים, דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער קומט פון ראָסטאָוו, אַ גרויסע שטאָט, און דאָס וואָס ער האָט געטראָגן אַ גרינע, סאַמעטענע קעפּקע, וואָס מיר איז זייער געפעלן געוואָרן. ער איז געווען אַ שניידער און זיין נאָמען איז געווען טאַקאַרעוויטש (ווען מיר זיינען שוין ביידע געווען אין ניו־יאָרק, האָבן מיר זיך נאָך לאַנג געחברט, ביז ער איז אַוועקגע־פאָרן אַרבעטן אין אַ קליין שטעטל אַרום באָסטאָן).

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין ליווערפּול, האָט מען אונדז געבראַכט אין אַ גרויס, פיר־שטאָקיק הויז. אינעווייניק איז געווען ווי אין אַ שיף. אַלע פיר עטאַזשן זיינען געווען פאַרשטעלט מיט בעטלעך איינס לעבן אַנדערן. דאָרטן זיינען די עמיגראַנטן געשלאָפן און דאָרטן זיינען אויך געשטאַנען זייערע קערבלעך.

איך מיט מיין נייעם חבר האָבן ווייניק פאַרבראַכט אין „האָטעל". מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט נאָר אָפּצועסן. דעם גאַנצן טאָג זיינען מיר אַרומגע־גאַנגען איבער די גאַסן פון די וואוין־געגנטן און אויך אַריינגעקוקט אין די האַנדל־גאַסן.

די וואוין־גאַסן זיינען געווען איינטאָניק, זיי האָבן אַלע געהאַט איין פּנים. גאַס נאָך גאַס אין די צענדליקער און אפשר הונדערטער — מ'גייט און מ'גייט און מ'מיינט נאָך אַלץ אַז מ'איז אין דער זעלביקער גאַס. די הייזער אַלע פון טונקל־ברוינע ציגל, צוויי שטאָקיגע, מיט וואַזאָנעס אויף די קליינע פענצטער־לעך. קיין מענטשן אויף דער גאַס זעט מען ניט, ווי אויסגעשטאָרבן. דערפאַר די אַלטע, די האַנדל־גאַסן פון שטאָט זיינען אויסערגעווינלעך אימפּאָזאַנט

און שיין. די געביידעס גרויסע, פון טונקל־גרויען גראַניט, מיט אַלערליי אָר־נאַמענטן.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ הויף, וואָס איז געווען געבויט אין אָריענטאַלישן סטיל. דאָרט האָט געשלאָגן אַ פאָנטאַן און אַרום אים אַ גרופּע מענטשלעכע פיגורן אויסגעהאַקט פון שוואַרצן מאַרמאָר. אַ דיקע קייט, דורכ־געצויגן דורך די אויפגעהויבענע עלנבויגנס, האָט זיי באַהעפט איינע מיט דער צווייטער. איך געדענק ניט אַקוראַט, צי די קייט איז געווען אַן אייזערנע, אַ דרויסנדיקע, אָדער אויך אַ מאַרמאָרנע. איך געדענק אויך ניט צי עס איז גע־ווען אַן אויפשריפט אויפן פּעדעסטאַל; אָבער מיר דוכט, אַז די סטאַטוען האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שקלאַפן־גרופּע און אפשר אַ טאַנץ פון די ווילדע אין אַפריקע.

אַ גרויסן טייל פון די טעג האָב איך מיט מיין חבר פאַרבראַכט אין שטאָ־טישן מוזיי. מיר האָבן דאָרטן געזען בילדער, און אַז איך דערמאָן זיך אָן ליווערפּולער מוזיי, דערמאָן איך זיך אויך אָן אונדזער אַלטער, הילצערנער שול. ס׳איז אַזאַ אַסאָציאַציע פאַראַן, וואָס בילדער קומען איינס נאָכן אַנדערן, ווען איך צי אַרויס דעם שופלאָדל אין מאַרך. אַזוי דערמאָן איך זיך איצטער, אַז ווען איך בין געשטאַנען אויף אַ סקווער, האָב איך געזען אַן עדה מענטשן שטיין מיט הוילע קעפּ און טוען תפילה. איך האָב אַרונטערגענומען מיין קאַ־פּעליוש און זיך געשטעלט מיט זיי צוזאַמען.

אין ליווערפּול זיינען מיר געשטאַנען מער ווי אַ וואָך. דאָרטן האָבן מיר זיך געזעצט אויף דער גרויסער שיף. מ׳האָט גערעדט צווישן זיך, אַז די גרויסע שיף מיט וועלכער מיר פאָרן איז אַן אָקסן־שיף. פון אַמעריקע קיין ענגלאַנד פירט זי אָקסן און צוריק — עמיגראַנטן.

מיר, די עמיגראַנטן זיינען געשלאָפן גאָר אונטן. ניט אין קיין באַזונדערע קאַיוטעס פאַר צוויי אָדער פיר מענטשן, נאָר אין אַ לאַנגן גרויסן באַראַק, וואָס האָט פאַרנומען דעם גאַנצן אונטערשטן עטאַזש און וואָס איז געווען איבערגע־טיילט ווי אין אַ טעאַטער מיט שמאָלע סטעזשקעס.

קיין באַזונדערע בעטן, אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער זיינען אויך ניט געווען. עס זיינען געווען ברייטע נאַרעס און נאָר אַן איינציקע אויפ־געשטעלטע דינע ברעט האָט אָפּגעטיילט איין מענטשן פון אַנדערן, אַזוי, אַז יעדער שלאָפנדיקער מענטש איז געלעגן צווישן צוויי ברעטער, ווי אין אַ קעסטל.

אויף יעדן בעטל איז געלעגן אַ האַרטער מאַטראַץ מיט אַ קישעלע פון רויער זאַק־סחורה, אָנגעשטאָפּט מיט היי און אַ דינע קאָלדרע. די בעטלעך זיינען געווען שמאָלע, פאַר איין מענטשן. אויף דער ברייט פון די ברעטלעך זיינען געשלאָפן אַמאָל אַ געזינד זאַלבעפערט, אַמאָל פיר פרעמדע מענטשן און אַמאָל מאַן־און־ווייב און צוויי פרעמדע.

אויפן צווייטן טאָג, ווען מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין אַטלאַנטישן אָקעאַן,

האָט דער עולם אָנגעהויבן ברעכן. אויך די, וואָס האָבן זיך אַרומגעשפּילט און אַרומגעטאַנצט אויף דער ערשטער שיף, זיינען דאָ געלעגן ווי געקוילעטע קעלבער. אָבער אַפילו דאָ זיינען ניט אַלע געווען גלייך קראַנק. אַנדערע שווע־רער, און אַנדערע גרינגער. די וויניקער קראַנקע האָבן געהאָלפן די מער קראַנקע און אַרויסגעוויזן אַ סך מיטגעפיל, ניט נאָר צו זייערע אייגענע און פריינט נאָר אויך צו פרעמדע.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן צו זיך אַ פּאָר־פאָלק וואָס איז געשלאָפן אין אונדזער ריי. דער מאַן איז געווען אויסערגעוויינלעך גוט צו דער ווייב, איר קלענסטער פאַרלאַנג איז באַלד דערפילט געוואָרן. ער האָט זי געניאַנטשעט ווי מען ניאַנטשעט אַ קינד. ניט אָפּגעטראָטן פון איר אויף אַ מינוט. די גאַנצע שיף האָט גערעדט וועגן זיין איבערגעבנקייט צו איר. אָבער אויפן עלפטן טאָג פון דער רייזע האָט די גאַנצע שיף ווידער גערעדט וועגן זיי, אָבער שוין גאָר אַנדערש. — עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי, די ווייב, איז ניט זיין ווייב, נאָר זיין ווייבס אַ יינגערע שוועסטער.

די יינגערע עמיגראַנטן האָבן געגעסן, אין די טעג ווען זיי האָבן געקענט עסן, ביי דעם אַלגעמיינעם טיש. די עלטערע — טאַטעס און מאַמעס — האָבן ניט געוואָלט עסן די שיף־עסנס. האָט מען זיי געגעבן יעדן איינעם אַ הערינג מיט ברויט און קאַווע. אָבער אַזוי ווי אַ גאַנצער הערינג איז צופיל פאַר אַ מענטשן אויפצועסן פאַר איינמאָל, האָבן אַנדערע אויפגעגעסן נאָר אַ האַלבן הערינג און דעם צווייטן האַלבן אַריינגעלייגט אין קעשענע און מיטגענומען אונטן און באַהאַלטן אונטערן קישן. אויף מאָרגן האָט מען זיי ווידער געגעבן צו הערינג יעדן און זיי האָבן ווידער באַהאַלטן אַ האַלבן, אַזוי ווי נעכטן.

אַז דער באַדינער פון שיף איז געקומען אויפראַמען די געלעגערס, האָט ער געפונען די האַלבע הערינגס אונטער די קישנס. ווען ער האָט קיינעם ביים בעט ניט געפונען האָט ער נאָר אַרויסגעוואָרפן די ניט־געווינטשטע, אָבער אַז דער אייגנטימער פון געלעגער איז געווען דערביי, האָט ער אים אָדער זי גע־פּאַטשט מיטן הערינג איבערן פּנים.

די עלטערע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אַלעמאָל געקלאָגט אויפן מאָנאָטאָנעם הונגערנדיקן עסן.

ביים אַלגעמיינעם טיש האָט מען געגעבן טרוקענע, מאָגערע ביסקוויטן. די וואָס האָבן ביים אַלגעמיינעם טיש ניט געגעסן, האָבן מקנא געווען יענע, ווען אַ באַדינער פון קיך אָדער פון עס־צימער האָט זיך באַוויזן אונטן צווישן די עלטערע פּאַסאַזשירן, האָבן זיי אַלעמאָל געבעטן מען זאָל זיי ברענגען די קיכלעך, אָבער די מענטשן פון קיך האָבן זיך צו זיי ניט צוגעהערט. ערשט אויפן צענטן טאָג, אַ טאָג איידער מ׳האָט געדאַרפט אַרונטער פון שיף, האָט אַ מאַטראָס געבראַכט אַ גרויסן זאַק קיכלעך און האָט עס אויסגעשאָטן אויפן דיל פון שיף.

מיר האָבן זיך אַלע דערפילט זייער באַליידיקט און ניט געוואָלט צורירן זיך צו די קיכלעך. און כדי איינעם זאָל ניט איינפאַלן אויסצושטרעקן אַ האַנט

צו זיי, האָבן מיר, די ייִנגערע, געמאַכט אַ קייט פון הענט און קיינעם ניט צוגעלאָזן נאָענט. אַזוי זיינען מיר געשטאַנען אַ היפּשע ווײַלע. די עלטערע ייִדן און די ווייבער זיינען געשטאַנען מיט הונגעריקע אויגן און האָבן געקוקט מיט גלוסטונגען, אָבער ניט געוואָגט צוצוגיין נאָענט.

איינער האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קייט און צוגעכאַפּט זיך צום מן; דעמאָלט האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל פון אַלע פיר זייטן אַרויפגעוואָרפן אויף די היטער פון ייִדישן כבוד, דורכגעריסן די קייט און אויסגעכאַפּט אַלץ וואָס איז געלעגן אויפן דיל. די ייִנגערע האָבן רע־זיגנירטע און פאַרשעמטע זיך צוריקגעצויגן.

* * *

אויף מאָרגן איז די שיף אָנגעקומען אין קוויבעק, קאַנאַדע.

איך האָב דאָרטן ווידער דערזען אויף דער וואָר זאַכן וועגן וועלכע איך האָב פריער נאָר געלייענט אין ביכער. הויכע פעלדזיקע בערג און פון צווישן די פעלדזן קרישטאָל־ריינע וואַסערפאַלן.

ניט ווייט פון ברעג איז געשטאַנען אַ ביידל, וואו צוויי פראַנצויזישע מיידלעך האָבן פאַרקויפט סאָדע־וואַסער, קיכלעך און פאַרשיידענע פרוכטן.

מיר האָבן זיך אויסגעשטרעקט אויפן גראָז, צופוסנס פון באַרג און זיך צוגעהערט צום רויש פון די לויפנדיקע און פאַלנדיקע וואַסערן צווישן די פעלדזן. דער הימל איז געווען בלוי, די לופט שטיל און די געגנט ווילד.

אַרום האַלבן טאָג האָט מען אונדז אַלעמען געבראַכט צו דער באַן־סטאַנציע. דאָס איז געווען אַ גרויסער, פוסטער שאַלאַש, אינעווייניק לעבן טויער זיינען געשטאַנען עטלעכע אַמעריקאַנער באַאַמטע און מיר האָבן פאַר זיי דורכגעמאַרשירט מיט בלויזע קעפּ און אַרונטערגעלאָזטע הענט.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנעס צו פאָרן קיין ניו־יאָרק. געוויינלעך געדויערט אַזאַ פאָרן פערצן שעה, אָבער מיר זיינען גע־פאָרן דריי טעג און צוויי נעכט, ווייל די באַן איז געווען אַן עמיגראַנטן־באַן און זי האָט זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט דורכצולאָזן אַנדערע באַנען, וואָס האָבן געאײַלט פאַרביי. עס איז געווען אַן איין־פּאַר רעלסנדיקער וועג. מיט אונדז האָט מען זיך ניט געאײַלט. מיר האָבן געמעגט קומען שפּעטער אַ ביסל.

אויף דער דריטער נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין ניו־לאָנדאָן, קאָ־נעקטיקוט, וואו מיר האָבן זיך געדאַרפט ווידער אַרויפזעצן אויף אַ שיף. מיר זיינען אָנגעקומען אָנהויב אָוונט. דאָ האָבן מיר זיך שוין געפילט ווי דערפאַ־רענע טוריסטן. מיר זיינען געגאַנגען איבער דער הויפּט־גאַס, אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון די קראָמען און זיך געמישט מיט דעם דורכגייענדיקן עולם. מיר האָבן זיך געפילט ווי אַ יונג ווייבל וואָס קומט אַן אין איר מאַנס הויז. כאָטש פרעמד און ניי, אָבער זי ווייס, אַז זי איז געקומען צו זיך אַהיים.

אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט האָט מען אונדז געבראַכט צו דער שיף. דאָס איז געווען אייגנטלעך ניט קיין שיף נאָר אַ מין „פּערי". קיין קאַיוטעס זיינען דאָרטן ניט געווען, בלויז בענק ביי די ווענט פון שיף, אָבער ניט גענוג פאַר אונדז אַלעמען זיך אויסצוזעצן אויף זיי. זיינען מיר געזעסן אויף אונ־דזערע פּעקלעך, וואָס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן דיל פון שיף.

אַרום אַכט אַזייגער אינדערפרי זיינען מיר אָנגעקומען אין ניו־יאָרק.

* * *

# מיין אַמעריקע

## II

מיר זיינען אָנגעקומען ניט מיטן ים, נאָר מיטן ים־אויסגוס אין מזרח זייט פון שטאָט. עס איז געווען אַ רעגנדיקער פרימאָרגן. מיר זיינען פאַרביי־געפאָרן די הויכע געביידעס, אָבער מיר זיינען געפאָרן הינטער זייערע פּלייצעס, ווי מיר וואָלטן זיך אַריינגעגנבעט, זיי זאָלן אונדז ניט באַמערקן.

אונדזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם פּיער 38 אַנטקעגן קאַנאַל סטריט. עס איז צוגעקומען אַ מאַן מיט אַ נומער אויפן היטל און האָט אָן אַ וואָרט צוגענומען מיין קערבל. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין גנב און ניט קיין רויבער, ווי באַלד ער נעמט צו מיין פאַרמעגן אין מיטן טאָג און פאַר אַלעמען אין די אויגן און קיינער זאָגט אים ניט קיין וואָרט.

עמיצער האָט מיר אָנגעוויזן מיטן האַנט איך זאָל גיין מיט דער ברייטער גאַס, וואָס האָט זיך געעפנט פאַר מיר. נאָך אַ 15 מינוט גאַנג האָב איך אָנ־געטראָפן קראָמען מיט יידישע אויפשריפטן אויף די פענצטער. איך בין אַריין אין אַ קאַנטאָר און אויסגעביטן מיינע רוסישע רובלס אויף אַמעריקאַנער דאָלאַרן און אַז איך האָב געוויזן דעם אַדרעס וואוהין איך דאַרף גיין, האָט מען מיר אָנגעוויזן, אַז איך זאָל זיך אומקערן צוריק און גיין מיט דער גאַס וואו אין דער הויך לויפט אַ באַן, ביז איך וועל קומען צו אַ ראָג, וואו עס שטייט אָנגעשריבן אויף אַ סלופּ דאָס וואָרט „פּרינצע (ענגליש: פּרינס), מיט יענער גאַס זאָל איך זיך פאַרנעמען אויף לינקס ביז איך וועל קומען צו דעם נומער 100.

דאָרט האָט מיין שוואָגער געהאַט אַ קליין פּוטער־פאַבריקל, וואו עס זיינען געווען צוויי שותפים און איין אַרבעטער, אַלע פון אונדזער שטאָט.

ווען איך בין אַריינגעקומען צום שוואָגער אין פאַבריקל, איז געווען אַרום האַלבן טאָג. דערווייל איז געוואָרן שיין אין דרויסן. אינעווייניק איז געווען זייער הייס און עס האָט געשמעקט מיט קעראָסין און צוגעברענטע האָר. מיין שוואָגער האָט ערשט געדאַרפט גיין אַהיים אַרום זעקס אַ זייגער

פּאַרנאַכט. דערווייל איז מיין שוואָגערס שותף געגאַנגען אין גאַס צוליב „ביז־נעס״; האָט ער מיך מיטגענומען. מיר זיינען געגאַנגען אַרויף שטאָט־צו.

אויפן וועג האָב איך געזען הויכע מויערן און אויף די ווינקלען אין דער הויך, הענגענדיקע שילדן, שיטער געפלאָכטן פון דראָט, מיט גרויסע גאָלדענע ווערטער. די ווערטער האָבן אויסגעזען ווי זיי הענגען אין דער לופטן.

ער האָט מיך אַזוי דערפירט ביז אַ קליינעם בולוואַר מיט שיטער־צעשטעלטע בענק. דאָרטן האָט ער מיך איבערגעלאָזט און אָנגעוויזן ווי איך וועל טרעפן דעם וועג צוריק אין פאַבריקל.

אויף די בענק זיינען געזעסן ווייניק מענטשן. וואו־ניט־וואו אַן עלטערע אָדער אַ יונגע פרוי מיט אָנגעפּאַרבטע באַקן. אָבער אַ סך מענטשן זיינען פאַרבייגעגאַנגען. איך האָב באַמערקט, אַז קיינער פון די מענער, וואָס גייען פאַרביי טראָגט ניט קיין שטעקן ווי אין אייראָפּע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עס ניט קיין מאָדע, האָב איך גענומען מיין שטעקן, וואָס איך האָב זיך ביז אַהער מיט אים קיינמאָל ניט געשיידט און מיט אַ ווייטיק אין האַרצן אים אַ וואָרף געטאָן ווייט פון זיך, ווי מען וואַרפט אַ שטיין אין דער ווייטנס.

פאַרנאַכט האָט מיך מיין שוואָגער גענומען צו זיך אויף זיין קוואַרטיר. אויפן וועג האָט ער פאַר מיר איינגעקויפט אונטערוועש און אויבערהעמדער, וואָס מ׳האָט דעמאָלט גערופן „דזשאָמפּערס״.

מיין שוואָגער איז דאָ געוועזן אַליין אָן זיין ווייב און קינדער און האָט געוואוינט אין אַ צימער אויף „אַטוירני סטריט״ ביי אַ לאַנדספרוי, אַן אַלמנה מיט דריי דערוואַקסענע טעכטער.

* * *

ווען איך מיט מיין שוואָגער זיינען אַרום זיבן אַזייגער פאַרנאַכט געזעסן ביים טיש און געגעסן אונדזער מאָלצייט, האָט זיך געעפנט די טיר און איינע פון די מיידלעך איז אַריינגעקומען. זי האָט זיך באַגריסט מיט אונדז און באַלד אַריינגעגאַנגען אין אַ צווייטן צימער. איך האָב געהערט, ווי זי האָט זיך דאָרטן אַרומגעוואַשן אין אַ שיסל וואַסער. זי איז צוריק אַריין אָן אַ בליוזקע נאָר אין אַן אויסגעקאָרסירטן „לופטשיק״ און זיך געזעצט ביים טיש מיט אונדז עסן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך ווידער געעפנט די טיר און עס זיינען אַריינגעקומען די אַנדערע צוויי מיידלעך. זיי האָבן זיך אויך פריער אַרומגע־וואַשן און דערנאָך געזעצט זיך צום טיש האַלב־נאַקעטע. זיי האָבן זיך גאָרניט געשטערט, וואָס זיי זיצן מיט מאַנסבילן אין אַזאַ הילוך. עס איז מיר אויסגע־קומען טשיקאַווע, ביי אונדז אין דער היים, און ניט נאָר ביי אונדז אין שטוב, זיינען מיידלעך געגאַנגען אין „קאָשיולקעס״ מיט לאַנגע אַרבל און פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך. איך האָב געטראַכט אַז דאָ איז אַ הפקר־וועלט.

דעם זעלבן אָוונט האָט מיין שוואָגער באַשטעלט פאַר מיר אַ צימער ביי אַ יונג פּאָר־פאָלק, אויך אונדזערע לאַנדסלייט. איך האָב דאָרטן דערזען אַ ברייטע בעט, פאַר מאַן און ווייב און עס איז מיר ווידער אויסגעקומען פּריקרע די

אָפּנקייט פון אַ פּאָר־פּאָלקס לעבן. אין אונדזערע שטעטלעך און דערפער, שטייען צוויי באַזונדערע בעטן פאַר מאַן און ווייב, אַפילו אין די אָרימסטע הייזער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיין שוואָגער געפונען פאַר מיר אַ פּלאַץ צו אַרבעטן. דאָס איז געווען אין 100 גרין סטריט. מען האָט דאָרטן געמאַכט וויבערשע אונטערקליידלעך, „פּעטיקאָוטס". די פאַבריק אָדער דער „שאַפּ" האָט זיך געפונען אויפן פערטן שטאָק, קיין הויב־מאַשין, „עלעווייטאָר", איז ניט געווען. די טרעפּ זיינען ניט געגאַנגען אין זיג־זאַגן, הין און צוריק, וואָס גיט אַ געלעגנהייט די פיס אָפּצורוען, נאָר זיי האָבן זיך געהויבן פון אונטן אַרויף ווי אַ לייטער.

איך בין אַריינגעקומען אין שאַפּ נאָך פאַר אַכט דעם זייגער אין דער פרי. אַמאָל האָב איך געפונען די טיר פון שאַפּ אָפן און אַן אַנדערש מאָל האָב איך געדאַרפט שטיין אין דרויסן און וואַרטן ביז דער באַלעבאָס וועט קומען און עפענען די טיר.

* * *

מיין באַלעבאָס איז געווען אַ האַלב־אָרטאָדאָקסישער יונגערמאַן. זיין שווער איז דאָ אין ניו יאָרק געווען אַ רב. מען האָט ביי אים ניט געאַרבעט שבת, דאָס הייסט, די אַרבעטער זיינען ניט אַריינגעקומען, אָבער ער אַליין איז יאָ אַריינגעקומען טאָן די אַרבעטן וואָס דורך דער וואָך האָט ער ניט געהאַט קיין צייט צו פאַרענדיקן.

יעדן פרימאָרגן, ווען איך בין אַריינגעקומען האָב איך די ערשטע זאַך געדאַרפט אויסקערן דעם שאַפּ. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַלטע טעג, האָב איך געדאַרפט אַריינקריכן אין אַזאַ עלמערל, צונויפגעשלאָגן פון ברעטער אין אַ שמאָלן ווינקל, און פון דאָרטן אַרויסנעמען קוילן צו באַהייצן דעם שאַפּ. דאָס קעמערל האָט געהאַט אַ טירל אין מיטן וואַנט, אַ ביסל גרעסער ווי אַ פאָרטקע פון אַ פענצטער. ווען די קוילן אין קעמערל זיינען געוואָרן ווייניק, האָב איך געמוזט אַריינקריכן אינעווייניק מיטן קאָפּ און אָנשאַרן זיי אין אַן עמער. עס האָט מיר דערמאָנט אונדזער קאָטוך. אָבער דאָ האָב איך ניט געקראָגן קיין פרישע איי דערפאַר. איך פלעג אַרויסקריכן אַ פאַרשמירטער אין סאַזשע און אַ הוסטנדיקער.

דערווייל איז דער שאַפּ פול געוואָרן מיט די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געזעצט ביי אַ לאַנגער ריי מאַשינען שטעפּן די אונטערקליידלעך. עס האָבן געאַרבעט אַ 12־14 מיידלעך אָפּערייטאָרינס און איין מאַן, אַ יונגער בחור, דעם באַלעבאָס' אַ שוועסטערקינד, וואָס האָט געמאַכט די „קאָרדינג" אויף די קליידלעך.

אַז איך האָב זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער „שטוב־אַרבעט" און דער באַלעבאָס מיט זיין אָפיס־אַרבעט, האָבן מיר זיך גענומען צום שניידן. דער טיש איז געשטאַנען פּאַראַלעל מיט די ניי־מאַשינעס. מיר האָבן אָפּגעוויקלט אַ שטיק סחורה, סאַטין אָדער לאָן, איבער דער לענג פון טיש. אָפּגעשניטן מיט

אַ שער איין „לענג" און אויף דעם אָנגעלייגט אַ צווייטע און ווידער אָפּגע־שניטן. אַזוי נאָכאַנאַנד ביז עס האָט זיך אָנגעלייגט אַ 30־40 די דיק. (מען האָט עס גערופן „שפּרייטן"). דעמאָלט האָט מיין באַלעבאָס אויסגעלייגט דעם „פּעטערן" (דעם מוסטער) און לויט אים אָנגעצייכנט דעם אוזאָר אויף דער סחורה, און מיט אַ קורצן האַנט־מעסער, וואָס האָט געהייסן „שאַרט־נייף" (צום אונטערשייד פון דעם לאַנגן מעסער, וואָס מ'האָט גענוצט אין אַנדערע פאַבריקן) האָט מען געשניטן. דער באַלעבאָס האָט מיר געוויזן ווי אַריינצו־שטעכן דעם מעסער אין דער סחורה. די ערשטע צייט האָב איך אים ניט געקענט נאָכטאָן. דער מעסער האָט זיך ביי מיר געגליטשט פון אויבן־אויף, ווי ער וואָלט געגאַנגען איבער בלעך, אָבער ביסלעכווייז האָב איך זיך צו־געוואוינט און שוין געקענט אַריינשטעכן דעם מעסער גאַנץ טיף — ביזן סאַמע האָלץ פון טיש — אָן איבעריקער אָנשטרענגונג. צוליב דעם וואָס דער באַלעבאָס איז מערסטנס געווען פאַרנומען אין צווייטן עקן פון שאַפּ, אין זיין אָפיס, און האָט זיך ניט געקענט צופיל אָפּגעבן מיט „מאַרקן", אָנצייכענען די סחורה, האָב איך אַליין געטאָן די צוגרייטונג־אַרבעט; אויסשפּרייטן און פאַר־קלעמען די וואַרע עס זאָל זיך ניט צערוקן, אָדער איך האָב געשניטן שליאַרעס (פלאָונסעס). איך האָב גענומען אַ גאַנצן שטיק צונויפגעלייגטע סחורה און צעשניטן עס זייער פּאַרזיכטיק אויף שמאָלע פּאַסן, צו צוויי און אַ האַלב אינטשעס ברייט און אַמאָל שמעלערע. עס האָט ניט געטאָרט זיין דער קלענ־סטער אָפּנייג פון דער אָנגעצייכנטער ליניע, וואָרים שפּעטער, אַז מ'האָט די פלאָונסעס פאַנאַנדערגענומען, האָט זיך דער קרומער בייג געוויזן אויף דער גאַנצער לענג פון דער פלאָונס. איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז דער מעסער איז טאַקע אָפּגעשפּרונגען אַ ביסל אָן אַ זייט. איך האָב מורא געהאַט אַז מיין באַלעבאָס וועט דאָס דערזען, וועט ער שרייען אויף מיר, האָב איך יענעם שטיק סחורה אַריינגעלייגט אין דער ברייטער קעשענע פון פאַרטוך און גע־האַלטן ביזן אָוונט. און אַז איך בין געגאַנגען אַהיים בין איך שוין ניט געגאַנגען מיט דער גאַס וואָס איך גיי אַלעמאָל, נאָר בין אַוועקגעגאַנגען מיט אַ בלאָק ווייטער און דאָרטן אַרויסגעוואָרפן דעם פלאָונס אין גאַס. אָבער שוין קומענדיק יענעם אָוונט אַהיים און אַפילו עטלעכע טעג נאָכדעם, האָב איך אַלץ מורא געהאַט אפשר איז דער באַלעבאָס דאָס מאָל אויך געגאַנגען מיט דער זעלביקער גאַס וואָס איך, דערזען די שטיק סחורה און עס דערקענט אַז עס איז פון זיין שאַפּ. איך האָב אַ היפּשע צייט געפאַרשט אין זיינע בליקן, צי וויס ער עפּעס וועגן דעם.

מיר, דער באַלעבאָס און איך, האָבן געאַרבעט ביז זיבן אַ זייגער אין אָוונט. נאָכדעם ווי די מיידלעך זיינען שוין אַוועק מיט אַ שעה פריער. געקראָגן האָב איך דריי דאָלער אַ וואָך. שפּעטער, אין ווינטער, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מ'צאָלט פאַר „אָווערטאַים" (איבער־שעהן), דאָס הייסט, פאַר דער צייט פון זעקס און שפּעטער. איך האָב פון אים פאַרלאַנגט עקסטראַ געצאָלט, האָט ער מיט מיר אָפּגעמאַכט, אַז ביז זיבן דאַרף איך טאַקע אַרבעטן פאַר די געוויינט־

לעכע שכירות, אָבער נאָך זיבן דעם זייגער דאַרף ער מיר צאָלן 30 סענט אַן אָוונט פאַר „אָווערטאַים". איז אין די אָוונטן וואָס איך האָב געאַרבעט „אָווערטאַים" און געקראָגן די עקסטראַ 30 סענט, זיינען מיר געבליבן אין שאַפּ ביז עלף דעם זייגער ביינאַכט. אַזוי, אַז פאַר די 30 סענט האָב איך געאַרבעט איבעריקע פיר שעה, דאָס האָט אויסגעטראָגן ווייניקער ווי אַכט סענט אַ שעה. יע, אַרום ניין דעם זייגער פלעגט ער מיך אַרונטערשיקן נאָך אַ קענדל ביר און אַ „קרים־טשיז" און דאָס פלעגן מיר עסן צוזאַמען. איך האָב זיך פונדעסטוועגן אַרויפגעאַרבעט ביי אים אויף זעקס דאָלער אַ וואָך.

אין די אָוונטן ווען איך בין אַוועק אַהיים פריער פון מיין באַלעבאָס האָב איך אים ניט געזאָגט קיין „גוטע נאַכט", ווייל איך האָב געהערט עטלעכע מאָל וואָס ער האָט געענטפערט אויף זיין שוועסטערקינדס „גוטע נאַכט".

ווען דער באַלעבאָס, מר. קאָהען איז געווען ביי זיך אין אָפיס, פלעגט ער הערן ווי די מיידלעך ביי די ניי־מאַשינען זינגען, אַז ער פלעגט אַריינלויפן, פלעגן זיי שטיל ווערן. האָט ער מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים זאָגן וועלכע מיידלעך עס הייבן אָן דאָס געזאַנג, ווייל איך אַרבעט דאָך מיט זיי אין איין צימער.

איך האָב זיך אָבער אַנטזאַגט דאָס צו טאָן.

* * *

די אַרבעט, די לאַנגע שעהן און דאָס גיין פון מאָנראָו סטריט ביז גרין סטריט, זיינען פאַר מיר געווען זייער שווער. האָט מיר אַ מענטש, אַ קאָסטאָמער־פּעדלער וואָס פלעגט אַרויפקומען אין הויז וואו איך האָב געוואוינט, רעקאָמענדירט אַ „פּלאַץ" אויף העגרי סטריט, וואָס איז געווען נאָענט צו מיין וואוינונג. בין איך אָבער אַריינגעפאַלן אין אַ קליינער סטאָרקע (קרעמל) וואו מען האָט גענייט איינצלנע קליידער אויף באַשטעלונגען און מיין דעזיי־נערין, די באַלעבאָסטע איז געווען אַ מעוברתע יידענע און ביי איר האָב איך עס געדאַרפט אַרבעטן. די שערל איז קיינמאָל ניט געווען ביי דער האַנט און די קרייד איז שטענדיק פאַרלאָרן געגאַנגען. איז עס מיר ניט אָנגעשטאַנען, און איינמאָל, ווען איך בין אַרויס עסן מיטאָג, האָב איך דערזען אין אַ יידישער צייטונג אַן אַנאָנס, אַז מען דאַרף האָבן אַ געהילף־קאַטער (צושניידער) אין אַ גרויסן שאַפּ, וואָס האָט זיך געפונען אויף עספּינאַרד סטריט, אַ קליין געסל וואָס פאַלט אַריין אין בראָדוויי. איך בין אַוועק אַהין און מען האָט מיך אָנ־גענומען.

מען האָט אין יענעם שאַפּ געמאַכט זיידענע בליוזקעס מיט הויכע קעל־נערלעך, אויסגעפילט מיט שטייפן באָקראָם, אַ גלאַנציקער שטאָף וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק און האַרט ווי שטאָל. דער פאָרמאַן האָט פאַר מיר אויס־געלייגט אַ לענג באָקראָם צוועלף פאַכן דיק, וואָס אויפן אויסזען איז עס געווען ניט הויך; עס האָט פאַרנומען אפשר אַ דריטל פון אַ צאָל. ער האָט אָנגעצייכנט אויף דעם 48 קעלנערלעך, האַרט איינער לעבן אַנדערן, און אַוועק־

געשטעלט זיך ביי מיין זייט, זען ווי שנעל און גוט איך וועל עס שניידן. איך האָב אַ פיר־געטאָן מיטן מעסער, אָבער דער מעסער האָט זיך געגליטשט פון אויבן־אויף און ניט געוואָלט אַריין אין דער סחורה. אַזוי עטלעכע מאָל. האָט דער פאָרמאַן אַרויסגענומען דעם מעסער פון מיין האַנט און האָט מיר געוויזן, אַז ביי אים גייט עס גאָר גרינג. און ער האָט מיר ווידער געגעבן דעם מעסער. איך האָב זיך אָנגעלייגט מיט מיין אַקסל און מיט דער מאָרדע אויפן מעסער און מיט גרויס מאַטערניש דורכגעשטאָכן דעם גליטשיקן, גלאַנציקן באַקראַם. עס האָט מיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס און עס האָט מיר גענומען אַ היפּשע צייט ביז וואַנען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיין אַרבעט. מען האָט דאָרטן געאַרבעט מיט צווייערליי מעסערס, מיטן קורצן און מיטן לאַנגן. דער לאַנגער מעסער איז געהאָנגען אין אַ שפּאַלט אין מיטן טיש, ווי אַ זעג אין אַ קלאָץ, וואָס מען צעזעגט אויף ברעטער. דער מעסער איז ניט געגאַנגען איבער דער סחורה, נאָר די שטיק סחורה איז געגאַנגען צום בלישטשענדיקן מעסער, ווי דער ברדלס, אַ פאַרכישופטער פון דעם שלאַנגס קוק לויפט אַליין צו אים אין מויל אַריין.

דער שאַפּ איז מיר געפעלן געוואָרן. איך האָב זיך געפילט אַז איצט בין איך אַן אמתער אַרבעטער, ניט ווי פריער ביי די אונטערקליידלעך, וואו איך בין געווען דער איינציקער באַלמעלאָכע און געוויס ניט ווי ביי דער מעוברת־דיקער יידענע, אין דעם קליינעם קרעמל אויף הענרי סטריט. ווען נאָר איך האָב זיך דערמאָנט אָן יענער באַלעבאָסטע מיינער, בין איך רויט געוואָרן, עס איז מיר ניט אָנגעשטאַנען וואָס מען שניידט דאָרטן איינצלנע קליידער און איך דאַרף פאָלגן אַ יידענע.

דער הויפּט־קאַטער אין דעם נייעם שאַפּ איז געווען זייער פריינטלעך צו מיר. ער האָט מיך געלערנט ווי צו אַרבעטן. איך בין געווען שטאָלץ, וואָס איך אַרבעט אין אַ גרויסן שאַפּ מיט אַ סך אַרבעטער, גיי עסן צוזאַמען מיט זיי און שטיי דעם גאַנצן טאָג מיטן מעסער אין האַנט, כאָטש מיינע פאַרדינסטן זיינען געווען ניט מער ווי זעקס דאָלער אַ וואָך.

אָבער די אַרבעט אַליין איז מיר געווען ניט אויסצוהאַלטן. אַז איך בין געקומען ביינאַכט אויף מיין קוואַרטיר האָבן מיר וויי געטאָן די הענט און איך האָב ניט געקענט איינשלאָפן.

מיין וועטשערע, וואָס מיין באַלעבאָסטע אגב, אונדזערע אַ קרובה, האָט מיר געגעבן, איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל הערינג און אַ טעלער פאַרווייסטע זופּ. אַזאַ עסן האָט מיר ניט געקענט פאַרגיטיקן פאַר דער שווערער אַרבעט. (אַז איך האָב זיך פון איר אַרויסגעצויגן, נאָכדעם ווי איך האָב דאָרטן אָפּ־געוואוינט אַרום אַ האַלב יאָר, בין איך איר שולדיק געבליבן 14 דאָלער).

איינמאָל, נאָך אַ פּאָר חדשים שווערער אַרבעט, האָב איך געטראַכט ביי זיך, אַז איך וועל בלייבן אין דער היים אויף אַ טאָג אָפּצורוען די הענט. אָבער אַז איך בין געקומען אויפן דריטן טאָג אין שאַפּ, האָב איך געפונען אַן אַנדער מענטש שטיין ביים טיש אויף מיין אָרט. איך האָב געזען, אַז דער

נייער מענטש איז שטאַרקער אויפן קוק פון מיר און טוט די מלאָכה בעסער פון מיר. בין איך ניט געגאַנגען אין אַפּיס מאָנען מיין דזשאָב, נאָר איך האָב גענומען מיין געצייג — דעם מעסער און די שער — און בין אַוועק אַהיים.

איך בין נאָכדעם אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען ליידיק און צוגעהונגערט אויך; אָבער עס האָט מיך ניט אַזוי געאַרט דאָס הונגערן, ווי איך האָב גע־בענקט נאָך דער אַרבעט. ניט איינמאָל ביינאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אין מיטן שלאָף, און מיינע פינגער האָבן געזוכט דעם קורצן מעסער אַרום זיך. די פינגער האָבן געדאַרשט נאָך אים.

*　　　*　　　*

אַרום דער צייט האָב איך זיך געטראָפן מיט מיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַן אַגענט פון ניי־מאַשינען. ער האָט מיך צוגערעדט צו ווערן אַ העמדל־נייער; „ניט אַלע דאַרפן זיין אָפּיצערן, עס מוזן זיין סאָלדאַטן אויך“.

איך האָב דערפילט אַ ירידה — פון אַ קאַטער צו ווערן אַן אָפּערייטאָר — אָבער איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. האָב איך ביי אים גענומען אַ מאַשין אויף אויסצאָלן און בין אַוועק אַרבעטן אין אַ שאַפּ וואו ער האָט געהאַט אַ באַקאַנטן „באָס“.

אין יענער צייט האָט אַן אַרבעטער געמוזט האָבן אַן אייגענע מאַשין, קיין עלעקטרישע טראַנסמיטערס זיינען אין די אָרעמע שעפּער דאַן טאָן ניט געווען איינגעפירט. און אַז אַן אַרבעטער האָט געדאַרפט גיין אין אַ נייעם שאַפּ אַרבעטן, האָט ער געטראָגן זיין מאַשין אויפן קאַרק.

דער שאַפּ וואוהין איך בין אָנגעקומען האָט זיך געפונען אויף דער איסט סאַיד אין אַ שמאָל געסעלע, קוים גענוג פאַר אַ טראָק דורכצופאָרן. דאָס געסעלע איז געווען איין בלאָק לאַנג און איז געלאָפן פון מאַנראָו ביז טשערי סטריט. דאָרטן זיינען געשטאַנען זייער הויכע, אָבער אַלטע, אָפּגעלאָזענע געביידעס. אין איינעם פון די שעפּער אויפן צווייטן שטאָק, אַ שאַפּ וואו מען האָט גענייט העמדער, בין איך אָנגעקומען אַרבעטן: דער אָפּמאַך מיטן באַלעבאָס איז געווען ,אַז איך דאַרף אַרבעטן אומזיסט ביז וואַנען איך וועל מאַכן אַליין אַ גאַנצן „באַנדל“ (פּעקל) אַרבעט. פאַר דעם ערשטן באַנדל דאַרף איך קריגן באַצאָלט. מען האָט דאָרטן געאַרבעט „סעקשאָן“ (טיילן) אַרבעט. מיין פאַך איז געווען קאָלנערס. מיין באַלעבאָס איז ניט געווען אַליין קיין פאַבריקאַנט, נאָר אַ קאָנטראַקטאָר, דאָס הייסט, ער האָט געקראָגן צוגעשניטענע העמדער און ווען ער האָט זיי אויפגענייט, האָט ער געקראָגן באַצאָלט פון דעם פאַברי־קאַנט און דעמאָלט האָבן מיר פון אים באַקומען אונדזערע שכירות. געלט האָט ער געדאַרפט קריגן אַלע צוויי וואָכן און אַז דער פאַבריקאַנט האָט זיך אַמאָל פאַרשפּעטיקט, איז ביי אונדז אין שאַפּ געוואָרן אַ „סטאָפּעידזש“ (אַן אָפּשטעל אין דער אַרבעט).

עס האָבן געאַרבעט אַן ערך פון אַ פופצן מענטשן, כמעט אַלע פון זיי אונדזערע ליטווישע לאַנדסלייט; טייל פון זיי פון אונדזערן אַ נאָענטן דאָרף.

די מערסטע אַרבעטער זיינען געווען ישיבה־בחורים פון דער היים. צווישן די איבעריקע זיינען געווען עטלעכע אַלטע איינגעזעסענע אַרבעטער, איבערהויפּט איינער, אַ „באַטאַנהאַל־מעיקער" (אַ לעבל־אויסנייער), וואָס האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַ זעץ געטאָן מיטן קולאַק אויף דער מאַשין און אַ געשריי געטאָן: „סטאָפּ"! אַלע מאַשינעס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשטעלט מיט איין מאָל. אָבער דאָס האָט זיך איבערגעחזרט צו אָפט. פאַרדינט האָט מען דאָרטן צווישן זעקס און צען דאָלער אַ וואָך.

אַריינגעקומען צו דער אַרבעט איז מען אַכט אַזייגער אינדערפרי און גע־אַרבעט ביז זעקס פאַרנאַכט. געוויינטלעך האָט מען אין שאַפּ געהערט געזאַנג פון אַלטע און נייע טעאַטער־לידלעך. איבערהויפּט האָט זיך געלאָזט הערן אַן אָפּערייטאָר מיטן נאָמען וואַסילעווסקי. ער האָט געזונגען דעם גאַנצן טאָג. אָבער זייער אָפט האָבן זיך אויך געהערט די געשרייען ווי די אַרבעטער האָבן זיך געקריגט מיטן באַלעבאָס.

דאָרטן האָט ניט איינמאָל אַן אַרבעטער אויפגעהאָנגען אַ בייגל אויף אַ שטריקל און געביסן פון אים בעת די הענט זיינען געווען פאַרנומען מיט דעם „פראָנט" אָדער „בעק" פון אַ העמד.

מיין ערשטער באַנדל אַרבעט איז פּאַרטיק געוואָרן אין אַ דריי וואָכן אַרום נאָך מיין אָנקומען אין שאַפּ און האָט באַטראָפן עפּעס מער ווי צוויי דאָלער, אָבער דאָס געלט האָט צוגענומען דעם באַלעבאָס אַ שוועסטער, אויך אַן אַרבעטערין אין דעם שאַפּ, דערפאַר וואָס זי האָט מיר עטלעכע מאָל געוויזן ווי צו אַרבעטן.

איך האָב דאָרטן אָפּגעאַרבעט ביז די מיטן זומערדיקע „סלעק".

שפּעטער האָב איך אויך געאַרבעט נאָך אין עטלעכע שעפּער, סיי ווי אַ קאַטער און סיי ווי געלערנט זיך פאַר אַן אָפּערייטאָר. קיין פולער קאַטער בין איך ניט געווען נאָר אַן אַרויסהעלפער אין סעזאָן. אַז עס איז געוואָרן „סלאָו", (ניט געווען קיין צופיל אַרבעט), האָט מען מיך אַוועקגעשיקט און פאַר אַן אָפּערייטאָר האָב איך זיך פאַר קיין פאַל ניט געקענט אויסלערנען. מען האָט ביי מיר צוגענומען דאָס לערנגעלט וואָס איך האָב באַצאָלט און נאָך די צוויי וואָכן פון לערנען האָט מען מיך אַוועקגעשיקט איך זאָל זוכן אַרבעט אין אַן אַנדער שאַפּ, ניט דאָרטן וואו איך האָב זיך געלערנט.

## דער נסיון פון שטיקל ברויט

מיר זיינען געווען אין דריטן חודש „סלעק".
די האַנט האָט אָנגעטאַפּט דער קעשענעס דעק.
מיין חבר איז אויסגעגאַנגען די שטאָט פון עק ביז עק
און אומעטום אויף אַרבעט געפרעגט
און קיינער געזאָגט האָט: „בלייב".
נאָר איך האָב פאַרטריבן די האָפענונג פון מיר

און דעם פּאַרדרוס צוזאַמען מיט איר:
און פֿאַר מיין בחורשן צייט־פּאָרטרייב
בין איך געזעסן אין שיפּס ביבליאָטעק,
געלייענט הערצענער און לידער געשריבן.
און קומען אַהיים אויף אונדזער קוואַרטיר,
אין פייק סטריט — דרייסיק זיבן —
פלעגן מירביידע שפּעט, שפּעט.
און אַז מיר פלעגן ליגן אין האַרטן בעט
האָבן מיינע פינגער געלעכצט — ווי עס לעכצט דער גומען
נאָך וואַסער, — נאָך מעסער און שער.
און אַז דער שטאָלענער טרונק איז ניט געקומען —
האָב איך צוגעהונגערט אַ ביסל מער.

* * *

איינמל ביינאַכט, דער לעצטער זעמל
ליגט אויפן פענצטער אין אַ געלן פּאַפּיר;
אין קעשענע אַפילו ניט די לעצטע פּעני
אַ צווייטן צו קויפן אין נאָענטן קרעמל.
דער שלאָף איז געזעסן אויפן קאַרק
און צום בעט מיך גענידערט;
דער הונגער אָבער טראַציק און שטאַרק
ווי אַ ספּרוזשינע האָט דערווידערט.
איך בין פון בעט אַראָפּ און גענומען גיין
צום פענצטער וואו דאָס ברויט איז געלעגן,
און צום חבר זיך אומגעקוקט, ווי צו פרעגן:
זאָל איך פאַרצערן די מאָרגנדיקע זעט?
און ער האָט מיט זיין שמייכל פון בעט
אָן ווערטער געענטפערט: „ניין"...
אַזוי האָבן מיר זיך דריי מאָל דורכגערעדט.
אויף מאָרגן פרי האָב איך געקוקט אויפן זעמל און זיך געפרייט,
ניט וואָס איך האָב געפונען מיין שפּייז אָנגעגרייט,
נאָר וואָס איך בין ביינעשטאַנען דעם נסיון פון שטיקל ברויט.

* * *

**איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין אַלטן באַלעבאָס, מר. קאָהן פון 100 גרין סטריט און בין אַרויפגעגאַנגען צו אים. איך האָב גראָד אָנגעטראָפן, ווען זיין אַרבעטער איז אַוועק און ער האָט מיך אַריינגענומען. דאָס איז געווען אָנהייב 1901. איך האָב ביי אים קיין סך ניט פאַרדינט, ווייל יענעם סעזאָן האָט**

ער ניט געהאַט גענוג אַרבעט און ער האָט אָפּגעלייגט אויף אַ טאָג אָדער צוויי יעדע וואָך.

ערשט פּונקט ערב פּסח, אַרום פיר אַ זייגער בייטאָג, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין מיין שוועסטערקינד, וואָס האָט געקויפט אַ צייטונג־סטענד (שטעל) אויף דער 19טער גאַס און דריטער עוועניו. ער בעט מיך זייער, איך זאָל קומען גלייך נאָך דער אַרבעט צו אים אין הויז און בלייבן ביי אים אַרבעטן. דאָס קריסטלעכע ייִנגל, וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפן ביים סטענד, איז יענעם טאָג ניט געקומען און מאָרגן פרי דאַרף מען ווידער צעטראָגן די צייטונגען.

מיין באַלעבאָס האָב איך ניט דערציילט, וואָס מיין שוועסטערקינד האָט מיט מיר אָפּגערעדט. עס איז ניט געווען קיין צוגעבונדנקייט פון באַלעבאָס צום אַרבעטער און צוריק פון אַרבעטער צום באַלעבאָס. ווען ער האָט ניט געהאַט קיין אַרבעט פאַר מיר, האָט ער מיך אָפּגעלייגט און אַז איך האָב געפונען עפּעס בעסערס, בין איך אַוועקגעגאַנגען.

מיין שוועסטערקינד האָט זיך ערשט אַריינגעקליבן אין אַן אייגענער דירה, ניט ווייט פון צייטונגס־סטענד און אין הויז זיינען נאָך קיין בעטן, קיין טיש און קיין שטולן ניט געווען. האָבן מיר געגעסן שטייענדיקערהייט די ערשטע סדר־סעודה אויף דער ברעט פון אַ וואַש־טאָפּ. אָבער מיך האָט דאָס ניט געאַרט. איך בין געווען יונג, עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט, און איך האָב זיך געכוואַסטעוועט צו עסן יום־כיפּור, אַרבעטן ראש־השנה און ניט צו זיצן ביי קיין סדר־טיש, ווי עס האָט זיך געפירט ביי אונדז אין דער היים. געשלאָפן זיינען מיר אַלע דריי — זיין ווייב, ער און איך — אויפן ברייטן דיל האַרט ביים פענצטער. די דירה האָט זיך געפונען אויפן זעקסטן שטאָק, איז אַלע עטלעכע מינוט מיט רעש און בריאזג פאַרבייגעלאָפן דער „עלעווייטעד", ער איז דעמאָלט נאָך געגאַנגען מיט אַ לאָקאָמאָטיוו.

יענעם זומער איז מיין טאַטע געשטאָרבן, און מיינע אַן אויסגעגעבענע שוועסטער, וואָס איז געווען מיט מיינע ברידער אין קריג, האָט מיר געשריבן בריוו איך זאָל וואָס גיכער קומען אַהיים. עס וואַרט אויף מיר אַ גרויסע ירושה. איך האָב זיך געקוואַפּעט אויף דער ירושה, ווייל איך האָב געהאָפט, אַז מיט דעם געבראַכטן געלט וועל איך קענען קויפן פאַר זיך אַליין אַ סטענד און ניט דאַרפן אַרבעטן ביי יענעם פאַרן ברויט כמעט.

## ביים צייטונגס סטענד

מיין אַרבעט ביים סטענד איז געווען אַזאַ: מיין באַלעבאָס און איך זיינען אויפגעשטאַנען אַ פערטל צו פינף אינדערפרי, סיי זומער און סיי ווינטער. עס האָט געמעגט שיינען די זון און עס האָט געמעגט רעגענען אָדער שטורמען,

האָט אונדז דער זייגער אויפגעוועקט און מיר האָבן זיך אָנגעטאָן, אויסגע־טרונקען אַ גלאָז טיי און געלאָפן צום סטענד.

דאָרט האָבן מיר שוין געפונען די פּעקלעך צייטונגען ליגנדיק צונויפ־געבונדענע אויפן טראָטואַר. מיין באַלעבאָס האָט געעפנט דעם סטענד, אַריינ־גענומען די פּעקלעך אינעווייניק, אויסגעלייגט די צייטונגען און אָנגעשריבן די נעמען פון די מענטשן צו וועמען די צייטונגען דאַרפן פאַנאַנדערגעטראָגן ווערן. דערנאָך האָט מיין באַלעבאָס גענומען די גרעסערע העלפט פון די צייטונגען און איך די קלענערע — ער איז געווען העכער און שטאַרקער פון מיר — און מיר האָבן זיך געלאָזן איבער די אַרומיקע גאַסן אַריינצושטעקן די צייטונגען אין די בריוו־קעסטלעך אָדער אַרונטערשטופּן זיי אונטער די טירן, אַמאָל אַפילו אויפן דריטן און פערטן שטאָק.

אַרום האַלב נאָך זעקס, אַז איך בין געקומען צוריק פון „ראָוט" האָב איך געפונען מיין באַלעבאָס זיצנדיק אין ביידל פון סטענד, 19טע סטריט און דריטע עוועניו, פאַרקויפנדיק די איבערגעבליבענע צייטונגען צו די דורכגייער וואָס איילן צו דער אַרבעט. אַז די „גאַריאַטשקע" איז אַריבער, איז דער באַ־לעבאָס אַוועק אַהיים עסן אָנבייסן און איך בין געבליבן אַליין ביים סטענד. אין אומגעפער אַ שעה אַרום איז ער מיך געקומען אָפּבייטן און איך בין אַוועק אין שטוב עסן און אַ ביסל זיך דורכשלאָפן.

אַזייגער דריי נאָך האַלבן טאָג בין איך ווידער אַוועק צום סטענד. איך האָב דעמאָלט ווידער גענומען אַ פּאַק אָוונט־צייטונגען און געמאַכט דעם אָוונט־„ראָוט", וואָס האָט געדויערט אַרום אַ שעה צייט. נאָכדעם זיינען מיר ביידע געבליבן ביים סטענד ביז אַ זייגער אַכט אין אָוונט.

אַלע צוויי־דריי טעג פאַרן ערשטן פון חודש, האָט דער באַלעבאָס אַרויס־געשיקט „בילס" צו די קונדן צו וועמען מיר האָבן געטראָגן צייטונגען. נאָכן „ערשטן" פלעגן אייניקע קומען צום סטענד און באַצאָלן און צו די מערסטע איז ער געגאַנגען אַהיים איינמאָנען אָדער מיך געשיקט צו זיי.

מיין באַלעבאָס איז זיך באַגאַנגען מיט מיר ווי מיט אַן אייגענעם ברודער. מיר זיינען דאָך געווען קרובים און זיין טאַטע, אַ ייד אַ יורד פון פּרנסה, האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין הויז היפּשע עטלעכע יאָר.

איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אויף אַלעם פאַרטיקן און צוויי דאָלער אַ וואָך שכירות. איך האָב אָפּגעאַרבעט פון פּסח ביז אַ חודש נאָך סוכות, אַן ערך פון זיבן חדשים. די שכירות מיינע זיינען געבליבן שטיין ביים באַלעבאָס. דאָס געלט וואָס איך האָב געדאַרפט אויף מיין קליינער טעגלעכער הוצאה האָב איך גענומען פון קעסטל — אַ צען־פופצן סענט אַ טאָג. עס וואונדערט מיך היינט וואָס איך האָב זיך ניט געכאַפּט, אַז מיין קאָזין און זיין פרוי, וואָס האָבן יעדן אָוונט איבערגעציילט די איינגאָמע, האָבן געוויס פאַרשטאַנען, אַז איך נעם ביי זיי געלט פון קעסטל. נאָר עס איז געווען אַזאַ אָנגענומענע זאַך ביי די בחורים וואָס האָבן געאַרבעט ביי די סטענדס, אַנדערע פון זיי, גאַנץ איב־טעליגענטע מענטשן, צו נעמען קליינגעלט פון דער קאַסע און די באַלעבאַטים

האָבן שוויגנדיק מסכּים געווען, ווייל די שכירות זיינען געווען אַזעלכע קלעגלעכע. דאָרט וואו עס איז געווען אַ גרעסערע לייזונג האָבן די אַרבעטער געגומער מער. ביי אונדזער סטענד איז די לייזונג געווען אַ קליינע, דערהויפּט איז געגאַנגען אויף קרעדיט.

אין די אָוונטן בין איך געווען פריי און אַזוי ווי איך האָב געוואוינט אויף דער פערצנטער גאַס, בין איך געגאַנגען צו־פוס אויף איסט־בראָדוועי זיך צו זען מיט מיינע חברים.

זונטיק זיינען די צייטונגען אָנגעקומען פריער מיט אַ פּאָר שעה און מיר זיינען אויך אויפגעשטאַנען פריער. די זונטיק־צייטונגען זיינען אַרויס אין עטלעכע אָפּטיילונגען און מיר האָבן די באַזונדערע אָפּטיילונגען אויס־געלייגט אויף אַ לאַנגער ברעט, וואָס מיר האָבן אַוועקגעלייגט אויף צוויי ליידיקע פעסלעך אין דרויסן פון סטענד און זיי „געפּאָלדעוועט" (צוזאַמענגעלייגט). (דער סטענד האָט זיך געפונען ביי אַ ביר־סאַלון און עס זיינען געשטאַנען ליידיקע פעסלעך אין דרויסן). דאָס פאַנאַנדערטראָגן די צייטונגען האָט גע־דויערט ביז ניין דעם זייגער. אַ זייגער איינס־צוויי בייטאָג, בין איך געגאַנגען דאַון־טאַון און געבליבן דאָרט ביז שפּעט ביינאַכט. ס'איז געווען זומער און אַ הייסער זומער דערצו, פלעגן מיר, איך מיט מיינע חברים, אָפּזיצן דעם טאָג אין 264 העגרי סטריט, אין דעם קליינעם קאַמערל ביי ראָזע קוואַלאָוו, דיסקוטירנדיק געזעלשאַפטלעכע פראַגן. און אַז עס איז פינצטער געוואָרן, זיינען מיר אַלע אַוועק אין דזשעקסאָן פּאַרק.

דאָס זעלביקע איז געווען שבת צו נאַכט. מיר זיינען געזעסן אַזוי שפּעט, אַז ווען איך בין געקומען אַהיים איז שוין מיין באַלעבאָס אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט און איך בין געגאַנגען מיט אים צום סטענד.

איך האָב יענעם זומער געדרוקט לידער אין „פאַרווערטס" אַ וואָך איבער אַ וואָך, בייטנדיק זיך מיט ה. רויזנבלאַט און אָפּט מאַכנדיק אינדערפרי דעם ראַוט, זיינען מיר געקומען אויפן געדאַנק די ערשטע שורות פון אַ נייעם ליד.

## באַצאָלט פאַר אַ טעפּל קאַווע

אין אַ יאָר און אַ האַלב אַרום נאָך מיין קומען אַהער, האָב איך זיך באַקענט מיט אַ גרופּע בחורים און מיידלעך, אויך אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אַנאַר־כיסטיש געזאָנען. זיי האָבן מיך גענומען צו עמאַ גאָלדמאַנס לעקציעס און צו דעם ברויזנדיקן און טופּענדיקן יאָהאַן מאָסט. דאָס איז געווען דער יאָר, ווען איך האָב געשריבן מיינע רעוואָלוציאָנערע לידער.

די נייע פריינט מיינע האָבן מיך אַ ביסל אַוועקגערוקט פון די פריערדיקע פריינט, די לאַנדסלייט מיינע.

זאָגן, אַז איך בין פריער געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און דערנאָך געוואָרן אַן אַנאַרכיסט קען איך ניט. איך בין ניט קיין אידעען־מענטש און בין נאָר געווען אָנגעהויכט פון דער סביבה, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען און די סביבה איז געווען — בונט.

אין דעם זומער פון 1901, פלעגן מיר זיך צונויפקלייבן אין אַ קליין צימערל אין 364 העגרי סטריט, אויף אַן אויבערשטן שטאָק. דאָרט האָט געוואוינט אַ גוטע, פריינטלעכע און קלוגע מיידל, ראָזע כוואַלאָוו, מיט אַ חברטע עמא אשכנאזי. אַנטקעגן זייער טיר, איבערן שמאָלן קאָרידאָר האָט גע־וואוינט אַ בחור, ש. יאַנעס. אין דעם זעלביקן הויז האָט אויך געוואוינט אַ יונגערמאַן — פריד, מיט זיין שוועסטער ליזע, זייער אַ שיינע מיידל. זונטיק בייטאָג פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אין ראָזע כוואַלאָווס צימערל און דאָרט געפירט הייסע דיסקוסיעס וועגן פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און ליטעראַרישע ענינים. מיר אַלע האָבן זיך געחברט צווישן זיך און אייניקע האָבן אַפילו גע־פירט ליבעס און דערנאָך חתונה געהאַט.

מיר האָבן זיך געפירט חבריש. די בחורים האָבן ניט געצאָלט פאַר די מיידלעך ניט אין רעסטאָראַן און ניט אין טראַמוויי. די מיידלעך האָבן ניט מקפיד געווען צו גייןביים ברעג פון טראָטואַר און אַז עס איז ארונטערגעפאַלן אַ טיכעלע ביי אַ מיידל, האָט דער בחור זיך ניט איינגעבויגן אויפצוהייבן עס. מיר האָבן שטאָלצירט מיט אונדזער פירונג און אַנאַרכיסטישן איינשטעל. אָבער ווען איינמאָל, צום סוף זומער, בין איך אַריינגעגאַנגען אין העריקס קאַפע, אויף דיוויזשאַן סטריט, מיט צוויי מיידלעך, וואָס האָבן ניט געוואוסט פון אונדזער חברישער פירונג און זיי האָבן מיר געלאָזט באַצאָלן פאַר זייער קאַווע, האָב איך דערפילט אַ שטאָלץ און אַ באַפרידיקונג, וואָס איך האָב געקענט זיין אַ „קאַוואַליער״, ווי אַלע פשוטע בחורים, ניט קיין אַנאַרכיסטן.

## צוריק אַהיים

ווען איך בין געקומען אויף מיין וועג צוריק אַהיים, אין דעם קליינעם שטעטל איידקונין, אויפן דייטש־רוסישן גרענעץ, איז ביי מיר געווען אַ פראַגע, ווי מען גייט אַריבער דעם גרענעץ צוריק קיין רוסלאַנד.

קיין אַמעריקע בין איך געפאָרן מיט אַ גובערנאַטאָרסקן פּאַספּאָרט, אָבער אָפּזיינענדיק דאָ אַרום אַ יאָר צייט, האָב איך, טראַכטנדיק אַז איך פאַרבלייב דאָ שוין אויף אַלע מאָל, אַריינגעטראָגן מיין פּאַספּאָרט צו קאָברע, אויף קאַנאַל סטריט, אין באַנק און אָפּגענומען פאַר אים צען דאָלער, וואָס זיינען מיר שטאַרק צוניץ געקומען.

און איצטער האָב איך ניט געהאַט וואָס צו ווייזן אויפן גרענעץ, אַז איך בין אַ רוסישער פּאַרפּרעמדטער בירגער.

אין ניו יאָרק האָב איך געהאַט אַ חבר, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין רוזשענאָי, אַ קליין שטעטל אויף דער רוסישער זייט פון גרענעץ. ער האָט דאָרט געהאַט צוויי שוועסטער, מיידלעך, וואָס האָבן זיך געחברט מיט בונדיסטן. די בונדיסטן האָבן מיך געקענט אַריבערפירן דעם גרענעץ מיט אַ „האַלבן פּאַסיק". איינע פון די שוועסטער איז טאַקע געקומען צו מיר אין איירקונין און מיר פאָרגעשלאָגן איר הילף. אָבער איך האָב מורא געהאַט צו פאָרן אויף אַ געהיימען און ניט כשרן וועג. די באַלעבאַטים פון האָטעל וואו איך בין איינגעשטאַנען האָבן מיר אויך ניט געראָטן צו לאָזן זיך פירן פון די בונדיסטן. זיי האָבן געהאַט זייערע טעמים דערפאַר.

אין שטעטל איז געווען אַ יידישער קאָנטאָר, וואָס האָט פאַרקויפט שיפס־קאַרטן. ער האָט אויך געהאַט זיינע פאַרבינדונגען מיט די שמוגלערס, וואָס פירן אַריבער די גרענעץ. בין איך אַוועק אין יענעם קאָנטאָר און באַצאָלט פופצן אַמעריקאַנער דאָלער און בין געוואָרן איינער פון אַ קליינער פּאַרטיע פון אַ פיר־פינף מענטשן, וואָס מען האָט געדאַרפט אַריבערפירן „געזעצלעך" דעם גרענעץ. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל גיין דעם גרענעץ אויף אַ כשרן אופן. אָבער דערוויי̆ל האָט מען נאָך ניט געקענט גיין. עס איז געווען אָנהייב ווינטער און יעדן טאָג איז אַרויסגעפאַלן אַ נייער פרישער שניי און אונדזערע טריט וואָלטן אַרויסגעקומען קענטיק. האָבן מיר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט. דערוויי̆ל זיינען מיר געשטאַנען אַרום אַ וואָך צייט אין דעם קליינעם האָטעל.

ביז איינמאָל אַזייגער עלף אין אָוונט, זיינען צוויי הויך־געוויקסיקע גויים געקומען נאָך אונדז אַריבערצופירן דעם גרענעץ. איך האָב גענומען מיינע צוויי וואַליזעס, וואָס איך האָב איינגעקויפט אין עסעקס סטריט, געמאַכט אַ פּעטליע און אַריבערגעוואָרפן איינעם אויף דער פּלייצע און דעם צווייטן אויף דער ברוסט און זיך געלאָזט אין וועג.

מיר זיינען געגאַנגען אַ היפּשע צייט, מיר זיינען אַריבערגעגאַנגען אַ קליין פאַרפרוירן טייכל, עס איז מסתמאָ געווען די גרענעץ, און זיינען אַרויפ־געקומען אויף רוסישער טעריטאָריע. ערשט דאָ האָבן מיר דערזען רייטער אָנקומענדיק פון עטלעכע זייטן מיט אַמאָל. מיר האָבן זיך פאַרלאָרן און געבליבן שטיין.

„בעגי" (לויף) האָבן מיר דערהערט אַ קול אין אונדזער ריכטונג, און אַז מיר האָבן גענומען לויפן האָבן מיר דערהערט אַן אַנדער געשריי, „סטאָי" (שטיי), האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און זיי האָבן ווידער גענומען שרייען „בעגי", אַזוי אַ היפּש עטלעכע מאָל. אַז מיר זיינען געלאָפן האָט מען אונדז געהייסן שטיין; אַז מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט האָט מען אונדז געהייסן לויפן. ביז די רייטער זיינען צוגעקומען גאָר נאָענט צו אונדז און מען האָט אונדז פאַרנומען אין פּלען. מען האָט אונדז געבראַכט צו אַ קליין שטיבל אין מיטן פעלד. דאָס איז געווען אַ קאַזאַרמע פאַר די סאָלדאַטן און פאַר דעם פעלד־פעבל, וואָס האָט מיט זיי געקאָמאַנדעוועט. די סאָלדאַטן האָבן געוואוינט אין

איין העלפט פון שטיבל און דער פעלדפעבל אין צווייטן העלפט. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין דעם צימער פון די סאָלדאַטן. זיי האָבן אונדז געגעבן טיי מיט ברויט מיט פוטער. די סאָלדאַטן, אַ זיבן אַכט מאַן, זיינען געווען זייער פריינטלעך צו אונדז. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צו אונדז און פאַרזיכערט, אַז מאָרגן פרי וועט מען אונדז איבערשיקן קיין ווערזשבעלאווע, צו דער „טאמאזש־נע" און דאָרט וועט מען אונדז פריילאָזן.

אויף מאָרגן פרי האָבן מיר ווידער אָנגעטאָן אונדזערע וואַליזעס אויף זיך, נאָר זיי האָבן זיך געפילט אַ ביסל גרינגער ווי נעכטן.

מיר זיינען געגאַנגען צו פוס און אַז עס איז מיר געוואָרן שווער צו טראָגן די וואַליזעס גאַנצע צוועלף וויאָרסט, האָט דער סאָלדאַט וואָס איז געגאַנגען ביי מיין זייט, איבערגענומען ביי מיר איינעם פון די וואַליזעס און געהאָלפן טראָגן.

פאַרנאַכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין ווערזשבעלאווע. דער צימער וואוהין מען האָט אונדז אַריינגעפירט איז געווען זייער אַ גרויסער, ווי אַ וואָקזאַל און אַ קאַלטער; עס האָט אונדז געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. מיר האָבן דאָרט געוואַרט אַ היפּשע ווײַלע. אין אַ צווייטן צימער איז געזעסן די „נאַ־טשאַלסטוואָ". מען האָט אויפגעעפנט אונדזערע וואַליזעס און מיר, די אַרעס־טירטע, האָבן געזען, אַז דער פעלדפעבל האָט אַוועקגענומען ביינאַכט אונדזערע בעסטע זאַכן; צוויי סערוועטן, וואָס איך האָב געקויפט אין העסטער סטריט מתנות פאַר דער היים, וואָלענע אונטערוועש און אַנדערע קלייניקייטן. מען האָט אונדז אויסגעפרעגט און פאַרשריבן. דער פּסק־דין איז געווען, אַז מען זאָל אונדז ברענגען מיטן עטאַפּ קיין רוזשענאַי אין טורמע און פון דאָרטן ווידער מיטן עטאַפּ טרייבן ביז אַהיים.

דערנאָך האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן צימער. דאָרט האָט אונדז באַגעגנט אַ הויכער, ריזיקער מאַן, מיט אַ שוואַרץ־גרויליכע באָרד, אין אַן אוניפאָרם מיט אַ סך בלעכלעך און מעדאַלן. דאָס איז געווען דער זשאַנדאַרמ־סקער פּאָלקאָווניק פון דעם קרייז. ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אונדז מיט זידלערייען און סטראַשונקעס און הויך אויפן קול געשריען, אַז מיר זיינען פאַררעטער און בונטאָווטשיקעס. ער האָט געטופּעט מיט די פיס און שיער ניט געכאַפּט זיך שלאָגן צו אונדז. מיר זיינען געשטאַנען שטומע, זיך איינ־געהערט צו זיינע געשרייען און געטראַכט; וואָס וויל ער פון אונדז, פאַרוואָס שרייט ער אַזוי, מיר האָבן דאָך קיין פאַרברעכן ניט באַגאַנגען, אונדזער איינ־ציקער חטא איז וואָס מיר זיינען געקומען צוריק אַהיים.

(אגב, אין דער צייט פון דער ערשטער גרויסער מלחמה, ווען די רוסישע אַרמיי איז אַנטלאָפן פון שונא, האָב איך געלייענט אין די יידישע צייטונגען, אַז אַ מיליטער געריכט האָט פאַרמשפט דעם ווערזשבעלאווער זשאַנדאַרמסקן פּאָלקאָווניק, מיאסאיעדאוו, צו דער תליה פאַר פאַרראַט צום קייזער און צום פאָטערלאַנד.)

דערנאָך אַז ער האָט זיך גוט אָנגעשריען אויף אונדז, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין טורמע איבערנעכטיקן.

די קומענדיקע עטלעכע טעג, האָט מען אונדז געפירט איבער קליינע שטעטלעך וועמעס נעמען איך האָב שוין פאַרגעסן. נאָר איין נאָמען פון אַ קליין שטעטל געדענקט זיך מיר — דאָס איז קיבארד, דאָרטן האָבן מיר געפונען די טורמע איבערגעפּאַקט מיט פריערדיקע אַרעסטאַנטן פאַרן זעלביקן חטא.

עס איז זיי מיט אונדז געוואָרן פריילעכער אָבער ענגער.

עס איז געווען אַ פרייטיק צונאַכט און פון שטעטל זיינען אָנגעקומען ווייבער און אונדז געבראַכט שבתדיקע מאכלים. דאָס גלייכן שבת אין דער פרי, האָט מען אונדז געבראַכט טשאָלענט. מען האָט אָפּגעגעסן דעם פרייטיק צונאַכטיקן מאָלצייט אין דער פינצטער און שטייענדיק אין ענגשאַפט. עס איז געווען אַזאַ חברה אין יעדער שטעטל וואו עס איז געווען אַן אסטראָג, וואָס האָט זיך געזאָרגט פאַר די דורכגייענדיקע אַרעסטירטע.

אויף מאָרגן פרי האָט מען אונדזער פאַרטיע פון פינף מענטשן אַרויס־באַגלייט אויפֿן וועג קיין רוזשענאָי. דאָס מאָל האָבן אונדז געפירט שוין ניט קיין סאָלדאַטן אין מונדירן, נאָר פיר הויכע גויים אין סערמיאַגעס. זיי זיינען געגאַנגען אין לאַנגע ווייסע וואָלענע זאָקן און אין הילצערנע שיך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי מעסטעס מיט הויכע קנאַפּל און האָבן געטראָגן הויכע ווייסע שטעקנס אויף וואָס אָנצושפּאַרן זיך ביים גיין. איך בין זיכער, אַז ווען ניט די שטעקנס אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט, וואָלטן זיי קיין טראָט ניט געקענט מאַכן, זיי זיינען געגאַנגען פּאַמעלעך. מיר וואָלטן פון זיי גרינג געקענט אַנטלויפן, נאָר וואוהין לויפט מען אין אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן געגנט?

אַרום צוויי דעם זייגער בייטאָג, ווען די רוזשענאָיער באַלעבאַטים און יונגוואַרג האָבן שפּאַצירט נאָכן עסן אין דער הויפּט גאַס, האָט מען אונדז די „אַרעסטאַנטן" געבראַכט אין דער שטאָטישער טורמע. עס איז געווען איין גרויסע שטוב וואו עס זיינען געזעסן אַלערליי פאַרברעכער: גנבים, גרענעץ־שמוגלער און אַזוינע וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט ביי דער רעגירונג פאַר ניט צאָלן קיין צינדזן אָדער פאַר האַנדלען מיט בראָנפן און געגנבעטע סחורות. דאָ זיינען געווען יידן, גויים און ציגיינער. מען איז געלעגן אויף ברייטע נאַרעס און מען איז גוט אויסגעקומען צווישן זיך.

(דאָס שטעטל איז געווען מאריס ראָזענפעלדס און יהואשס געגנט).

פון טורמע האָב איך געשיקט אַ טעלעגראַמע צו מיין ברודער און אין צוויי טעג אַרום איז ער אָנגעקומען און מיר געבראַכט אַ מעסטשאנסקין פּאַס, מען זאָל וויסן ווער איך בין און פון וואַנען איך קום.

לויטן געזעץ האָב איך ניט געדאַרפט גיין צופוס מיטן עטאַפּ, קיין דער מיר. אָבער מיין ברודער אָנשטאָט צו גיין צו די נידעריקע טורמע נאַטשאַלסטוואָ, וואָס וואָלטן מיך באַלד באַפרייט פאַר אַ פּאָר רובל, איז ער אַוועק גלייך צום איספּראַווניק און דאָס האָט מיך פאַרהאַלטן אויף אַ גאַנצער וואָך. אָבער סוף־

כל־סוף בין איך באַפּרייט געוואָרן. מען האָט מיך געלאָזן פאָרן מיטן באַן אַהיים. איך האָב נאָר געדאַרפט מיטנעמען אַ שומר, וואָס זאָל מיט מיר מיטפאָרן. האָב איך אים, דעם שומר געגעבן פינף רובל און ער איז געבליבן זיצן אין דער היים און איך בין אַליין אַוועקגעפאָרן.

און מערקווירדיק, אויף יעדער סטאַנציע, אין יעדער טורמע, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פלעגט צו אונדז צוקומען אַ מאַן אָדער צוויי און טרייסטן און פאַרזיכערן אונדז, אַז דער קאַנטאָר וואָס האָט ביי אונדז גענומען דאָס געלט איז ניט שולדיק. דאָס אַרעסטירן אונדז איז אַרויסגעקומען קעגן זייער ווילן. דער קאַנטאָר האָט געהאַט מורא אַז מיר זאָלן ניט אויסזאָגן פאַר די „טאַמאָזשנע" באַאַמטע וואָס האָבן אונדז אויסגעפרעגט דעם אמת. און דעמאָלט וואָלטן זיי געקראָגן אַ שטראָף. די מענטשן האָבן אונדז אַלץ געעצהט מיר זאָלן גאָרניט ריידן וועט זיין בעסער פאַר אונדז.

דער טעם דערפון איז געווען אַזאַ: דער קאַנטאָר וואו מיר האָבן באַצאָלט צו פופצן רובל, פאַר אַריבערפירן אונדז „געזעצלעך" דעם גרענעץ האָט געהאַנדלט אויף אַ גרויסן אופן מיט אַריבערפירן עמיגראַנטן פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד ניט־געזעצלעך.

אָבער אַזוי ווי עס איז געווען אָנהייב ווינטער און יעדן טאָג איז אויסגע־פאַלן אַ נייער שניי און עס וואָלטן דאָך געווען קענטיק אויפן נייעם שניי די אַלע צענדליקע און אפשר הונדערטע טריט פון די אַריבערגעפירטע, האָט מען אונדז געשיקט פריער מיר זאָלן מאַכן די פוס־טריט אויפן שניי און שפּעט ביי דער נאַכט נאָך איינס דעם זייגער, וועט מען איבערפירן די גרויסע מאַסע קיין דייטשלאַנד. אַז מען וועט אויף מאָרגן דערזען די פילע פוסטריט וועט מען זאָגן, אַז די פוס־טריט געהערן צו די וואָס זיינען געגאַנגען פון דייטשלאַנד קיין רוסלאַנד און מען האָט זיי געכאַפּט.

און טאַקע דערפאַר האָט מען אונדז געהייסן לויפן אין אַלע זייטן מען זאָל ניט דערקענען פונוואַנען די מענטשן זיינען געלאָפן.

מען האָט מיט אונדזער קליינער פאַרטיע פון פינף מענטשן באַצאָלט פאַר דער גרויסער פאַרטיע פון צענדליקער מענטשן.

ווען נאַטשאַלסטוואָ וואָלט זיך דערוואוסט דעם אמת, וואָלט מען צוגעמאַכט דעם קאַנטאָר. און דעריבער האָבן די שלוחים מיט אונדז איינגעטענהט מיר זאָלן ניט ריידן.

## דריי ביבליאָטעקן

ווען איך בין געווען אַ חדר־יינגל פון אַ יאָר 12־13, האָב איך גענומען ביכלעך צום לייענען אין אונדזער ביבליאָטעק, אָדער בעסער געזאָגט, ביי אונדזער ביבליאָטעקאַרין „פריילין פעדער", ווי מען האָט זי גערופן מיט אַ

חוזק־שמייכעלע. די „פריילין פעדער" איז געווען אַ קליינע, שטשופּלע, שוואַרצע מיידל, וואָס האָט געוואוינט אין אַ געדונגענער קאַמער מיט איר ברודער, (אויך אַ קליין־געוויקסיקער און ניט קיין שיינער, ווי זי), אין אַ שטוב אויפן שול־הויף.

אין דעם צימער, וואו עס זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, איז אויך געווען אַ וואַנט פאַרלייגט, אָדער פאַרשטעלט, מיט ביכער און ביכלעך, יידישע און לשון־קודשדיקע. די יידישע ביכער זיינען געווען ראָמאַנען פון שמר און בלאָשטיין און זשול ווערנס רייזע באַשרייבונגען. די לשון־קודשדיקע ביכלעך זיינען געווען פון מאַפּו, קלמן שולמאַן, מרדכי אהרן גינצבורג און נאָך ביכלעך דיניקע, וואָס זי האָט איינגעקויפט ביי אַ דורכפאָרענדיקן מוכר ספרים.

קיין דערוואַקסענע בחורים אָדער פאַרהייראַטע יונגעלייט האָבן אין דער ביבליאָטעק ניט אַריינגעשמעקט. עס זיינען געקומען נאָך ביכלעך נאָר דינסט־מיידלעך, באַלמעלאָכעשע כלות, וואָס האָבן זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר זייערע חתנים און עלטערע פרויען וואָס האָבן ניט געקענט לייענען קיין רוסישע ביכער. ווען איך אַליין בין עלטער געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר, האָב איך אויך אויפגעהערט נעמען ביכער אין דער ביבליאָטעק און געקוקט מיט גרויסקייט אויף אַן אָרעמער מיידל, וואָס טראָגט אונטער דער פאַטשיילע אַ ביכל און דער שפּיץ פון אַ טאָוול סטאַרטשעט אַרויס.

געצאָלט האָט מען פאַר איבערלייענען אַ ביכל — פאַר אַ דיקן — פינף קאָפּיקעס און פאַר אַ דינעם מיט צוויי קאָפּיקעס וויניקער.

איך האָב גענומען לשון־קודשדיקע ביכער ווי דעם „הכנסת" פון שפ"ר, דעם „האָסיף" פון נחום סאָקאָלאָוו און אַלטע, פאַרוואַלגערטע בענדער „השחר" פון פּרץ סמאָלענסקין, ביי שטאָטישע באַלעבאַטים און איבערהויפּט ביי עטלעכע פון אונדזערע מעלער, וועלכע זיינען געווען משכילים און אויסגעשריבן ביכער פון וואַרשע, אָדער ביי ישיבה־לייט, וואָס זיינען געקומען פון גרויסע, פרעמדע שטעט און געבראַכט מיט זיך העברעאישע און דייטשע ביכער.

אַז עס איז מיר געוואָרן 19 יאָר, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע זוכן אַ שטעלע. נאָכן אָפּזיין דאָרט אַ האַלב יאָר אָן אַ שטעלע, אָדער אויף אַ סך שטעלעס, אויף וועלכע איך האָב זיך ניט געקענט האַלטן, בין איך געקומען צוריק אין דער מיר און געפונען דאָרט אַ נייע ביבליאָטעק אויף מאַראַנקער גאַס. דער ביבליאָטעקאַר איז געווען אַן אַריינגעפאָרענער פון אַן אַנדער שטאָט, אַ בלאָנדער יונגערמאַן מיט כמעט ווייסע האָר, מיט תמימותדיקע בלויע אויגן און אַן איינגעפאַלענעם אויסזען. ער האָט געהאַט דריי קליינע קינדער, פון פיר ביז אַכט יאָר און זיין ווייב האָט געהאַלטן אַ קליין קרעמל פון גאַזע, בייגל, טאַראַנעס און דזשעגעכץ. אַ גאַנצע וואָך איז ער געזעסן אין דערהיים און אויפגעפּאַסט אויף זיין ביבליאָטעק, נאָר מאָנטיק, אין טאָג פון מאַרק, ווען איך פלעג קומען פון דאָרף אין שטאָט אַריין, איז ער געשטאַנען מיט דער ווייב אין קרעמל און איבערגעלאָזן די קינדער אַליין. אין שטוב איז געווען זייער אומציכטיק, ווי עס איז געוויינטלעך דאָרטן וואו קינדער פון 4 ביז 8 יאָר זיינען אַ גאַנצן טאָג אָן טאַטע־מאַמע אַליין אין הויז.

די טיר פון הויז איז ניט געווען פאַרשלאָסן און מען האָט ניט געדאַרפט אָנקלינגען פריער. אז איך בין אַריינגעגאַנגען אין שטוב, בין איך זייער פאַרזיכטיק, קוקנדיק אויף דער פּאָדלאָגע און היטנדיק מיינע טריט, צוגע־גאַנגען צום טיש, אַוועקגעלייגט דעם בוך וואָס איך האָב געבראַכט שוין אָן איבערגעלייענטן, צוגעגאַנגען האַרט צום וואַנט וואו די ביכער זיינען גע־שטאַנען און גענומען אַן אַנדער בוך, וואָס איז מיר געפעלן געוואָרן לויטן נאָמען. אָנגעשריבן מיין נאָמען אויף אַ שטיקל פּאַפּיר פאַר אַ סימן אַז איך בין דאָ געווען און געביטן אַ בוך.

ביכער זיינען אין דער ביבליאָטעק געווען אַ סך און אַ היבש ביסל פון זיי — גוטע. עס איז דאָרט געווען גאַנץ טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און נאָך רוסישע קלאַסיקער און עטלעכע בענד קריטיק. עס זיינען אויך געווען אי־בערזעצונגען פון דייטש און פראַנצויזיש. איך האָב יענעם ווינטער געלייענט און פאַרלייענט זיך מיט גאַנץ טאָלסטאָי און מיט זיינע פילאָזאָפישע ווערק.

אין די וואָכעדיקע ווינטער־נעכט אַרום 12־11 דעם זייגער, ווען אַלע אין שטוב זיינען שוין געשלאָפן, האָב איך גענומען דעם קליינעם מעבלירטן טישעלע, צוגערוקט אים צום וואַרעמען אויוון, אַוועקגעשטעלט אויף אים אַן אַכטער לעמפּל און זיך געזעצט איבער אַ בוך. איך האָב אַזוי אַריינגעלייענט ביז דריי־פיר דעם זייגער פאַרטאָג. ערשט דעמאָלט האָב איך אַוועקגעשטעלט דעם טישל צוריק אויף זיין אָרט, אויסגעלאָשן דעם לעמפּל און געלייגט זיך אין בעט און אָפּגעשלאָפן ביז 10־11 דעם זייגער אינדערפרי.

איך האָב זיך יענעם ווינטער אַזוי אַריינגעלעבט אין דעם וואָס איך האָב געלייענט, אַז איך האָב אַליין אָנגעהויבן שרייבן פילאָזאָפישע געדאַנקען און אַפאָריזמען אין רוסיש און האָב אַפילו געוואָלט באַשאַפן אַן אייגענע שיטה פון וועלט־אָרדענונג. אָדער באַוועגונג: אָנשטאָט דעם אָנגענומענעם כלל פון כוח המושך, דעם כוח פון ליבשאַפט וואָס הערשט צווישן די שטערן און גלגלים אין הימל און בערג און טאָלן אויף דער ערד, וואָס האַלטן אין איין צוציען איינער דעם אַנדערן, דעריבער בלייבן זיי שטיין דאָרטן וואו זיי שטייען, איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז די שנאה פון איין שטערן צום צווייטן, דער כוח המדחה איז דער וואָס פירט אָן מיט דער וועלט. די שטערן האָבן זיך פיינט און שטויסן אָפּ איינער דעם אַנדערן און דעריבער בלייבן זיי שטיין דאָרטן וואו זיי שטייען און דאָס זעלביקע מיט די בערג און טאָלן אויף דער ערד.

איך האָב אָנגעשריבן אַ גאַנץ ביכעלע מיט עטלעכע און דרייסיק בלעטלעך פּסיכאָלאָגישע אַפאָריזמען און האָב די בראַשור מיטגעבראַכט מיט זיך קיין אַמעריקע. איך האָב עס אַריינגעטראָגן אין „אָבענד־בלאַט" און איבערגעגעבן צו אַלעקסאַנדראָוון, דעם ליטעראַרישן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. אים איז עס געפעלן געוואָרן. ער האָט עס אָבער ניט געקענט אָננעמען ווייל עס איז געווען געשריבן אין רוסיש. ער האָט מיר געהייסן איבערזעצן דאָס אין יידיש. איך האָב אָבער זיך געפוילט דאָס צו טאָן. איך בין שוין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע אַרבעטן.

ווען איך בין אין 1901 אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים, האָב איך די „פּילאָ־זאָפישע״ אַרבעטן, צוזאַמען מיט אַנדערע שריפטן מיינע אין יידיש, איבערגע־לאָזן ביי מיינעם אַ פריינט. אָבער ווען איך בין אין 1907 אַ צווייטן מאָל געקומען אַהער, האָב איך פון מיינע שריפטן קיין זכר ניט געפונען, כאָטש מיין פריינט האָט די גאַנצע צייט געוואוינט אין דער זעלביקער דירה, און געהאַלטן זיינע שטוב־זאַכן אויף אַן אָרט.

צי דאָס זיינען געווען זאַכן וואָס זיינען ווערט געווען געדרוקט צו ווערן אָדער ניט, ווייס איך היינט ניט.

* * *

ווי לאַנג די ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט אין דער מיר, ווייס איך ניט, ווייל אינגיכן בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. נאָך מיין אָפּזיין דאָ צוויי און אַ האַלב יאָר בין איך צוריקגעקומען אַהיים און געפונען אַ נייע שטאָט מיט אַ נייער ביבליאָטעק.

די שטאָטישע באַפעלקערונג איז פאַרגרעסערט געוואָרן. די קליינע יינגלעך און מיידלעך זיינען אונטערגעוואָקסן און געוואָרן לייענער. עס זיינען אויך צוגעקומען אַרבעטער און לערער פון פרעמדע שטעט, וואָס האָבן זיך באַזעצט ביי אונדז. די ביבליאָטעק איז שוין געווען אין אַ באַזונדערער דירה, אַ האַלבע שטוב אָפּגעדונגען אין מיטן מאַרק. אַ גרויסער צימער צום גאַס מיט אַ שרייב־טיש, מיט אַ סיסטעמאַטישער פירונג לויט די כללים פון בוכהאַלטעריע, מיט אַ „קאָמיטעט״ פון יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרוואַלטעט מיט דער ביבליאָטעק. (פאַר די צוויי און אַ האַלב יאָר וואָס איך בין ניט געווען אין דער היים האָבן מיינע שטאָטלייט זיך אויסגעלערנט צו ריידן און אָנרופן זאַכן מיט זייערע אייראָפּעאישע נעמען.) עס זיינען געווען שטענדיקע אַבאָ־נענטן, וואָס האָבן געצאָלט פון חודש. אמת, די סאַמע נאָענטע אָנפירער זיינען אַליין געווען אַ ביסל נאַכלעסיק מיט זייערע צאָלונגען, אָבער דאָס „פאָלק״ האָט געצאָלט פּינקטלעך.

איינמאָל האָט די ביבליאָטעק געשיקט אַ בריוו צו גאָרקין אין מאָסקווע, וואָס האָט אין יענער צייט אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „זנאַניע״, אַז די ביב־ליאָטעק אין דער מיר נייטיקט זיך אין נייע ביכער. איז אינגיכן אָנגעקומען פון אים אַ גרויסער הילצערנער קאַסטן מיט ביכער פון דעם פאַרלאַג.

די שמחה און דער שטאָלץ פון די מענטשן ביי דער ביבליאָטעק איז געווען אין לשער, וואָס אַזאַ באַליבטער, גרויסער שרייבער האָט זיך חבריש אָפּגערופן.

אַז די לעצטע ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט לאַנגע יאָרן, ווייס איך פון דעם וואָס אין פינף און צוואנציק יאָר אַרום, נאָכדעם ווי איך בין אַוועקגעפאָרן פון דער מיר, איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו, געשריבן ווי צו אַן אַלטן לאַנדסמאַן, פון ביבליאָטעק־סעקרעטאַר, וועמעס נאָמען מיר איז שוין געווען אומבאַקאַנט, אָבער אויך אונטערגעשריבן פון מיין יוגנט־חבר שלמה ציגקין. זיי האָבן ביי

מיר געבעטן ביכער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. איך האָב צוזאַמענגעקליבן איבער אַ הונדערט ביכער פון באַקאַנטע שרייבער, געפּאַקט זיי אין קליינע פיר־פונטיקע פּעקלעך און זיי אַרויסגעשיקט דורך דער פּאָטשט קיין דער מיר און בין געווען צופרידן וואָס אויך איך נעם זיך אַ שטיקל חלק אין „אונדזער" ביבליאָטעק.

# אין אונדזער שטאָט

## די חזקה

אין אונדזערע מקומות איז געווען איינגעפירט חזקה (כאַזאַקע).

אַז אַ ייד האָט געהאַלטן אַ מיל, אַ פּאַכט אָדער אַ שענק און דער פּריץ האָט אים צוליב דעם וואָס ער האָט ניט געקענט באַצאָלן די ראַטע אָדער צוליב דעם וואָס דער ייד איז אים געוואָרן גרויס אין די אויגן, אַרויסגעזעצט פון געשעפט, האָט זיך קיין אַנדער ייד ניט צוגערירט צום מיל אָדער פּאַכט. און דער מיל איז געבליבן שטיין ליידיק סיידן עס האָט זיך געפונען אַ גוי, וואָס האָט גענומען די אַרענדע און גוים זיינען געווען אַ זעלטנקייט אין די פּרנסות.

ניט ווייט פון אונדז, ביי אַן אַכט אָדער ניין וויאָרסט, אין דעם דאָרף פּראָסטשי האָט אַ ייד, יונה אהרן, געהאַלטן אַ מיל. דער ייד האָט דאָרט געוואוינט פון לאַנגע יאָרן, האָט געהאַט אַ גרויס געזינד, אויסגעגעבענע זין און טעכטער מיט שניר און איידעמס אויף קעסט און יינגערע זין, ניט קיין אויסגעגעבענע נאָך. האָט זיך געמאַכט, אַז דער פּריץ האָט דעם יידן אַרויסגעזעצט — אים און זיין גאַנץ הויזגעזינד.

דער ייד האָט זיך אַריבערגעקליבן אין שטאָט. די אויסגעגעבענע קינדער האָבן געדונגען קרעמלעך און די ניט־אויסגעגעבענע זיינען זיך צעפאָרן איבער דער וועלט. איינער אַ יינגל, אַ ביסל עלטער פון מיר, איז אָנגעקומען צו אונדז פאַר אַ מלמד צו די קליינע יינגלעך און מיידלעך פון דאָרף. מיר זיינען געוואָרן חברים און אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, ווען דער הימל האָט געפלאַקערט ביים זון אונטערגאַנג, האָבן מיר ביידע שפּאַצירט אויף דער לאַנגער גרעבליע און גערעדט וועגן דעם, וואָס מיר וועלן זיין, ווען מיר וועלן אויסוואַקסן. מיר האָבן אַנדערש ניט געוואָלט ווי זיין פּראָפעסאָרן מיט לאַנגע פּעלערינעס און גרויע, קליינע קאַפּעליושן מיט אַ גרינעם פּאַווע־פּעדער.

מיר האָבן ניט געוואוסט, אַז אַט די „פּראָפעסאָרן" מיט די גרויע קאַפּעליושלעך זיינען איינפאַכע קאָמאָרניקעס, „לאַנד־מעסטער".

* * *

אויף אַן אַנדער וועג, אַ צוויי־דריי וויאָרסט פון אונדז אין דעם דאָרף בורזשעוויץ, האָט געוואוינט אַן אַנדער ייד, בערקע. ער האָט געהאַט אַ קליינעם

שענק און דריי גערעטענע זין. דער עלטסטער זון, איטשע, איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער, שוואַרץ־חנעוודיקער בחור, מיט אַ גלאַטן צינגל.

כאָטש ער האָט קיין גרויסע געשעפטן מיט די פּריצים ניט געפירט, גע־קויפט ביי זיי פון צייט צו צייט אַ ביסל תבואה, און פאַרקויפט צו די שטאָטישע מעלער, האָבן אים די פּריצים געקענט און ער איז געווען אַן אייגענער אין זייע־רע הייפן צוליב זיין גוטן פּויליש־ריידן.

ווען דער פּריץ פּעטרושעוויץ האָט אַרויסגעוואָרפן דעם ייד יונה־אהרן פון מיל האָט זיך קיין ייד ניט געוואָלט צורירן צו דעם. אָבער אין אַ ביסל צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער פּריץ האָט אָנגעהויבן צו באַ־טרייבן די מיל אויף זיין אייגענעם חשבון און אַלס פאַרוואַלטער האָט ער אָנגעשטעלט דעם איטשע פון בורזשעוויץ מיט דעם גלאַטן פּוילישן צונג.

מיר, די שכנים אַרום, איבערהויפּט די וואָס האָבן געהאַלטן מילן, זיינען געווען אין כעס אויף איטשען. אָבער מען האָט אים צום רב ניט געקענט נעמען, ווייל ער האָט ניט גענומען די מיל אין אַרענדע, ער האָט נאָר געפירט דעם פּריצס געשעפט; כאָטש מיר האָבן אַלע גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט איטשע נאָר אַריינגעשטעלט אַ פוס און שפּעטער וועט ער שוין איבערנעמען די מיל אויף זיין אייגענעם נאָמען. און כך הווה, אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט שוין איטשע געהאַלטן די פּראָסטשיער מיל.

דערווייל האָט ער חתונה געהאַט, גענומען אַ שיינע שטאָטישע באַלעבאַ־טישע מיידל און געהאַט מיט איר צוויי יינגלעך. ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ שיינעם באַלעבאַטישן שטאָט. און כדי מען זאָל פאַרגעסן זיין אַמאָליקן חטא, האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט נאָך פרימער און פרייגיביקער ווי אַנדערע. וואו מען האָט געדאַרפט געבן אַ נדבה, איז זיינע געווען פון די גרעסטע. אַז מען האָט געדאַרפט ערב פּסח כשרן די מיל, האָט ער זיך ניט באַנוגנט מיט אַ דיין ווי מיר, נאָר ער האָט אַראָפּגעבראַכט דעם רב אַליין און אים געגעבן אַ היפּשע סומע פאַר זיין טירחה. און אומעטום איז ער געווען דער ערשטער.

מיט דער צייט האָט מען פאַרגעסן אַן זיינע ערשטע יאָרן אין מיל.

עס איז אים געגאַנגען גוט. זיינע צוויי יינגלעך האָבן געלערנט אין שטאָט ביי אַ גמראָ מלמד און זיין ווייב איז געווען אויף דער צייט מיט נאָך אַ קינד.

* * *

איינמאָל ווינטער, אַ זונטיק אינדערפרי זיינען געקומען צו אונדז מעלער פון שטאָט און זיי האָבן דערציילט, אַז נעכטן, שבת ביינאַכט, האָבן זיך חדר־יינגלעך געגליטשט אויפן טייך נאָענט פון אַן אויסגעהאַקטער פּאַלאָנקע און צוויי יינגלעך, ברידער, זיינען אַריינגעפאַלן אין דער פּאַלאָנקע און זיך דער־טרונקען. דאָס זיינען געווען איטשע פּראָסטשיערס קינדער.

עס איז אונדז אַלעמען באַפאַלן אַ שרעק. מיר האָבן דערזען אין דעם גאָטס האַנט, אַ שטראָף פאַר גיין אויף דעם שכנס ברויט.

די מעוברתדיקע ווייב, אסתר, דערוויסנדיק זיך פון אומגליק, איז אַרונטער פון זינען און מען האָט זי אַריינגעגעבן אין אַ משוגעים־הויז. און איטשע איז געבליבן איינער אַליין מיט דעם געפיל, אַז גאָט האָט אים באַשטראָפט.

ווען די פּאָליאַקן זיינען נאָך דעם רוסיש־פּוילישן קריג (פון 1919־1921) אַריין אין דער מיר, האָבן זיי איטשען, צוליב אַ באַשולדיקונג — אַן אמתע צי אַן אויסגעטראַכטע — אויפגעהאָנגען אין מיטן מאַרק.

## צעראַבירט אַ הויז

דאָס האָט פּאַסירט ווען איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליין קינד און אפשר נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן.

עס איז אויסגעפאַלן אַ טריקעניש אין גרויסע טיילן פון אונדזער לאַנד און אויך אין אונדזער געגנט. און די אָרימע מענטשן און די באַלמעלאָכעס זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. איז געווען איינער אַן אָנגעזעעענער ייד, שלמה ראַסקאָשער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס הויז און נאָך אַ גרעסערע סטאַדאָליע אָדער שפּייכלער הינטערן הויז. עס האָט זיך אַוועקגעלאָזן איבער די פּריצישע הייפן און אָנגעקויפט ביי זיי צו ביסלעך תבואה און געבראַכט אַהיים און פאַרשלאָסן אין דער סטאַדאָליע און עס געהאַלטן אויף יקרות. די באַלמעלאָכעס און די אָרימע האָבן אַפילו פאַר קיין געלט ניט געקענט קריגן קיין ברויט. איז ווען די קליינע קינדער האָבן געשריען: „ברויט" און עס איז ניט געווען וואָס צו געבן זיי, האָבן זיך אַלע הונגעריקע צונויפגעקליבן און אויפגעבראָכן די טירן פון דעם שפּייכלער און אויסגעראַבירט די תבואות און דערצו נאָך געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף דער שטוב און די כלי־בית.

און דער שלמה ראַסקאָשער איז געווען גראָדע אַ וועלטלעכער מענטש, האָט געקענט לערנען, געשיקט זיינע פינף זין אין גימנאַזיע און אוניווערסיטעט און געמאַכט פון זיי דאָקטוירים און אינזשענירן.

## געשלאָגן דעם פּריסטאַוו

און נאָך אַ פּאַסירונג וואָס איז מיר געבליבן אין זכרון.

ביי אונדז אין שטאָט איז געווען איינגעפירט אַ מנהג, אַז שמחת־תורה בייטאָג האָבן די יינגלעך וואָס האָבן געוואוינט אויפן שול־הויף צונויפגעטראָגן דעם סכך פון די צענדליקער סוכות; אַוועקגעלייגט עס אויפן מיטן שול־הויף און אונטערגעצונדן. עס איז געווען אַן אַלטער מנהג און די פירער פון שטאָט האָבן זיך אין דעם ניט געמישט. גראָד יענעם יאָר האָט אין אַ גרויסער הויז, וואָס זיינע פענצטער זיינען אַרויס צום שול־הויף, געוואוינט דער פּריסטאַוו (אַסעסאָר) פון שטאָט. איז, אַז ער האָט דערזען, אַז די קינדער ווילן מאַכן אַ שרפה אין שטאָט אָדער ער האָט זיך דערשראָקן אַז דער רויך וועט פאַרציען זיינע פענצטער, איז ער אַרויסגעלאָפן פון שטוב און זיך צעשריען אויף די קינדער, זיי זאָלן צענעמען די גרויסע קופּע סכך אויף איינציקע ביימ־

לעך און צעטרעטן דעם פּייער מיט די פּיס. אַז די ייִנגלעך האָבן ניט געפֿאָלגט, האָט ער זיי גענומען שלאָגן.

דעמאָלט זיינען צוויי שטאָטישע יונגעלייט, וואָס זיינען געקומען זען ווי מען ברענט דעם סכך — איינער פון זיי מוני, מאָטע ריוועס, אַ זון פון אַ שענקער, וואָס איז געוואוינט צו נעמען און געבן אַ קלאַפּ און דער צווייטער יונגערמאַן — הירשל קאַזשיי, אַ שניידער, נאָר זייער אַ שטאַרקער, אָט די צוויי יונגעלייט האָבן געבעטן דעם פּריסטאַוו ער זאָל אויפהערן שלאָגן די קינדער און אַז ער האָט זיך צו זיי ניט צוגעהערט, זיינען זיי אים באַפֿאַלן, אַראָפּגעריסן די פּאַגאָנעס און גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

מען האָט זיי אויף מאָרגן אַרעסטירט. אָבער מען האָט זיי אַרויסגעלאָזן אויף „קויצע" צו וואַרטן אויפן סוד. זיי זיינען אַנטלאָפן ביידע אין אַ קורצער צייט אַרום — איינער קיין זיד־אַפריקע און דער צווייטער קיין אַמעריקע.

זיי זיינען שוין דאָרט פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

## געשלאָגן אַ לערער

אין דעם יאָר 1906, איז אַ יידישער יונגערמאַן פון אַן אַנדער שטאָט געקומען צו פאָרן צו זיין אַ לערער ביי יידישע אונטערגעוואָקסענע מיידלעך. אַנדערע פון זיי שניידערקעס און נייטערקעס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי שניידער באַלעבאָטים.

געוועזן איז ער אַ פאַרטיי־מענטש, אַ פועל־ציון. האָט ער מסתמאָ זיינע תלמידות געוואָלט מאַכן פאַר ציוניסטקעס און רעוואָלוציאָנערקעס. זיינען אין אַ זומערדיקן שבת פאַר מנחה געקומען אויף זיין קוואַרטיר זיבן באַלמעלאָכעס, אַרבעטער באַלעבאָטים, ביי וועמען עס האָבן געאַרבעט יונגע מיידלעך און האָבן אים געשלאָגן אין הויז און דערנאָך אַרויסגעשלעפּט אים אין הויף און דאָרט ווידער געשלאָגן. דאָס איז געווען אין אַ שטוב אין מיטן מאַרק. מיר, די יידישע יונגע אַרבעטער און סימפּאַטיקער, האָבן זיך דער־וואוסט דערפון און אַ געפּיל פון נקמה אָן די שלעגערס האָט זיך אויפגעהויבן אין אַלעמענס הערצער. קליינע גרופּעס בחורים, האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן אויף די ווינקלען פון די גאַסן און שטילערהייט איבערדערציילט דאָס גע־שעענע. און אַז עס איז פינצטער געוואָרן, איז אונדזער מחנה געווען אַרום זיבעציק־אַכציק מאַן די גרויס. מיר האָבן געוואוסט די נעמען פון אַלע שלעגער. זיינען מיר די ערשטע זאַך אַוועק צו גרשון דעם שניידער אויפן שול־הויף — אַ שניידער־באַלעבאָס, וואָס האָט באַשעפטיקט אַן אַכט מייד־לעך. אַז מען איז אַריין צו אים אין שטיבל האָבן מיר פאַרנומען זיין קיך, דאָס פיר־הויז און אַ היפּשע מחנה איז נאָך געבליבן אין דרויסן, וואָס האָט ניט געקענט אַריין אינעווייניק. איך בין געווען איינער פון די דרויסן גע־בליבענע. איך האָב זיך בכלל ניט צו שטאַרק געשטופּט אין קריג. (איך בין

געווען פאַררעכנט פאַר אַ סטאַטעטשנעם בחור און דערצו האָב איך מורא געהאַט אַז מיינע ברידער און שוועסטער וועלן האָבן צער ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז איך בין געווען איינער פון די ערשטע אין דעם געטומל; אָבער מיין פריינט און חבר שלמהקע צינקין, אַליין אַ זון פון אַ רייכן טאַטן און זיידן, און שוין אַ יתום נאָךביידן, וואָס האָט געלעבט פון פּראָצענט, פון דעם געלט וואָס זיי האָבן אים איבערגעלאָזן און פון קאָרטן־שפּיל — אַ קליינער, אַ שטשופּלער, ער האָט אויפגעהויבן זיין קליינעם קולאַק אַנט־קעגן גרויסן גרשונס נאָז און ער, גרשון האָט זיך דערשראָקן זעענדיק די גרויסע מחנה וואָס שטייט אויף יענעם זייט שוועל אין פירהויז. ער האָט געגעבן זיין וואָרט אַז מהיום והלאה וועט ער זיך ניט פאַרטשעפּען מיט אַרבעטער און אינטעליגענטן.

און אַזוי זיינען מיר, די גאַנצע מחנה געגאַנגען צו די שלעגער־באַלע־באַטים און גענומען פון זיי אַ וואָרט, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועלן זיי זיין שטילע און אָרנטלעכע מענטשן און ניט קיין בויאַנעס.

זיי אַלע, די באַלעבאַטים, האָבן געהאַט אייגענע שיינע הייזער מיט גערט־נער. זיינען מיר אַריין צו איינעם אַ מענער־שניידער, אויף זשוכאָוויצער גאַס. איז אַ טייל האָבן פאַרבראַכט מיטן באַלעבאָס און די וואָס האָבן ניט געקענט אַריין אינעווייניק אין הויז האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבערן גאָרטן, צוטראָטן אַלע צייטיק־געוואָרענע אוגערקעס און אויסגעריסן די אַרבעס־סטרוטשקעס.

מען האָט אין שטאָט געערעדט אַ לאַנגע צייט דערפון אָבער שטילערהייט. מען האָט מורא געהאַט צו רעדן הויך און מען איז ניט געלאָפן צו נאַטשאַלסטוואָ פאַרמסרן די רעוואָלוציאָנערן.

# דער שול־הויף

דער שול־הויף איז געלעגן אויף דער מערב־זייט פון שטאָט.

דאָס איז געווען אַ היפּשער, ניט־ברוקירטער פּירקאָנטיקער שטח, אַרומ־געצוימט מיט אַ זיבן־אַכט בתי־מדרשים און אַזוי הייזער. די בתי־מדרשים זיינען געווען: די אַלטע הילצערנע שול, די העכסטע יידישע געביידע אין שטאָט, פון דרויסן און פון אינעווייניק געצאַצקעט און געפּוצט מיט אַלערליי געמעלעכצן, מיט אַ פינף־גאָרנדיקן אָרון קודש, אָנגעפּילט מיט צענדליקער ספרי תורות מיט זילבערנע כתרים, און סאַמעטענע מענטעלעך און זילבערנע ציצ׳ן און עץ־חיימס און זיידענע און ריפּסענע פּרוכתן, וואָס מען האָט יעדע וואָך געביטן, 52 מאָל אַ יאָר. דער ווייסער געמויערטער בית־מדרש מיט די דיקע ווענט און גרויסע, איינגעהאַקטע אַלמערס אין די ווענט, פאַרלייגט מיט גמרות און אַלטע מפרשים. די אַלטע ותיקין שטיבל, וואָס איז געווען צוגעבויט

צום בית־מדרש און מען איז געגאַנגען צו איר מיטן זעלבן פּאַליש וואָס צום בית־מדרש. אַ בעל־מלאכיש־שולכל מיט אַן אָפּגעפּאַרבטן אויף גרין גאַניקל, וואָס סטאַליאַרעס, באַלעבאַטים פון שולכל האָבן אַליין אָפּגעפּאַרבט. אַ תלמוד תורה בנין, וואו עס האָבן געלערנט אָרימע יינגלעך, יתומים, וועמעס זינגען בעתן מעביר זיין די סדרה פּרייטיק בייטאָג האָט פאַרקלונגען דעם גאַנצן שטח פון שול־הויף. עס זיינען געווען צוויי חסידישע שטיבלאַך — איינע אַ לעכע־וויטשער און די צווייטע אַ ליובאַוויטשער. אין דער לעכעוויטשער האָבן גע־דאַוונט די אָרימע חסידים, וואָס זיינען געפאָרן צום קוידענאָווער און סלאָנימער רבין; אין דער ליובאַוויטשער שטיבל האָבן געדאַוונט די גבירים פון שטאָט, אַלע חסידים און לומדים. (צו וואָס פאַר אַ רבין זיי זיינען געפאָרן האָב איך ניט געוואוסט). די איבעריקע איינוואוינער פון שול־הויף און פון די געסלעך אַרום זיינען געווען אָרימע באַלמעלאָכעס און מלמדים מכל המינים פון קיווע קוגעלע (זיין ווייב האָט געבאַקן קוגעלעך פאַר קינדער) אַ מלמד תינוקות ביז אלי הירשל דעם גמרא מלמד, וואָס האָט גענומען 25 און 30 רובל אַ זמן פון אַ יינגל.

אויפן שול־הויף הינטער דער גרויסער שול זיינען געשטאַנען די קייפלאַך, און אַנדערע פּאָזשאַרנע אינסטרומענטן און אַז עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע שרפה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויפן שול־הויף, זיינען די ערשטע פאַרברענט געוואָרן די לייטערס און די פעסלעך מיט וואָס מען פלעגט ברענגען וואַסער פון טייך אין אַ שרפה.

אויפן שול־הויף לעבן דער גרויסער שול איז געווען די יאַטקע און דאָס בלוט פון די געשאָכטענע בהמות און קעלבער האָט אַרויסגערונען אין דרויסן אויף אַ נידעריקן פּלאַץ. עס האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם וואַסער פון אויסגעגאָסענע פּאָמויניצעס און עס האָט זיך געמאַכט אַ גרויסע לוזשע וואו חזירים זיינען געלעגן און געוויַיקט זיך אַ גאַנצן זומער. דער געשטאַנק פון דער לוזשע אין די וואַרעמע זומער טעג האָט אַריינגעדרונגען דורך די אָפענע פענצטער אין חדר אַריין וואו איך האָב געלערנט.

ווען איך בין געווען אַ קליינער יינגל פון אַ יאָר 8־9 בין איך איינגעשטאַ־נען סטאַנציע אויפן שול־הויף. פלעג איך יעדן שבת אינדערפרי זיצן אויפן טיש, וואָס איז געשטאַנען לעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן אויף די רייכע ווייבער, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פון בית מדרש פון דאַוונען אין די טייערע פוטערס פון פוקס, און מאַרדער, מיט די גרויסע אָפּגעלייגטע קאָלנערס, זיי זיינען געגאַנגען פאַרוויַיז, אָדער זאַלבעדריט, פּאַמעלעך און גע־מיטלעך גערעדט צווישן זיך. דער סאַמעט און געוואַנט האָט אַראָפּגעשיינט פון זיי און די דימענטן פון די אויערינגלעך האָבן שימערירט אין דער ליכ־טיקער ווינטער־זון. די באַלעבאָסטע פון קוואַרטיר, אַן עלטערע יידענע, האָט פאַר מיר אָנגערופן דעם נאָמען פון יעדער פרוי באַזונדער.

אויפן שול־הויף אין ותיקין האָט מיינער אַ קרוב, אַ הויכער בחור זיך געשלאָגן פאַר מיר מיט מיינע חברים, חדר־יינגלעך, פאַר ניט דורכקומען זיך

מיט די גמרות, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון חדר צו לערנען צוזאַמען אין די נעכט פון נאָך חמישה עשר באָב.

און אין בית־מדרש אין די ווינטערדיקע שבת־פאַרנאַכטן, ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן און איך האָב געדאַרפט זאָגן קדיש, האָבן מיך אַרומגעשטויסן די שטאָטישע באַד־ייִנגלעך צווישן דער בימה און דער טיר און איך בין געשטאַנען אַ פאַרלאָרענער און אַ דערשראָקענער, ווי איינער וואָס איז אַריינגעפאַלן צום שונא אין פּלען און ניט געוואוסט ווי צו אַנטלויפן.

ווען איך האָב שוין געלערנט אין ישיבה, בין איך יעדן שבת אינדערפרי געקומען דאַוונען אין אַ מנין אויפן שול־הויף. געקומען בין איך כלומרשט דאַוונען, אָבער אינדעראמתן האָב איך זיך דאָרט געטראָפן מיט נאָך אַזעלכע ישיבה־בחורימלעך ווי איך אַליין און מיר האָבן זיך דאָרט געביטן מיט לשון־קודשדיקע ביכלעך צום לייענען.

ווען איך האָב אויפגעהערט גיין אין ישיבה, אויך לעבן שול־הויף, האָב איך געלערנט אין בית־מדרש און אין דער עלמערל פון שטענדער האָב איך אַריינגעטאָן מיין קאָפּ און דאָרט געשריבן מיינע לשון־קודשדיקע שירים.

אין אַ געסעלע, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין שול־הויף האָט געוואוינט די ע'רשטע שטאָטישע מיידל אין וועמען איך האָב זיך פאַרליבט. מיר זיינען ביידע געווען אַרום 16־17 יאָר אַלט. איר טאַטע־מאַמע זיינען געווען זייער פרומע, עלטערע מענטשן. איז אַלע שבת אינדערפרי, בעת אירע עלטערן זיינען געווען אין שול ביים דאַוונען, בין איך מיט מיין חבר, דעם ביאַליסטאָקער ישיבה־ייִנגל, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי זיי, אַריינגעגאַנגען צו איִם אין צימער און זי, דאָס מיידל, האָט אונדז געבראַכט ציקאָריע מיט באַבקע. און דעמאָלט טאָקע האָב איך זיך אין איר פאַרליבט.

ווען איך בין געקומען פון אַמעריקע און געמיינט, אַז איך בין אַן אַנאַרכיסט, בין איך איינמאָל געקומען צו אַ פאַרזאַמלונג אין אַ שטוב אויפן שול־הויף און דאָרט אויסגעלייגט מיין שיטה, אָבער די פירערשאַפט פון שטאָטישן בונד איז געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטיש און מיר האָבן זיך געקריגט.

אין מיין יוגנט פון זיבן ביז זיבעצן בין איך געווען פאַרבונדן מיטן שול־הויף. איך האָב זיך פאַרקנסט מיטן שול־הויף צו זיבן יאָר, ווען מיין טאַטע האָט מיר געבראַכט אין חדר צו יאָשע דעם פערעמאַלניק.

מיינע אַלע מלמדים האָבן געוואוינט אָדער געהאַלטן זייערע חדרים אויפן שול־הויף און כמעט אַלע מיינע סטאַנציעס זיינען געווען אויפן שול־הויף.

אין דעם געסעלע ביים שולהויף האָבן געוואוינט איינער פון די צוויי שוחטים פון שטאָט : צוויי בעקערס — אונדזערע מעלער ; איין גרויפּן־מאַכער, אַ באַקאַלעי־קרעמער, מרדכי־אהרן, אַ משכיל, וואָס האָט געלערנט דעם מורה־נבוכים און זיסל, דער שווערזנער, אויך אַ מעלער, וואָס האָט באַוואוינט אַ קליין דירהלע, וואו עס איז געשטאַנען אַ קליין ספרים־אַלמערל. ער האָט אָבער געהאַט אַלע נייסטע ביכער, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון וואַרשע פון

דעם „אחיאסף" פאַרלאַג. איך פלעג צו אים אָפט אַריינקומען לייען אַ בוך אָדער צוויי. דאָס גאַנצע געסל איז געווען פון אייגענע מענטשן.

אַזוי איז מיין גאַנצע יוגנט פון 7 ביז 17 פאַרגאַנגען אויפן שול־הויף.

## מיין משפחה

איך בין געווען דער יינגסטער אין מיין הויזגעזינד. דער עלטסטער איז געווען מיין ברודער הערצל. צווישן אונדז ביידן זיינען געווען פינף קינדער.

ער האָט חתונה געהאַט שוין אַן אַלטער בחור, פאַר יענער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד. ער האָט גענומען זייער אַ שיין מיידל פון אַ דאָרף אַ דריי מייל פון אונדז. נאָך דער חתונה האָט ער זיך באַזעצט ניט ווייט פון זיין ווייבס עלטערן, אין אַ פאַכט ביי אַ פריץ. נאָר ווען ער האָט שוין געהאַט דריי קינדער, האָט אים דער פריץ אַרויסגעוואָרפן פון פאַכט; און ער מיט זיין שיינער און צעפּיעשטשעטער ווייב און קינדער זיינען אַריבערגעפאָרן צו אונדז אין מיל.

אין יענעם יאָר האָט אויסגעבראָכן אַ דיזענטעריע־מגפה און אַלע דריי קינדער זיינען אומגעקומען אין איין וואָך. די שוועגערין איז פון דעם גרויסן אומגליק שיר ניט משוגע געוואָרן. אין גיכן האָט זי געבוירן נאָך אַ קינד, אַ יינגעלע; אָבער ער האָט ניט געלעבט מער ווי צוויי יאָר. אין אַ פאָר יאָר שפּעטער האָט זי ווידער געבוירן אַ קינד און דאָס קינד איז אויך געשטאָרבן. דערווייל איז מיין ברודער קראַנק געוואָרן אויף אַ פוס. מיר האָבן אים גענומען היילן ביי היימישע דאָקטוירים און עס האָט ניט געהאָלפן. האָט מען אים געשיקט קיין טשעכאָטשיניק, אַ קור־אָרט אין פוילן און ער איז געקומען פון דאָרטן נאָך מער קראַנק, ווי ווען ער איז אַוועקגעפאָרן. ער איז אַוועקגעפאָרן מיט אַ שטעקן אין האַנט און צוריק איז ער געקומען אָנגעשפּאַרט אויף צוויי קוליעס. מ'האָט אים אַריינגעלייגט אין בעט, וואו ער איז אָפּגעלעגן אַ פאָר יאָר. צום סוף האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין קעניגסבערג. פיר מענטשן האָבן אים אַריינגעטראָגן אין באַן אויף אַ ספּעציעל פאַר אים געמאַכטן שטול.

זיין קראַנקייט האָט אונדז בדיל הדל געשטעלט. מיר האָבן פאַרזעצט דעם טאַטנס פוטער און די בעטגעוואַנט פון שטוב.

ווען ער איז געקומען אין אַ האַלב יאָר אַרום פון קעניגסבערג אַהיים, איז ער מיט דער ווייב געבליבן זיצן ביי אונדז אין שטוב. די שוועגערין האָט ניט צוגעלאָזט אַריינצושטעלן אַ קאַמאָד פאַר מיין עלטסטער שוועסטער, אַ כלה, וואוהין צו קלייבן בעטציג פאַר איר חתונה. זי, די שוועגערין, האָט געטענהט: „וואו מען האָט ניט באַזאָרגט דאָס עלטסטע קינד, קאָן מען ניט

נעמען זאָרגן פאַר דעם ייִנגערן". אַזוי האָבן מײַנע שוועסטער געוואַרט מיטן חתונה האָבן.

די שוועגערין האָט שוין דערווײַל געבוירן נאָך אַ קינד, אַ ייִנגעלע און מיר האָבן צוגענומען אַן אַם פאַרן קינד.

דער שוועסטער האָט מען אָבער חתונה געמאַכט און אַרײַנגענומען דעם איידעם אויף דרײַ יאָר קעסט. און פאַר דעם ברודער האָבן מיר אויסגעבויט אַ באַזונדער שטיבל לעבן אונדזער שטוב. און ער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט תבואה פאַר זיך. אָבער קיין נחת האָבן מיר פון אים ווידער ניט געהאַט.

ער האָט זיך כסדר אַרומגעקריגט מיטן שוואָגער. ער האָט אויף דער גרעבליע לעבן אונדזער שטוב אַרויפגעשטעלט אַן אייגענע וואָג און די גויים, וואָס זײַנען געפאָרן צום מאַרק, ווען זיי האָבן געזען פון דער ווײַטנס שטייענדיק נאָך אַ וואָג אַחוץ דעם שוואָגערס (דער שוואָגער איז געווען דער ערשטער מיט זײַן וואָג לעבן דער נײַער מיל) זײַנען זיי געוואָרן ביי זיך שטיפער.

דער ברודער איז געבליבן וואוינען לעבן אונדז אויף זײַן גאַנץ לעבן. זײַן ווײַב האָט אים געבוירן נאָך צוויי קינדער, טעכטער, וואָס האָבן זיך אויס־געהאָדעוועט צוזאַמען מיטן עלטערן ייִנגל.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער מיט זײַן משפחה אַנטלאָפן קיין וואָלאָגדע. נאָך דער מלחמה איז ער געקומען צוריק אַהיים און געפאָרן צום פריץ בעטן ביי אים צוריק די מיל. ער האָט זיך אָבער אויפן וועג צוגעקילט און איז אינגיכן געשטאָרבן.

זײַן עלטערער זון איז אין מאָסקווע אַ באַרימטער דאָקטאָר.

## מײַן שוועסטער באַשקע

מײַן שוועסטער באַשקע, די צווייטע נאָכן ברודער, איז געווען ניט קיין צו שיינע מיידל, אָבער זייער אַ קלוגע און געהאַט אַ גוטן קאָפּ אויף זיך. זי האָט געקענט אָנשרײַבן אַ לשון־קודשדיקן בריוול און האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש מיט די פּריצים אַרום, צו וועמען זי איז געפאָרן קויפן וואַגאָנעס תבואה.

איר קאָפּ איז געווען פול מיט פּלענער און אײַנפאַלן.

ווען מײַן טאַטע איז געשטאָרבן אין זומער 1901, און די מחלוקה צווישן מײַן עלטסטן שוואָגער און מײַנע ברידער האָט זיך פאַרשטאַרקט, איז מיר אָנגעקומען עטליכע בריוו אַהער פון מײַן שוועסטער באַשקע, איך זאָל וואָס גיכער קומען אַהיים. עס וואַרט אויף מיר אַ גרויסע ירושה און זי וואָלט ניט געוואָלט, עס זאָל פאַרלאָרן גיין אין מײַן ברודער משה׳קעס האַנט.

איך האָב דעמאָלט געדאַרפט האָבן געלט. איך האָב פאַרן געלט געוואָלט קויפן אַן אייגענעם צײַטונגס־סטענד, אָנשטאָט צו אַרבעטן ביי יענעם פאַר צוויי דאָלער אַ וואָך.

האָב איך געפאָלגט און בין געפאָרן. איך בין געקומען אַהיים אין דע־צעמבער. ערשט די גאַנצע ירושה, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט אויף מײַן

חלק באַטראָפן 600 רובל. (מיין טאַטע האָט זיך ניט גערעכט, אַז איך וועל נאָך ווען עס איז קומען אַהיים, דערפאַר האָט ער מיר איבערגעלאָזן נאָר אַן אָנצוהערעניש אויף אַ ירושה).

אָפּזייענדיק אַ פּאָר וואָכן אין דער היים, בין איך קראַנק געוואָרן אויף לונגען אַנטציגדונג, און אַז מיר איז בעסער געוואָרן, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אָטוואָצק זיך צו דערהאָלן. און פון דער ירושה און פון מיינע פּלענער וועגן קויפן אין ניו יאָרק אַ צייטונג־סטענד, האָט זיך אויסגעלאָזן אַ טייך.

איך בין אָפּגעווען אין דער היים גאַנצע זעקס יאָר.

מיין שוועסטער האָט מיר געשריבן יענעם בריוו ווייל זי האָט געהאָפט, אַז ווען איך וועל קומען אַהיים וועל איך זיך שטעלן אויף איר צד אין דער מחלוקה. אָבער איך האָב זיך ניט אַריינגעמישט נאָר געשטאַנען ווי אַ פרעמדער פון דער ווייטנס. איך האָב דאָך מיין ירושה שוין געהאַט אויפ־געגעסן און ווען אַפילו איך וואָלט געטראַכט, אַז זי, מיין שוועסטער און איר מאַן, זיינען די גערעכטע, וואָלט איך אויך ניט געלאָזט הערן מיין קול, ווייל איך בין געזעסן אין מיין ברודערס שטוב און געגעסן ביי זיין טיש.

אין מיינע בריוו אַהיים, האָב איך דערציילט וועגן דער גרויסקייט פון ניו יאָרק, אין וועלכער צענדליקער מענטשן קומען אום אין איין טאָג פון שריפות, באַן־אומגליקן און טוענדיק זייער אַרבעט. איינמאָל, געדענק איך, שרייבנדיק אַ בריוו, איז געוואָרן אַן אָנגעלויף פון מענטשן אונטער מיין פענצטער. דאָס איז אַ פאַרבער אַרונטערגעפאַלן פון אַ רישטאָוואַניע אויפן זעקסטן שטאָק. איך האָב אַריינגעשריבן דעם פאַל אין מיין בריוו.

דאָס האָב איך געוואָלט דערציילן וועגן דעם געלאָף פון טויט נאָכן לעבן. אָבער זיי, מיינע ברידער און שוועסטער, האָט זיך דאָס האַרץ אָפּגע־ריסן, טראַכטנדיק, אַז דאָס לעבן פון זייער ברודער שטייט אין געפאַר. אפשר דערפאַר האָט מיין שוועסטער געשריבן איך זאָל גלייך קומען אַהיים, אויסטראַכטנדיק די גרויסע ירושה.

## מיין שוועסטער איידליע

זי איז געווען אַ שיין מיידל און באַליבט ביי אַלעמען. זי האָט געהאָלפן פירן די מיל, פלעגט פאָרן יעדע וואָך אין שטאָט אויסצוצאָלן דעם פּראָצענט צו די בעלי־חובות. אַפילו די וואָכערניצע, פאַטיע, די גראָבע, אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז זי טראָגט אַ זילבערנע שיסל אויפצוהאַלטן איר בויך, איז ווען די שוועסטער פלעגט קומען ברענגען דעם וואָכער, האָט זי איר מיט צערטלעכקייט אָנגערופן „סטישע״, אַ צונאָמען וואָס מען גיט געראָטענע מיידלעך.

זי האָט חתונה געהאַט מיט אונדזער שכן, חיים גדליהס אַ זון און זיי האָבן זיך באַזעצט אין דער מיר און געעפנט אַ שפּייז־קרעמל. נאָר דאָס קרעמל האָט ווייניק אַריינגעבראַכט און דער שוואָגער אי אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, צו זיין טאַטנס אַ ברודער, וואָס איז דאָרט געוואָרן זייער רייך.

מיין שוועסטער מיט די קינדער האָבן זיך אַריבערגעקליבן צו אונדז אין מיל און האָט אָנגעהויבן באַקומען בריוו מיט געלט פון איר מאַן אין אַמע־ריקע. אַזוי זיינען אַריבער אַ דריי־פיר יאָר.

דער מאַן האָט אָנגעהויבן פאָדערן, אַז זי מיט די קינדער זאָלן קומען צו אים קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך איינגעאָרדנט; אָבער זי האָט זיך געשראָקן פאַרן וואָרט „אַמעריקע". האָט זי אים צוריקגעשריבן, אַז ער זאָל בעסער קומען אַהיים און זיין מיט דער משפחה.

דער מאַן האָט נאָכגעגעבן און איז געקומען אַהיים; אָבער ער האָט דאָ אין דעם קליינעם שטעטל ניט געהאַט וואָס צו טאָן און געמוזט צוריקפאָרן קיין אַמעריקע.

דערווייל האָט אין זומער 1901, מיין שוועסטער ריינע חתונה געהאַט מיט נחמן'ען, דעם פאַכטער. מען האָט געפּראַוועט אַ גרויסע חתונה; איינגעלאַדן אַ סך געסט. דאָס איז געווען אין אַ הייסן זומער־טאָג. טישן און בענק זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין דרויסן, לעבן הויז צו דער חתונה־וועטשערע.

פּלוצלונג האָט זיך דער הימל געעפנט און עס האָט אַ גאָס געטאָן אַ שטאַרקער רעגן. די ווייטערע מחותנים און געסט האָבן איבערגעלאָזן די טישן און זיינען אַנטלאָפן אין שטוב. די גאָר נאָענטע מענטשן, צווישן זיי אויך איידליע, האָבן גענומען ראַמען פון די טישן.

מען איז נאָכאַנאַנד געלאָפן פון דרויסן אין שטוב אַריין און פון שטוב צו די טישן — הין און צוריק — און דער רעגן האָט נאָכאַנאַנד געגאָסן און געגאָסן.

האָט זיך מיין שוועסטער איידליע צוגעקילט און אויף מאָרגן אָנגעהויבן הוסטן. זי איז קראַנק געוואָרן אויף די לונגען. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין סלאַוואוטע, אַ שטעטל אין פּוילן, וואָס האָט געהאַט אַן אַלטן סאָסנאָוון וואַלד, וואוהין טובערקולאָז־קראַנקע זיינען געפאָרן. זי איז דאָרט אָפּגעווען אַ גאַנצן זומער, אָבער ניט בעסער געוואָרן.

קראַנקערהייט איז זי מיט די קינדער אַוועקגעפאָרן צו איר מאַן קיין אַמעריקע. זיי זיינען געפאָרן מיטן ערשטן קלאַס (אַ זעלטנהייט פאַר עמיגראַנטן פון אונדזער שטאַנד), כדי אויסצומיידן דעם עקזאַמען פון די דאָקטוירים.

דאָ האָט זי נאָך געלעבט אַ פיר יאָר און אין חודש מאַי, 1910, איז זי געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק דעם מאַן מיט דריי קינדער, אַ טאָכטער און צוויי זין.

זי איז געווען זייער איבערגעגעבן צו מיר און ווען עס איז מיר ענג געוואָרן אין דער שטוב און אויף דער גאַס וואו איך האָב געוואוינט, האָט זי מיך אַריינגענומען צו זיך. אַזוי אין דער היים זינט איך בין אַלט געוואָרן 15־16 יאָר, און אַזוי אויך דאָ אין אַמעריקע, ביז דעם לעצטן טאָג פון איר לעבן.

## מיין שוועסטער הינדע

מיין שוועסטער הינדע איז געווען אַ געוויינטלעך מיידל, זיך ניט אויס־געצייכנט ניט מיט צופיל שיינקייט און ניט מיט חכמה. זי איז אָבער געווען

אַ געטרייע און איבערגעגעבענע צו דער משפּחה און אַ גוטע באַלעבאָסטע. איר האַנט־אַרבעט האָט געהאַט אַ שם.

זי האָט חתונה געהאַט מיט איינעם פון דער באַרימטער משפּחה האַרקאַווי און געוואוינט אין דעם שטעטל גאַראַדייע.

מיידלוויז האָט זי זיך אָפט געקריגט מיט מיין יינגערער שוועסטער ריינע, וואָס איז געווען שנעלער צו ענטפערן מיט אַ וואָרט. זיי פלעגן אָפט זיין ברוגז וואָכן לאַנג. אָבער ווען זיי זיינען שויןביידע געווען חתונה־געהאַטע און ריינע, די יינגערע שוועסטער איז קראַנק געוואָרן אויף אַ קרענק פון וועלכער זי איז ניט אַרויסגעקומען, האָט הינדע אַרויסגעוויזן צו איר אָן אַ שיעור איבערגעגעבנקייט. און ווען ריינע איז געשטאָרבן, איז זי, הינדע, אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און די קאַמערן און האָט אין פאַרצווייפלונג וואָכנלאַנג גערופן: „ריינע, וואו ביסטו? פאַרוואָס רופסטו זיך ניט אָפּ?"

אירע לעצטע יאָרן זיינען געווען טראַגישע.

זי איז געווען פאַרמעגלעך אָבער קיין קינדער האָט זי ניט געהאַט. האָט זי גענומען אַ קליין יינגעלע ביים ברודער משה׳קע, וואָס האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער און אים אַדאָפּטירט. זיי, מיין שוועסטער און איר מאַן, האָבן אים איבערגעשריבן אויף זייער נאָמען. זיי האָבן אים פריער געהאַלטן אין אַ וואַרשעווער גימנאַזיע און ווען ער האָט אַלס ייד, ניט געקענט אָנקומען אין אוניווערסיטעט, אים אַוועקגעשיקט קיין בעלגיע שטודירן מעדיצין.

דער פּלימעניק האָט דאָרט זיך געטראָפן מיט אַ סטודענטין פון זיין שטעטל און זיי האָבן חתונה געהאַט. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דאָקטאָר, האָט אים די בעלגישע רעגירונג אַוועקגעשיקט, לויט אַ פריערדיקן אָפּמאַך, אין דער בעלגישער קאָנגאָ, צו אַרבעטן פאַר דער רעגירונג 3 יאָר. דערמיט האָט ער באַצאָלט זיין שכר־לימוד. די געגנט איז געווען אַ פּרימיטיווע, קיין וועגן מיט וועלכע צו פאָרן זיינען דאָרט נישט געווען. צוועלף מענטשן פלעגן אים טראָגן אויף נאָסילקעס פון איין דערפל צו אַ צווייטן. דאָרט האָט ער זיך אָנגענומען מיט אַן אָרטיקער קראַנקייט פון וועלכער ער איז געשטאָרבן. די ווייב און די קינדער, צוויי מיידעלעך, זיינען צוריקגעפאָרן קיין בריסעל און דאָרטן געלעבט אויף אַ סטיפּענדיע פון דער בעלגישער רעגירונג.

ווען די נאַציס זיינען אַריין קיין בריסעל האָבן זיי איר פאַרנומען און געטויט צוזאַמען מיט די קינדער.

מיין שוועסטערס מאַן, מיין שוואָגער יקותיאל, איז געוואָרן גייסטיק קראַנק אַ פיר־פינף יאָר פאַר זיין טויט און זי האָט געלעבט אין עלנטקייט ביז די נאַציס זיינען געקומען און האָבן זי אומגעבראַכט.

## ר י י נ ע

און צו לעצט די מיזינקע צווישן די טעכטער — ריינע. די גראַטנסטע און די אַנגעליטנסטע פון אַלע קינדער.

די מאַמע פלעגט דערציילן אַ וויץ וועגן איר שיינקייט אַלס קינד. אַז זי, ריינע, איז אַלט געווען אַ יאָר זיבן־אַכט, איז די מאַמע געפאָרן אָנקוקן אַ כלה פאַר מיין עלטערן ברודער הערצל. האָט זי מיטגענומען ריינען אויפן וואָגן.

אַז די מחותנסטע האָט זי דערזען, האָט זי זיך אָפּגערופן צו מיין מאַמען: „אויב דער זאַך איז אַזוי שיין ווי די „פּראָבקע", בין איך גרייט צו פאַרקנסן מיין טאָכטער פאַר אייער זון".

די שוועסטער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ פינף יאָר. און האָט זיך באַצויגן צו מיר ווי אַ מאַמע צו איר קינד. ווען איך בין אַלט געווען זיבן יאָר און בין אַוועקגעפאָרן לערנען אין שטאָט, איז מיין שוועסטער מיט מיר מיטגעפאָרן און געזעסן מיט מיר אין דער אָרימער און שמוציקער דירה פון מיין רבין. מיר זיינען ביידע געשלאָפן אין איין בעט.

ווען איך בין צו פערצן יאָר קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען, איז זי גע־קומען זיצן מיט מיר די גאַנצע צייט פון מיין קראַנקייט.

איך שעם זיך ניט צו דערציילן, אַז ווען מיר זיינען שוין געווען דער־וואַקסענע קינדער — איך אַרום פערצן און זי אַרום ניינצן יאָר — פלעגן מיר זיך קנייפּן איינע די אַנדערע.

איך געדענק איין פאַל פון אַ סך. מיר זיינען געשטאַנען אין אַן אָפענער קאַמער. אויף דער צווייטער זייט שוועל איז געשטאַנען די מאַמע מיטן גרויסן קרבן מנחה אויף די הענט.

האָט זי, מיין שוועסטער, פּלוצלונג אַ קניפּ געטאָן מיר אין אָרעם. איך האָב אַ געשריי געטאָן און געלאָפן מסרן דער מאַמען און באַלד צוריק אַריינגע־לאָפן אין קאַמער און געגעבן דער שוועסטער אַ קניפּ אין זעלביקן אָרט, אין אָרעם. און דאָס מאָל איז שוין מיין שוועסטער געלאָפן פאַרמסרן מיך פאַר דער מאַמען. אַזוי האָבן מיר זיך אַ היבשע ווײלע אָפּגעקניפּן איינער דעם צווייטן.

פאַרוואָס מיר האָבן זיך געקניפּן, ווייס איך נישט. מיר האָבן זיך פריער ניט געקריגט. אפשר איז דאָס געווען אַזאַ אומבאַוואוסטזיניקע עראָטישע שפּיל צווישן אונדז.

זי איז געווען אַ שיינע און אַ קלוגע. געווען שאַרף אויפן צונג און געקענט אָפּענטפערן יעדן איינעם אויף דער מינוט.

אַ שטאָטישער יונגערמאַן, אַ וואַלד־סוחר איז געפאָרן פאַרביי אונדזער שטוב אַהיים אויף שבת. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין געווען צו שפּעט צו דער־גרייכן די שטאָט, איז ער פאַרבליבן אויף שבת ביי אונדז אין הויז. אויף מאָרגן, שבת נאָך שלוש סעודות האָט זיך דער גאַנצער ישוב אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר. מיטאַמאָל האָבן מיר דערהערט אַ הילכיקן פּליאַסק. דאָס האָט מיין שוועסטער דערלאַנגט דעם גאַסט פאַר זאָגן איר ניט קיין צו אָנשטענדיקן קאָמפּלימענט, ווי עס פּירט זיך, ווען יונגעלייט שפּאַצירן מיט מיידלעך.

און נאָך אַ פֿאַל, וואָס איז שוין געווען ניט אַזוי „טראַגיש", ווי קאָמיש. מיין שוועסטער איז געשטאַנען אין פירהויז און מיט אַ גרויסער קופּערנער קענדל אָנגעגאָסן אין אַ טאָפּ וואַסער פון צובער.

איז מיטאַמאָל אָנגעפאָרן אַ שטאָטישער אַדוואָקאַטל און פאַרבייגייענדיק מיין שוועסטער איר אַ גלעט געטאָן איבערן פּנים. האָט זי אים מיט דער פולער קענדל וואַסער אין האַנט אַ גאָס געטאָן איבער זיין פּנים. ער איז אַריין אין שטוב אינגאַנצן אָן אָפּגעגאָסענער.

אַז זי איז געוואָרן עלטער האָט זי געפירט אַ ליבע מיטן נחמנען, דעם יחסנדיקן און פאַרמעגלעכן פּאַכטער. זיי האָבן אָבער ניט געקאָנט חתונה האָבן צוליב עטלעכע סיבות.

די ערשטע סיבה איז געווען וואָס מיר האָבן געקומט געלט דעם בחור און ער האָט געוואָלט ניט אַנדערש, אַז מ׳זאָל אים אָפּצאָלן דעם חוב אָפּריער (דער סוף איז געווען, אַז ער האָט צוגעטראָגן נאָך אַ פּאָר טויזנט רובל און געוואָרן אַ שותף אין מיל).

אַ צווייטע סיבה איז געווען, וואָס זיין מאַמע איז געווען אַ פּינסקער דיינס אַ טאָכטער. איז איר ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך. זי האָט געוואָלט פאַר איר זון אַ בת הרב אָדער אַ רייכע כלה. די חתן־כלה צייט האָט זיך געצויגן אַ היבשע צאָל יאָרן. ביז מיין טאַטע איז געשטאָרבן און ער, נחמן האָט שוין ניט געקענט מער אָפּלעגן די חתונה.

אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך זייער חתונה, אין 1901, בין איך געקומען אַהיים פון אַמעריקע, און אין אַ פּאָר חדשים נאָך מיין קומען איז מיין שוועסטער קראַנק געוואָרן אויף אַ געפּלאַצטער גראָבער קישקע. (אַפּענדיקס) זי איז אָפּגעלעגן צען וואָכן אין בעט און געשטאָרבן.

מיר זיינען אַלע — איר מאַן, מיין ברודער, מיין שוועסטער הינדע און איך, — געזעסן די גאַנצע צייט ביי איר בעט. דעמאָלט בין איך, טראָגנדיק פאַר דער קראַנקער אַ זאַק אייז אויף דער פּלייצע פון אַ ווייטן קעלער, קראַנק געוואָרן אויף לונגען־אַנטצינדונג און פאַרקרענקט מיין מאָגערע ירושה און ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן צוריק קיין אַמעריקע.

## מיין ברודער משה׳קע

מיין ברודער משה׳קע איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ זיבן־אַכט יאָר. ווען ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, בין איך נאָך געווען אַ דרייצן יאָריקער ייִנגל. זיינען צווישן אונדז ניט געווען קיין אָפּענע, גלייך־יאָריקע באַציאונגען און מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן ווי צוויי פרעמדע וואָס וואוינען אין איין שטוב. מיר האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, אפשר אַ פּאָר ווערטער דורכן טאָג.

ער איז געווען אַ פּעאיקער געשעפטסמאַן; נאָר איך וועל דאָ ניט דערציילן וועגן זיינע געשעפט־פירונגען, עס איז אַ צו־טרוקענער ענין.

נאָר ווען ניט ווען, האָט ער מיך מיטגענומען מיט זיך, ווען ער איז גע־גאַנגען צווישן מענטשן און איך ווייס נאָך ביז היינט ניט — צי איז עס געווען אַן אָנערקענונג, אַז ער האָט אַ יינגערן אונטערוואַקסנדיקן ברודער, אָבער זיכערער און שטאָלצער איז ער געוויס געווען, ווען איך בין מיטגעגאַנגען מיט אים.

ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו בכבודיקע מענטשן.

געוווינט לעבן אונדז אַ ייד, אַ פּאָסעסאָר, וואָס האָט געפירט אַ רייך הויז. זיין נאָמען איז געווען ש. ל. ראַזאָווסקי, פון די נאַליבאָקער ראַזאָווסקיס, אַן אָנגעזעענע פאַמיליע אין ווייס־רוסלאַנד. ראַזאָווסקי איז געווען אַ חסיד, אָבער זיך געפירט גאַווהדיק. ער האָט געוואוינט אַ דריי וויאָרסט פון אונדז, מיר האָבן זיך אָבער ניט געחברט ווי גלייכע שכנים, נאָר ווי אַ רייכער מיט אַן אָרימען, (כאָטש קיין אמת רייכער איז ער ניט געווען און מיר זיינען ניט געווען קיין אמתע אָרימעלייט). ער האָט געוואוינט אין פּאַלאַץ פון פּוילישן פּריץ, וואָס איז געזעסן אין פּאַריז, איז געפאָרן אין דער קאַרעטע מיט די צוויי שיינע, ווייסע פערד. אָבער אַז ער איז געוואָרן פאַרענגט אין חובות, האָט ער אַרונטער־געבראַכט אויף אַ שבת אַן אַלטן יידן, אַ טשעסלער פון טורעץ, אַ שטעטל לעבן אונדז, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ ניט כשרער מלאכה. יענער האָט שבת־צו־נאַכטס אונטערגעצונדן די אָבאָרע און דער פּאָסעסאָר האָט אָפּגענומען די סטראַכאָווקע. אמת, דער פּאָסעסאָר האָט דערנאָך געדאַרפט אַנטלויפן פון זיין הויף אויף אַ ביסל צייט, כדי צו פאַרשטילן די רייד, וואָס זיינען אָנגע־גאַנגען וועגן דער שרפה. (אגב פלעגט יענער ייד — דער אונטערצינדער — זאָגן אויף זיך, אַז ער איז אַ יחסן, ער האָט דריי ברידער רבנים, אָבער די ברידער זיינע האָבן אַ פלעק אין דער משפחה ווייל זיי האָבן אַ ברודער אַ טשעסלער און אַן אונ...).

אַז דער פּאָסעסאָר איז געפאָרן איינמאָל אין אַ יאָר מיטן גאָסטשיניעץ פאַרביי אונדזער הויז קיין דער מיר, איז ער ניט אַראָפּגעגאַנגען צו אונדז, ווי אַנדערע דערבייאיקע שכנים. מיין ברודער אָבער האָט געזוכט זיין פריינטשאַפט און איז געגאַנגען צו אים אין הויז:

איך וויל דאָ דערציילן אַ פּאָר אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וואָס מיין ברודער האָט איבערגעלעבט אין פאַרבינדונג מיט דעם הויז:

מיר האָבן געהערט, אַז צו דעם פּאָסעסאָר איז געקומען פון זיין געבורט־שטעטל נאַליבאָק, זיינע אַ שטיף־שוועסטער צו גאַסט. דאָס איז געווען אין סוף זומער. איינמאָל אַ שבת נאָכמיטאָג, האָט זיך מיין ברודער אויסגעפּוצט, געשטאַנען אַ לאַנגע צייט ביים שפּיגל און אויסגעזוכט אויסנווייניק פאַר זיך די „החמלה" ביים אויסבינדן דעם שניפּס. דערנאָך האָט ער מיך מיטגענומען, פון היימלעכקייט־וועגן, און מיר זיינען ביידע אַוועק קיין קליין־זשוכאָוויץ אין הויף צום פּאָסעסאָר ראַזאָווסקי.

מיר זיינען געגאַנגען ניט מיטן דרך המלך, דעם זאַמדיקן גאָסטשיניעץ, נאָר מיט דער „בלאָטע", אַזוי האָט מען גערופן די פּאַשע, וואו די דאָרפישע

פערד און בהמות האָבן זיך געפיטערט. דאָס איז געווען אַ קירצערער וועג, אָפּגייענדיק מער ווי העלפט וועג, איז אונדז אויסגעקומען איבערצושפּרייזן אַ זומפּיקן וואַסערל, וואו עס זיינען געלעגן אַ צוויי־דריי שטיינדלעך, אָנצושפּאַרן זיך אויף זיי מיטן טראַט. אָבער ווען מיין ברודער האָט אַרויפגעטראָטן אויפן ערשטן שטיינדל, האָט זיך דער שטיין אַ גליטש געטאָן פון אונטער זיין טראָט און דעם ברודערס פוס איז אַריינגעפאַלן טיף אין דעם זומפּ און זיך פאַרשמירט אַ האַלבע קאַלאָשע פון די הויזן. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס רייבן און וואַשן. די קאַלאָשע איז געבליבן פאַרבלאָטיקט און האַרט. איז אומקערן זיך אַהיים האָט דאָס האַרץ ניט געלאָזן און ווייזן זיך פאַר דעם נייעם גאַסט אין אַזאַ הילוך האָט מען אויך ניט געקאָנט. איז נאָך אַ לאַנגן טראַכטן געבליבן ביי אונדז, מיר וועלן אַריין אין סאַד, וואָס ליגט ביים פּאַלאַץ, קויפן עפּל און באַרן ביים יידישן סאַדאָווניק און זיצן דאָרט ביז די קאַלאָשע וועט זיך אָפּטריקענען און דערווייל זיין נאָענט פון דעם הויז. דורך די שטאַקעטן פון סאַד האָבן מיר געזען דעם גלעזערנעם באַלקאָן פון פּאַלאַץ, וואו די גאַנצע משפחה איז געזעסן מיט דעם גאַסט אין דער מיט און זי, דער גאַסט, האָט געזונגען אליקום צונזערס ליד אויף דעם טויט פון לעוואַנדע„, און זיי האָבן ניט געוואוסט אַז דערביי, איבערן פלאַנקען זיצט אַ יונגערמאַן, וועמענס האַרץ גייט אויס צו זיצן מיט זיי אין איינעם און ער קען עס ניט דערווייזן צוליב אַ קליינעם שטיינדל, וואָס האָט זיך איבערגעקערט אונטער זיין טראָט.

## אַ צווייטער פאַל

איינמאָל אין אַ שפּעטן, זומערדיקן אָוונט, האָט פּלוצלונג אַ גאָס־געטאָן אַ שטאַרקער, שטורעמדיקער רעגן. עס עפנט זיך די טיר און עס פאַלן אַריין אַן אַלטער באַלעגאָלע מיט אַ יונגער פּאַסאַזשירקע, אַ הויכע, שיינע מיידל. מ׳האָט זיי אַביסל אויסגעטאָן, אָוועקגעזעצט ביים טיש און גענומען אויספרעגן ווער זיי זיינען און וואוהין זיי פאָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי פאָרן צום פּאָ־סעסאָר. זי, דאָס מיידל, פאָרט מיטן באַלעגאָלע פון נאַליבאָק קיין קליין־זשו־כאָוויץ.

אַז מיין ברודער האָט דערהערט, אַז דאָס מיידל פאָרט פון נאַליבאָק, האָט ער אַנדערש ניט געטראַכט, נאָר אַז זי איז אַ צווייטע שטיף־שוועסטער דעם פּאָסעסאָרס און פאָרט צו אים צו גאַסט. האָט ער זיך ערשט גענומען אַרומפּאַדיען אַרום איר. מיר האָבן זי שיין אויפגענומען און אַז דער רעגן האָט אויפגעהערט איז זי אָוועקגעפאָרן.

אַ גאַנצע וואָך איז מיין ברודער אַרומגעגאַנגען אַן אויפגעלויכטענער און אַ צופרידענער, וואָס ער וועט אין גיכן נאָכאַמאָל טרעפן דאָס מיידל ביי איר ברודער אין שטוב ווי אַן אַלטע באַקאַנטע.

ערשט אין אַ וואָך אַרום, מיין ברודער קומט אין הויף, גייט דורך דער קיך צום עס־צימער און דערזעט דאָס מיידל שטיין ביים אויוון און קאָכן

וועטשערע. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן זיין לאַגע. זאָל ער זיך אָפּשטעלן און געבן איר די האַנט, ווי צו אַ באַקאַנטער, וועמען ער האָט אַזוי פריינטלעך אויפ־גענומען ביי זיך אין שטוב — איז זי דאָך אָבער דאָ אַ דינסטמיידל, ווי קען מען געבן אַ דינסטמיידל די האַנט, ווען זי שטייט ביים אויוון און קאָכט און דאָ זיינען די טירן ברייט אָפן צו דער סטאָלאָווע, וואו די גאַנצע פּאָסעסאָר־משפּחה זיצט ביים טיש? און ווידער ניט געבן די האַנט — הייסט עס, דו באַ־ליידיקסט אַ מענטשן וועמען דו ביסט געווען אַזוי נייגעריק צו באַפריינדן זיך מיט אים.

## אַ דריטער פאַל

שוין ניט מיט די ראָזאָווסקיס, נאָר מיט די באַציאונגען אונדזערע ביי זיך אינדערהיים:

עס איז געווען אַ ווענטל ביי אונדז אין דער „צווייטער שטוב״, וואָס האָט אָפּגעצאַמט צוויי קאָמערן. דאָס ווענטל איז געווען צום מזרח־זייט פון שטוב, וואו מען איז געשטאַנען מיטן פּנים שמונה־עשרה. אין דעם ווענטל זיינען געווען אַריינגעשלאָגן עטלעכע טשוועקעס און עס פלעגט כמעט אַלעמאָל הענגען אויף זיי אַ רעקל, אַ פּאָר הויזן, וואָס מ׳האָט ניט לאַנג צוריק אויסגעטאָן פון זיך און נאָך ניט אוספּייעט אַריינצוהענגען אין דעם גרויסן אַלמער. איז איינמאָל אַ פרייטיק־צונאַכט, שטיי איך און מיין ברודער איינער לעבן דעם אַגדערן ביים ווענטל שמונה־עשרה און אויפן וואַנט אַנטקעגן אונדז הענגען מיינע אַ פּאָר הויזן, וואָס איך האָב ניט לאַנג אויסגעטאָן. נעמט דער ברודער און טוט אַריין זיין האַנט אין דער הויזן־קעשענע און נעמט פון דאָרטן אַרויס אַ שטיקל פאַרשריבן פּאַפּיר (אַ פרעמדע קעשענע איז געווען אַ רשות־הרבים) מיט אַ לשון־קודשדיקן שיר. דאָס איז געווען ניט קיין תפילה צו גאָט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן 18 יאָריקן יינגל, וואָס איז פול מיט ספיקות, ניט קיין שיר צו ציון, ווי אַלע לשון־קודשדיקע משוררים האָבן געשריבן, נאָר אַ זנות־לידל, מיט וואָס מיינע געדאַנקען זיינען דעמאָלט פול געווען. דער ברודער האָט דעם שיר איבערגעלייענט שטייענדיק שמונה־עשרה. ער האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט, ער האָט צוריק דאָס פּאַפּירל צונויפגעלייגט און אַריינגעלייגט אין דער זעלביקער קעשענע פון וועלכער ער האָט דאָס אַרויסגענומען.

ווען עס וואָלט זיך דאַמאָלט געעפנט אַ גרוב אונטער מיר, וואָלט איך מיט פאַרגעניגן אַריינגעשפּרונגען.

ער האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט, ווי איך וואָלט גאָרנישט געווען דער־ביי. ער האָט מיט מיר אויך קיינמאָל ניט גערעדט וועגן דעם לידל.

## מיין עלטסטער שוואָגער

מיין עלטסטער שוואָגער, יאָשע וועלוול, ווען ער האָט נאָך געגעסן די צוגעזאָגטע דריי יאָר קעסט, האָט אָנגעהויבן טאָן געשעפטן פאַר זיך אַליין.

ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואָג בײַם טיר פֿון נײַעם מיל און יעדן מאָנטיק אינדערפֿרי, ווען די גויים פֿון אונדזער דאָרף און פֿון די אַרומיקע דערפֿער זײַנען געפֿאָרן אין שטאָט צום מאַרק מיט אַ זעקל ווייץ אָדער קאָרן צו פֿאַרקויפֿן, איז ווען זיי האָבן געזען אַ וואָג וואַרטנדיק אויף זיי, האָבן זיי פֿאַרקערעוועט אויף דער זײַט און פֿאַרקויפֿט זייער פֿאַרמעגן צום שוואָגער. זאָגן אַז ער האָט מיט זיי געהאַנדלט אײַנגאַנצן אָרנטלעך וועל איך ניט. ער האָט געטאָן ווי אַלע יידן אין אונדזער געגנט. ער האָט מיטן פֿוס אונטערגע־האָלפֿן דעם זאַק אויפֿצוהייבן זיך אין דער הויך און געוואונען דערבײַ היפּשע עטלעכע פֿונט אויפֿן זעקל. ניט נאָר ער אַליין אָדער די ווייב האָבן דאָס גע־קענט, נאָר ער האָט נאָך אויסגעלערנט אַ דאָרפֿישן קלוגן גוי, וולאַדימיר גרוש־קאַ, אים צו העלפֿן.

אַז עס האָבן זיך געענדיקט די דרײַ יאָר קעסט איז מײַן שוואָגער אַרויס אין אַן אייגענער דירה, וואָס ער האָט אויסגעבויט אַנטקעגן אונדזער שטוב און אָנגעהויבן האַנדלען גרויס. ער האָט געקויפֿט בײַ פּריצים גאַנצע וואַגאָנעס ווייץ און קאָרן. ער האָט זיך גענומען שנײַדן אויף אַ גביר.

ער איז געווען אַ האָראָפּאַשנער מענטש. בײַטאָג איז ער געשטאַנען אין מיל, אויסגעוואויגן זעקלעך מעל צו פֿינף פּוד אין אַ זעקל, פֿאַרריכט די אַלטע זעק און אַוועקגעשטעלט זײַן שטעמפּל אויף די נײַע. און אין אָוונט, האָט ער אָדער זײַן ווייב, מײַן עלטסטע שוועסטער, זיך אַרויפֿגעזעצט אויף אַן אָנגעלאָ־דענעם וואָגן מעל, פֿינף זעקלעך אויף אַ וואָגן, דאָס הייסט, פֿינף־און־צוואַנציק פּוד, און אַוועקגעפֿאָרן אויף אַ גאַנצער נאַכט אין אַ נאָענטער אָדער ווייטער שטעטל אָפּצוזעצן די סחורה און מאַכן באַשטעלונגען אויף נאָך.

ער האָט זיך ניט פֿאַרגונען צו פֿאָרן אויף אַ גרינגן וואָגן אָדער שליטן.

איך האָב געזאָגט, אַז מײַן שוואָגער „האָט זיך געשניטן אויף אַ גביר", אָבער ווי איך פֿאַרשטיי דאָס הײַנט, האָט ער זיך געשניטן ניט סתּם אויף אַ גביר, נאָר אויף אַ קאַפּיטאַליסט.

ער האָט געברויכט הײַנט־וועלטיקע מעטאָדן אין זײַנע געשעפֿטן. ער האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם מיל מיט אַרבעט. זײַנע זעק קאָרן און ווייץ האָבן באַ־לאַגערט דעם גאַנצן אונטערשטן גאָרן. פֿאַר פּרעמדע מעלער איז געווען שווער צוצוקומען, איבערהויפּט אין די ערב שבתים און יום־טובים. זיי פֿלעגן פֿאַר־שפּעטיקן צו ברענגען זייער מעל אין שטאָט צו זייערע קונדן. זײַנען די מעלער אַוועק ביסלעכווײַז אין אַנדערע מילן. און אַז מײַן שוואָגער איז געבליבן דער איינציקער פּרנסה־געבער, האָט ער אונדז אָנגעהויבן שטעלן זײַנע באַדינ־גונגען פֿאַר פּיטליעווען. ער האָט פֿריער אַראָפּגענומען איין קאָפּיקע פֿון די זיבן, וואָס ער האָט געצאָלט פֿאַר אַ פּוד און דערנאָך נאָך איינע. אונדזער פּרנסה איז דורכדעם שטאַרק אײַנגעפֿאַלן.

אַזוי האָט זיך געפֿירט בײַ אונדז היפּשע עטלעכע יאָר, ביז מײַן טאַטע איז געשטאָרבן. נאָך מײַן טאַטנס טויט, האָט מײַן ייִנגערע שוועסטער חתונה געהאַט פֿאַר דעם יונגן, פֿאַרמעגלעכן שכן אונדזערן, וואָס האָט געהאַלטן צוויי

פּאַכטן, איינעם ביי אונדז אין „הויף" פון הונדערט און פופציק בהמות און אַ צווייטן אין אַן אַנדער „הויף", אַ וואַסערע זעקס וויאָרסט פון אונדז, פון צוויי הונדערט בהמות.

דער נייער שוואָגער, נחמן, האָט צוגעטראָגן געלט און געוואָרן אַ שותּף אין אונדזער מיל, כדי צו פאַרבעסערן דעם געפאַלענעם מצב פון געשעפט. מיר האָבן אָנגעהויבן אַליין איינקויפן תבואות פון די פּריצים און פּיטליעווען עס און פאַרקויפן די מעל טאַקע צו די זעלביקע מעלער צו וועלכע דער שוואָגער יאָשע וועלוול האָט פאַרקויפט. עס איז געוואָרן אַ ביטערע קאָנקורענץ.

אין מיל איז צוגעקומען אַ נייער קונד — מיר אַליין. עס האָט אויסגע־בראָכן אַן אָפענע מחלוקה אין אונדזער משפּחה.

איז יאָשע וועלוול אַוועק און אויסגעדונגען דעם גרעסערן פּאַכט, וואָס מיין יינגערער שוואָגער האָט געהאַלטן, און האָט מוסיף געווען דעם פּריץ פיר רובל אויף אַ בהמה — פון פערצן אויף אַכצן רובל.

מיר האָבן געמיינט, אַז ער וועט דערלייגן דעם קאָפּ צו זיין נייעם געשעפט; אָבער ער האָט ניט דערלייגט. ער האָט געשיקט זיינע קעז — שווייצער און האָלענדער — קיין וואַרשע און קיין קעניגסבערג און איז געוואָרן נאָך רייכער. (די שווייצער קעזן זיינען געווען גרויסע און פלאַכע, ווי די שטיינער פון אַ זשאָרנע און איז אינעווייניק געווען פול מיט לעכעלעך, מאַנכע ווי אַ בעבל די גרויס; די האָלענדער קעזן האָבן אויסגעזען ווי אַ קוגל ערשט אַרויס־גענומען פון טשאָרלע און געווען מער געל ווי ווייס. דער האָלענדער קעז איז געווען פאַררעכנט פאַרן בעסערן סאָרט ווי דער שווייצער און געקאָסט טייערער. געמאַכט האָט די ביידע סאָרטן קעז אַ ספּעציעלער פאַכמאַן).

מיין שוואָגער יאָשע וועלוול האָט געהאַט אין זיך אַ סך תּקיפות פון אַן אויפגעקומענעם נגיד.

איך געדענק איינמאָל, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער יינגל: עס איז געווען ערב יום־כּיפּור פאַרנאַכט, מיר זיינען געפאָרן אין קליין־זשוכאָוויץ צו כּל נדרי. מיטאַמאָל איז פון הינטן אָנגעפאָרן אַ פור און אונדז אַריבער־געיאָגט. דאָס איז געווען דעם שוואָגערס פור מיט דעם בעסטן פערד אין דאָרף. מיר האָבן געהערט ווי דער שוואָגער האָט געהייסן דעם גוי אונדז אַריבעריאָגן. דעם טאַטן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן.

# מיינע חטאים

איך האָב צוגעזאָגט אין מיינע זכרונות צו דערציילן: וואָס מ'האָט געטאָן צו מיר און וואָס איך האָב געטאָן צו יענעם. איז וועגן דעם וואָס מ'האָט געטאָן צו מיר, האָב איך שוין געשריבן גענוג, איצטער וויל איך דערמאָנען מיט וואָס איך האָב געזינדיקט קעגן „יענעם" און קעגן גאָט אַליין.

אמת, ניט קיין גרויסע זינד, אָבער איך האָב זיי געטאָן און זיי ליגן מיר אין זכרון.

## אַ שטופּ געטאָן אַ חבר

ווען איך בין געווען אַ יינגל פון אַ יאָר 9־10, בין איך געשטאַנען מיט מיין חבר, אברהמל, דעם מילנערס יינגל. איך האָב מיט אים געמיטלעך גע־שמועסט. לעבן אונדז איז געשטאַנען אונדזער הונט, זשוק, און אַזוי ריידנדיק האָב איך זיך געקליגלט און אים אַ שטויס געטאָן אויפן הונט. דער הונט האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער אים און ער האָט אַ פאַל געטאָן און זיך צעקלאַפּט. ער איז אַוועק אַ וויינענדיקער.

## געגעסן פלייש מיט סמעטענע

איך בין געוואָרן אַ ביסל עלטער.

אַ זומערדיקער שבת בייטאָג. אין דער „צווייטער" שטוב זיינען געזעסן געסט — בחורים און מיידלעך פון די אַרומיקע דערפער.

אין דער „ערשטער" שטוב איז געשטאַנען אַ שפּייז־אַלמער מיט צוויי טירלעך — איינס פאַר פליישיקע און דאָס צווייטע פאַר מילכיקע מאַכלים.

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבן טאָג און מיר האָט זיך פאַרוואָלט עפּעס עסן, האָב איך געעפנט דאָס טירל צו די פליישיקע מאכלים. איך האָב מיין גאָפל אַריינגעשטעקט אין אַ שיסעלע אויף דער אויבערשטער פּאָליצע און אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ היפּש שטיקל אָפּגעקאָכט פלייש. איך האָב ניט געקאָנט אויפעסן דאָס גאַנץ שטיקל פלייש, האָב איך ווידער אויפגעעפנט דאָס טירל און מיטן זעלבן גאָפל אַוועקגעלייגט דאָס צוריק אין שיסעלע. אָבער אַנשטאָט אַנצוטאַפּן מיט אים אַ האַרטע זאַך, האָט זיך דער גאָפל מיט דעם שטיקל פלייש אויף אים איינגעטונקט אין אַ ווייכער פליסיקייט. איך האָב זיך דערשראָקן און אַרויסגעשלעפּט צוריק דעם גאָפל. ערשט דאַן האָב איך דערזען אַז דער גאָפל מיט דעם פלייש זיינען געווען באַדעקט מיט סמעטענע.

איך בין שטיין געבליבן אַ ווײַלע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב מורא געהאַט, אַז איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער קען אַרויסקומען און דערזען מיך מיט דעם פלייש איינגעטונקט אין סמעטענע אין האַנט, וואָלט זי, אַחוץ אַ פאָר קניפּן מיר אין אָרעם, טריף געמאַכט די סמעטענע און דאָס שיסעלע, האָב איך אַריינגעכאַפּט דעם שטיקל פלייש אין מויל און פטור געוואָרן פון דעם גאַנצן עסק.

איך האָב, ווייזט אויס, דעם צווייטן מאָל אין איילעניש געעפנט די צווייטע, די מילכיקע טירל, אַנשטאָט די ערשטע, די פליישיקע.

## געגנבעט געלט

ווען איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר, איז מיין מאַמע געשטאָרבן און איך בין געבליבן אין שטאָט זאָגן קדיש.

איך האָב ליב געהאַט אין די פּאַרנאַכטן פון די ווינטערדיקע שבתים בין מנחה־למעריב אַריינצוגיין אין בית־מדרש, וואו די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרזאַמלט. דער גרעסטער טייל זאָגט אויסנווייניק תהילים און אַנדערע, בעלי־בתים נכבדים, ריידן צווישן זיך וועגן שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן אָדער וועלטלעכע פּאָליטיק. און אָרימע יינגלעך פון שול־הויף פירן דאָ צווישן בימה און טיר זייערע „געשעפטן".

אין בית־מדרש צווישן דער בימה און דער טיר איז פינצטער, מ'זעט קוים איינער דעם אַנדערן. די צוויי הויכע אויוונס, וואָס שטייען פון ביידע זייטן טיר פאַרשטעלן די פענצטער. בין איך איינמאָל אַהין אַריינגעקומען און זיך געשטעלט לעבן דער בימה. ווי אַ זון פון אַ ישובניק, האָב איך ניט געהאַט קיין שטאָט וואו זיך אַוועקצוזעצן. אַז די יינגלעך האָבן מיך דערזען, אַ פרעמדן, שטייענדיק צווישן זיי אַ פאַרלאָרענער, אַ שוויינגנדיקער האָבן זיי זיך גענומען טשעפּען צו מיר. איינער האָט מיך אַ שטויס געטאָן אויפן צווייטן און דער צווייטער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שטויס טאָן מיך אויפן דריטן און איך בין געוואָרן ביי זיי אַ שפּיל אין די הענט. איך האָב ניט געוואוסט וואו זיך אַהינצוטאָן. אַנטלויפן פון זיי האָב איך מורא געהאַט, זיי וועלן מיר נאָכלויפן ווי די הינט אין דאָרף ווען איך אַנטלויף. געבן זיי צוריק — דאָס איז ניט געווען אין מיין נאַטור און דערצו זיינען זיי דאָך געווען אַ סך און איך — איינער; האָב איך אָנגעהויבן צו וויינען.

מיטאַממאָל איז צוגעקומען צו מיר אַ יינגל, טאַקע איינער פון דער חברה און רופט זיך אָן: „אַז דו וועסט מיר געבן אַ זעקסערל, וועל איך זיך פאַר דיר אָננעמען". איך האָב גראָד געהאַט עטלעכע קאָפּיקעס ביי זיך אין קעשענע (איך בין שוין דעמאָלט ניט געווען פרום) און אים געגעבן די מטבע און באַלד ווי ער האָט ביי מיר צוגענומען דעם זעקסערל האָט ער אויסגערופן צו זיינע חברים: „טשעפּעט אים ניט, ער איז מיינער" און די אַלע יינגלעך האָבן מיך אָפּגעלאָזן.

פון דעמאָלט אָן, אַז איך האָב געוואָלט אַריינקומען אין די שבתדיקע פאַרנאַכטן אין בית־מדרש אַריין, האָב איך געמוזט אָנגרייטן אַ זעקסערל אָדער אַ צענערל. אַז ער האָט מיך דערזען, איז ער באַלד צוגעקומען צו מיר און אויפגעמאָנט זיין צינז. אָבער מיט דער צייט האָב איך אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר מיין באַשיצער אַליין, אין פאַל ווען איך וועל ניט האָבן זיין צינז צו געבן אים.

איך האָב געוואוינט ביי מיינער אַ שוועסטער און שוואָגער, וואָס האָבן גע־האַט אַ קליינע קרעמל אין מאַרק, וואו זיי האָבן געוואוינט אַליין. דאָס קרעמל האָט געהאַט אַ טיש מיט אַ טיש־קעסטל, צו וועלכער איך בין אָפּט צוגעגאַנגען ווען איך האָב עפּעס פאַרקויפט און געדאַרפט אַריינלייגן דאָס געלט. און עס איז ביי זיי ניט געפאַלן קיין חשד, ווען זיי האָבן מיך געזען שטייענדיק אין קראָם.

אָט מיט דעם טיש־קעסטל האָב איך זיך באַנוצט ווען איך האָב געדאַרפט גיין אין בית־מדרש באַגעגענען מיין „באַשיצער". איינמאָל איז ער אַפילו צו־

געקומען צום קראַם און איך האָב אים געדאַרפט אַרויסטראָגן די מטבע, ער האָט מיר אַפילו געסטראַשעט, אַז ער וועט אויסזאָגן מיין שוועסטער, אַז איך גיב אים געלט.

אַזוי האָט אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן ווינטער, ביז עס איז געוואָרן וואַרעם און איך האָב אויפגעהערט צו גיין אין בית־מדרש. דעם יינגל האָט מען גערופן יונה. איך האָב פאַר דער צייט געוויס אַרויסגעשלעפּט פון טיש־קעסטל אַ צוויי אָדער דריי רובל.

## פאַרשוועכט די שבעה־טעג

און אָט ווי איך האָב אָפּגעהיט מיין מאַמעס אָנדענק: אויף דער פּערטער נאַכט פון שבעה איז אַרויסגעפאַלן אַ פרישער שניי. דער מאַרק און די דעכער פון די הייזער זיינען געוואָרן ווייס, די טריט פון די מענטשן האָבן געסקריפּעט און עס האָט זיך געוואַלט טאַנצן אין די גאַסן. יענע נאַכט איז געווען חתונה ביי מיינער אַ באַקאַנטער מיידל, אגב, זייער אַ שיינע.

בין איך אַוועק אַזייגער עלף אין אָוונט, (די שוועסטער און דער שוואָגער זיינען שוין געשלאָפן), צו דער חתונה, וואָס איז געווען אין אַ גויאישער גאַס. אַז איך בין צוגעקומען צום הויז, וואָס איז געווען באַלויכטן אין אַלע פענצטער און מ׳האָט דאָרטן געטאַנצט, האָב איך געפונען מיינע חברים מיט פאַרשמירטע פּנימער אין סאַזשע און איבערגעדרייטע היטלען מיט די ברילן אויף אַהינטער און שטומערהייט, ניט אָנרופנדיק איינער דעם צווייטן ביים נאָמען, האָבן זיי געשטורעמט דעם הויכן צאַם, וועלנדיק מיט די אויסגעריסענע פלעקער פאַרטרייבן די שטאָטישע אַריסטאָקראַטקעס, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן צווייטן זייט פון צאַם האַרט ביי די פענצטער פון הויז. זיי זיינען אויך געקומען אַ קוק טאָן אויף דער חתונה און האָבן מיט זייערע אַקסלען פאַר־שטעלט דעם שיין פון די פענצטער און מיר האָבן ניט געקענט אָנקוקן די שיינע כלה.

אויף מאָרגן האָט מען זיך אין שטאָט דערוואוסט, אַז איך בין אין אַ נאַכט פון שבעה געשטאַנען אונטער אַ פענצטער פון אַ חתונה און געהערט כלי־זמרים שפּילן.

## קדיש זאָגן

איך האָב געדאַרפט יעדן פרימאָרגן און פאַרנאַכט גיין אין בית מדרש זאָגן קדיש. האָב איך דעם פרימאָרגן־קדיש אָפּגעהיט, ווייל די שוועסטער האָט מיך אויפגעוועקט; אָבער פאַרנאַכט בין איך אַלצאיינס געווען אין גאַס און קיינער האָט איבער מיר ניט אַכטונג געגעבן. האָב איך זיך פאַרחברט מיט אַ שכנס אַ יינגל פון אַ יאָר 12־13, אַ גימנאַזיסט און פון אַ פיינער פאַמיליע, און מיר פלעגן ביידע, פאַרנאַכט, ווען אַלע זיינען געווען אין בית מדרש צו מנחה־מעריב, שפּאַצירן אין די גויאישע גאַסן. פון איין זייט איז געווען פאַר מיר אַ

יחוס צו גיין מיט אַ יינגל אַ גימנאַזיסט מיט אַ גוטן קאָפּ, ווי מען האָט גע־וואוסט אין שטאָט, אָבער פון דער צווייטער זייט איז געווען אַ חרפה, וואָס איך, אַזאַ גרויסער, אַ זעכצן־יאָריקער, זאָל זיך חברן מיט אַ יינגל.

אין די זומערדיקע און ווינטערדיקע שבתים נאָכן דאַווענען, אַז מיין שוועסטער איז געקומען פון שול און געפונען מיך אין שטוב, האָט זי יעדעס מאָל געפרעגט צי האָב איך געזאָגט קדיש. און אַז איך האָב געענטפערט אַז יאָ, האָט זי מיך געפרעגט וואָסער סדרה מען האָט יענעם שבת צום דאַווענען געלייענט אין בית מדרש. און פיל מאָל בין איך טאַקע אַריינגעפאַלן, ווייל איך האָב ניט געוואוסט וועלכע סדרה און בין אין בית מדרש ניט געווען און דעם קדיש ניט געזאָגט.

## אָפּגעשלאָגן אַ שידוך

אין אַ יאָר אָדער צוויי אַרום, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר אַכצן, האָב איך ליב געקראָגן אַ שיינע מיידל. זי האָט געהאַט העל־בלאָנדע האָר און גרויסע שוואַרצע אויגן, אַ זאַך וואָס טרעפט זייער זעלטן.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז אירע אַ חברטע, אַ מלמדס אַ טאָכטער, האָט חתונה געהאַט. אויף דער חתונה זיינען אָנגעפאָרן אַ סך מחותנים פון אַנדערע שטעטלעך. צווישן זיי איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ קליין, ברוין בערדל. ער האָט געטראָגן אַ קאַראַקולענע הויכע קוטשמע, וואָס האָט אים צוגעגעבן חן צום פנים. זיי האָבן זיך געטראָפן אויף דער חתונה און זיך פאַרליבט איינער אין דעם אַנדערן און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז שבת־צו־נאַכט וועט מען שרייבן תנאים.

איך בין געוואָרן אַ פאַרציטערטער, ווען איך האָב דאָס דערהערט און דאָ איז שוין פרייטיק נאָך האַלבן טאָג. זען זי און ריידן מיט איר האָב איך ניט געקענט. זי איז געווען פאַרנומען מיט דעם נייעם בחור. בין איך אַוועק אין בית־מדרש, אָנגעשריבן אַ קליין בריוועלע אויף אַ שטענדער בזה הלשון: „לאָז צו רו מיין מיידל. מיר זיינען פאַרליבט און וועלן אין גיכן חתונה האָבן". איך האָב אויפגעזוכט אַן אָרימען יינגל, אים געגעבן אַ פּאָר קאָפּיקעס און ער האָט דעם בריוול אַוועקגעטראָגן אין דעם הויז, וואו דער בחור איז איינגעשטאַנען. אונטערגעשריבן האָב איך זיך מיט אַ פרעמדן נאָמען, טאַקע פון אַ בחור וואָס האָט זיך אויך געליבט אין איר. אין שטוב האָט מען דעם, וואָס האָט געזאָלט זיין דער חתן, געזאָגט, אַז דער וואָס איז אונטערגעשריבן אויפן בריוו איז אַ געפערלעכער יונג, און בעסער ער זאָל זיך מיט אים ניט אָנהויבן און ניט נאָר ער, נאָר אַפילו זיי, די באַלעבאַטים פון הויז זיינען אין סכנה ער זאָל זיי ניט אונטערצינדן. בקיצור פון דעם שידוך איז גאָרנישט ניט געוואָרן.

צי מיין בריוול האָט געשטערט דעם שידוך, צי עס וואָלט אַלץ איינס גאָרניט געוואָרן ווייס איך ניט, נאָר זי, דאָס מיידל האָט נאָכדעם חתונה גע־האָט אין אַן אַנדער שטאָט פאַר אַ פּראָסטן און גראָבן מענטשן און האָט געהאַט אַ פינצטערן לעבן ביי אים.

## אַן אַכסניה־צימער

מיר, איך און מיינע חברים, יינגלעך פון אַ יאָר 17־18, האָבן געהאַט אַן איינפּיר, אַז שבת פאַרנאַכט, ווען דער יונגער עולם גייט שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, האָבן מיר זיך צעזעצט אויף דעם פעלדשער באסעס באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבן זיין שטוב הינטערן שטאָט און מיר האָבן באַרעדט און אַריינגעזאָגט די מיידלעך, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען אונדזער באַנק. די איידלערע מיט אַן איידעלערן ווערטל און די פּראָסטע מיט אַ גרעבערן זאָג.

מיט אַמאָל האָבן מיר דערזען יעקב־מאיר גינצבורג גייענדיק פון שטאָט מיט זיין כלה, שימקע לעווין.

ער איז געווען אַ שיינער, האַלב־אַריסטאָקראַטישער און האַלב עמך׳דיקער בחור און זי — אַ טאָכטער פון איינעם פון די נכבדי העיר. אַז מיר האָבן זיי דערזען דערנעענטערן זיך צו אונדז, זיינען מיר געוואָרן איינגעהאַלטענער. ניט אַזוי צוליב אים, ווי צוליב זיין כלה. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדז און געבעטן אַז איינער פון אונדז זאָל צוגיין צו זיין צימער אין האָטעל און ברענגען אים עפּעס פון דאָרטן.

די בחורים האָבן זיך אָנטזאָגט. ביי זיי איז ער געווען אַ שטוביקער מענטש, וואָס איז אַריינגעקומען צו זייערע עלטערן, פאַרבראַכט מיט זייערע ברידער און שוועסטער. איך איינער בין ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון און געגאַנגען.

ביי מיר, דעם ישובניק, וועמענס משפחה האָט געוואוינט ווייט פון שטאָט, איז ער, דער יחוסדיקער בחור פון דער שיינער משפחה, געווען אַ העלד. ער וואוינט אַליין אין אַ צימער אין אַ האָטעל, דאָס הייסט אַן אַכסניה, וואו עס שוועבן אַרום די שאָטנס פון אַלע מענטשן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט פאַר אים, אָדער וואָס האָבן דאָרט איבערגעשלאָפן ניט מער ווי איין נאַכט. מענטשן פון אַנדערע שטעט און לענדער, מענטשן וואָס האָבן אויף איין נאַכט געבראַכט מיט זיך זייערע פאַרבאָרגענע סודות און וואָס שפּורן דערפון שוועבן נאָך געוויס אַרום אין צימער. און ווען ער, דער איצטיקער באַוואוינער, גייט אַרויס פון זיין וואוינונג, לעבן אויף אין צימער אלע איבערגעלאָזטע סודות.

דער וועג איז ניט געווען קיין ווייטער. איך בין אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער, אַ צוגעראַמטער אָבער אַן אָרימער. קיין לוקסוס אַרטיקלען, וואָס איך האָב דערוואַרט צו געפינען, האָב איך דאָרט ניט געזען, נאָר אַ באַנד שעקספּירס דראַמען אין אַ רוסישער איבערזעצונג. דאָכט זיך „העגרי דער אָכטער״, איז געלעגן אויפן טיש.

אַז איך בין געקומען צוריק האָבן מיינע חברים געלאַכט פון מיר. איך האָב זיך אָבער באַרימט פאַר זיי מיט דעם באַנד שעקספּיר, וואָס איך האָב דאָרט געזען און וואָס איך וועל ביי אים איצט קענען לייען.

היינט אָבער ווייס איך, אַז דאָס איז געווען מיין דרך ארץ פאַר יחוס און נאָך אפשר מער דער נייגיר צו זען שיינע זאַכן, וואָס איך האָב דערוואַרט צו געפינען ביי אים אין צימער.

אָט דעם נסיון האָב איך ניט געקענט בייקומען.

## איבעריקע צוויי פּאַפּיראָסן

געווען ביי אונדז אין שטאָט אַן אָרים מיידל, ליובאַ, וואָס האָט געמאַכט פּאַפּיראָסן צום פאַרקויפן. קיין פאַרמעגלעכע מענטשן זיינען צו איר ניט אַריינגעקומען, נאָר אָרימע יינגלעך און אַמאָל איינער אַ שטאָטישער אָרימער בחור, אַ ליידיקגייער.

דער בחור איז געווען זייער אַ שטאַרקער און האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ שלעגער. מיר, יינגלעך, האָבן פאַר אים מורא געהאַט.

מאַכט זיך, אַז אַריינקומענדיק צו דער מיידל קויפן אַ צענדליק פּאַפּיראָסן, האָב איך דאָרטן געטראָפן דעם שטאַרקן בחור.

נאָכן ריידן מיט מיר עטלעכע ווערטער, האָט ער ביי מיר געבעטן אַ פּאַפּיראָס. איז אָנשטאָט צו געבן אים איינעם, ווי ער האָט געבעטן, האָב איך אָנגענומען גאַנצע דריי און אים דערלאַנגט.

ער האָט זיך באַליידיקט: — „פאַרוואָס גיסטו מיר גאַנצע דריי, ווען איך האָב ביי דיר געבעטן נאָר איינעם?" — ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס גיב איך אים ווי אַ מין צינז, אויס מורא פאַרן „שטאַרקן" און ניט אויס פריינטשאַפט.

יינגלשע נאַרישקייט.

די דאָזיקע עוולה מיינע קעגן אַ פרעמדן מענטשן, קען איך ניט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג.

## אויפגעעפנט אַ פרעמדן בריוו

אין יאָר 1906, איז ביי אונדז אין דער מיר געווען אַ לערער אויף רוסיש, אַ מינסקער יונגערמאַן מיטן נאָמען מוליע לעווין. מיר זיינען ביידע איינגע־שטאַנען אויף איין סטאַנציע נאָר אין באַזונדערע קאָמערן.

קיין צו נאָענטע חברים זיינען מיר ניט געוואָרן. ער האָט זיך געהאַלטן גרויס, ווי אַ גרויס־שטאָטישער אינטעליגענט, וואָס קומט אַרונטער אין אַ קליין שטעטל. און איך, קומענדיק פון אַמעריקע, וואו אינטעליגענץ האָט קיין באַזונדערע ראָליע ניט געשפּילט, פאַרקערט, יעדער אינטעליגענט האָט באַ־האַלטן זיין וויסן און קענטשאַפט אונטער די אַרבעטער קליידער, האָב ניט געוואָלט נאָכגעבן. מיר זיינען געווען צווישן זיך קאַלטע מחותנים.

עס האָט זיך געמאַכט, טאַקע אין דעם זעלביקן זומער, אַז איך האָב גע־דאַרפט אַוועקפאָרן קיין מינסק אויף אַ לענגערער צייט. האָב איך ביי אים געבעטן ער זאָל דורך מיר שיקן אַ גרוס אָדער אַ בריוול צו זיינעם אַ פריינט אין מינסק, מיט וועמען איך זאָל קענען אויסריידן אַ פּאָר ווערטער די ערשטע

פּאָר טעג, האָט ער מיר צוליב געטאָן און אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין כלה, חיה־גיטל ראַבינאָוויטש, וואָס איז אַגב, געווען מיט אַ צייט צוריק ביי אונדז אין שטעטל מיט אַ באַזוך ביי איר חתן און האָט געלאָזן נאָך זיך אַ נאָמען פון אַן אינטעליגענטער און געלערנטער מיידל.

אין דעם בריוו וואָס ער שרייבט צו איר, דערמאָנט ער אויך וועגן מיר. איך האָב דעם בריוו געדאַרפט אָוועקגעבן דער מיידל אין האַנט און דערצו נאָך איבערגעבן אַ פּערזענלעכן גרוס פון אים.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז לויט זיין באַציען זיך צו מיר די גאַנצע צייט, איז דער בריוו געשריבן ניט צו־וואָרעם וועגן מיר. בין איך אויף דעם לאַנג־ווייליקן וועג פון דער סטאַנציע גאָראָדייע ביז מינסק, וואָס האָט גענומען אַן ערך אַ דריי שעה, ניט ביי־געשטאַנען דעם נסיון און אויפגעעפנט דעם פּאַר־קלעפּטן קאָנווערט. איך האָב דערזען, אַז ער רופט מיך אָן „טשעלאָוויעק ניטשעווא סעביע״, דאָס מיינט, אַ מענטש, אַזוי זיך. איז מיר אַזאַ רעקאָמענדאַציע ניט געפעלן געוואָרן און איך האָב אָפּגעמאַכט ביי זיך דעם בריוו דער מיידל ניט צו ווייזן, נאָר אָפּגעבן איר אַ גרוס פון איר חתן אויף מיין אייגענעם חשבון.

ווען איך בין געקומען צו דער מיידל איבערגעבן דעם גרוס, האָט זי מיך אויפגענומען זייער וואַרעם און מיר זיינען גלייך געוואָרן גוטע פריינט. זי האָט מיך געפירט ווייזן מינסק און מיך גענומען צו רחל ברכות, דער שרייבע־רין, וואָס איז געווען צו גאַסט ביי אירע עלטערן אויף דער ניעמיגע; נאָר רחל איז מיט אַ פּאָר טעג פריער אַוועקגעפאָרן צו איר מאַן אין אַ רוסישער שטאָט. זיינען מיר אַוועק צו אברהם רייזין, וואָס האָט צוליב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה פאַרלאָזן וואַרשע און זיך אויסבאַהאַלטן אין מינסק ביי זיין שוועסטער שרה־באַשע און איר מאַן דוד קאַסעל, וואָס ביידע האָבן דעמאָלט געמאַכט זייערע ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור. רייזין, און זיין שוועסטער און שוואָגער, זיינען אויך אין דער היים ניט געווען. מיר האָבן געפונען זיין טאַטן, קלמן רייזין, אויך אַ שרייבער וואָס איז געווען דאָרטן צו גאַסט און פון וועמען איך האָב געקראָגן אַ מיאוסן אָפּשניט.

אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען זיין זון פון וואַרשע און איך בין געקומען אים ווייזן לידער, האָט ער מיט אַ פאַראיבל אַ זאָג געטאָן: „הען, יעדער איינער וויל זיין אַ פּאָעט״. איך בין אַוועק פון אים ווי אַן אָפּגעשמיסע־נער, אָבער ביי דער מיידל האָב איך דעם חן ניט פאַרלאָרן און דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס איך האָב עובר געווען אויף דעם לאַו פון עפענען אַ פרעמדן בריוו.

## זעמעלעך מיט מילך

אין ווינטער פון 1911, האָב איך געאַרבעט ביי לוריעס צייטונגס־סטענד, אויף קאָלאָמבוס עוועניו און 83סטע גאַס. דער סטיישאָן פון „על״ מיט וועלכן די צייטונגען זיינען אָנגעקומען אין פּעקלעך האָט זיך געפונען אויף דער 81סטער גאַס.

אַרום פינף דעם זייגער אינדערפרי, ווען איך בין געקומען נעמען די צייטונגען פאַר מיין באַלעבאָס, האָב איך זיך דאָרטן געטראָפן מיט אַנדערע בחורים, וואָס זיינען געקומען אָפּנעמען די צייטונגען פאַר זייערע באַלעבאַטים. דאָס זיינען געווען פריילעכע, לוסטיקע פלאַפּלערס און פול מיט שמד־שטיק. האָבן זיי מיר עטלעכע מאָל דערציילט, אַז גייענדיק איבער די קעלערן, וואו זיי לאָזן איבער די מאָרגן־צייטונגען, טרינקען זיי אויס אין איין הויז אַ פלאַש מילך פון די, וואָס דער מילך־מאַן האָט איבערגעלאָזן פאַר די קוואַרטיראַנט־קעס. אין אַ צווייטן הויז נעמען זיי אַרויס פון די פּאַפּירענע זעקלעך אַ פּאָר בולקעלעך צו פאַרבייסן מיט דעם. איך האָב דאָס געהערט פון זיי אַזויפיל מאָל, ביז וואַנען איך האָב זיי אָנגעהויבן נאָכטאָן.

איך האָב עס ניט געטאָן, ווייל מיר האָט זיך דעמאָלט געוואָלט עסן, נאָר פון היילן שפּאָס וועגן. איך האָב געוואוסט די עוולה וואָס איך טו, אָבער עס פלעגט זיך מיר לאַכן, טראַכטנדיק, וואָס עס וועט זיך טאָן אין דעם קליינעם באָרדינג־הויז, ווען עס וועלן פעלן אַ פּאָר בולקעלעך אָדער אַ פלאַש מילך. די קוואַרטיראַנטקעס וועלן האָבן טענות צו דער באַלעבאָסטע, און זי וועט אויסלאָזן דעם כעס צו דעם מילך־מאַן אָדער צו דעם בעקער־ייִנגל.

## צום צווייטן מאָל אין אַמעריקע

ווען איך בין געקומען דעם 10טן אויגוסט, 1907, צום צווייטן מאָל אין אַמעריקע, האָב איך שוין דאָ קיינעם ניט געטראָפן פון די פריערדיקע פּאָעטן, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" און אין „אָבענד־בלאַט" פאַר מיין אָוועקפאָרן אין האַרבסט 1901. עטלעכע נעמען געדענק איך נאָך הייַנט: וויליאַם קייזער און בנימין ראָזענבלום.

איך האָב מער זייערע נעמען ניט באַגעגנט. אָדער זיי זיינען זיך צעפאָרן אין אַנדערע שטעט און פאַרלאָרן די פאַרבינדונגען מיט די היגע רעדאַקציעס; אָדער זיי זיינען אויסגעשטאָרבן פון שווינדזוכט, אָדער זיי זיינען בכלל אַנט־שוויגן געוואָרן. ביי וועמען זיך נאָכצופרעגן איז ניט געווען. די ניי־אָריבער־געקומענע האָבן ניט געקענט די פריערדיקע שרייבער פון 1901. איין ה. רויזענבלאַט איז געבליבן אין ניו יאָרק, אָבער מיר איז ניט אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אים. ער האָט געוואוינט אין יאָנקערס, אַ ווייטע נסיעה פאַר יענער צייט.

מען האָט מיר יאָ דערציילט פון איינעם אַ פּאָעט — קאַטלער — וואָס האָט געשריבן פיינע יידישע באַלאַדן אין די יאָרן 1903־1906. ער האָט זיך גע־דרוקט אין „פאָרווערטס". ווען איך בין געקומען האָט מען שוין זיין נאָמען מער ניט באַגעגנט אין דער פּרעסע. ער האָט אָבער איבערגעלאָזן אַ גוטן ריח

נאָך זיך. מען האָט אָפּט דערמאָנט מיט באַדויערן, וואָס ער האָט אויפגעהערט דרוקן זיך. מען האָט אַפילו דערציילט, איך ווייס ניט צי דאָס איז אמת, ווייל דערציילט האָט מען דאָס על פּי השמועה, (געהערט פון אַנדערע דערציילן) אַז מען האָט אים געזען פאַרקויפנדיק „הינטעלעך" (לעבעדיקע) אין קוני־איילענד. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין פּגם אויף אים, פאַרקערט, עס האָט געשמעקט מיט עקזאָטיק.

*   *   *

מיר אַלע האָבן זיך מפרנס געווען מיט וואָס נאָר מיר האָבן געקענט. די באַלמעלאָכעס פון דער היים האָבן דאָ געאַרבעט ביי זייער פאַך, אָדער האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט אַ מלאכה צו לעבן דערפון. געווען צווישן זיי קאַמאַשן־שטעפּער — מאַני־לייב; שניידער — חיימאָוויטש און באַסין; סטאָליאַרעס — זעלדין און בלינקין; איין שערער — אַדערשלעגער און אַן אַפּטייקער־אַרויסהעלפער — מיכל קאַפלאַן. און די וואָס האָבן ניט געקענט קיין מלאכה פון דער היים, האָבן זיך דאָ אויסגעלערנט אַ פאַך. געניית העמדלעך און קליידלעך, געוואָרן אבאַיעס־הענגער — זישע לאַנדוי; פענצטער־פּוצער — יצחק רייז; לערער אין תלמוד־תורהס — י. י. שוואַרץ און י. אָפּאַטאָשו; אָדער האָבן פאַנאַנדערגעטראָגן צייטונגען, ווי א. מ. דילאָן און איך.

אונדזער שטרעבונג איז געווען צו זיין שרייבער, אָבער לעבן פון יגיעת כפּים. די צייטונגען זיינען געווען סיי־ווי פאַרמאַכט פאַר אונדז. ערשט שפּעטער האָבן געציילטע, די וואָס האָבן זיך געקענט צופּאַסן, זיך דורכגעשטופּט אין די צייטונגען. און אַ קליינע גרופּע, וואָס זיינען געווען הומאָריסטן לויט זייער געבאָרענעם טאַלאַנט, האָבן אַרויסגעגעבן אַ וועכנטלעכן זשורנאַל „דער קיבעצער". די אַרויסגעבער און די מיטאַרבעטער זיינען געווען י. אַדלער, דער טונקעלער, חיים גוטמאַן, יוסף באַנק און יצחק רייז. די איבריקע זיינען געווען גליקלעך, אַז מען האָט אָפּגעדרוקט זייערס אַ ליד אָדער אַ סקיצע אין אַ טעגלעכער צייטונג — מערסטנס אָן געצאָלט.

*   *   *

צוויי ערטער זיינען געווען וואו איך האָב זיך געקענט טרעפן מיט שרייבער. איין אָרט איז געווען ביי משה־יונה חיימאָוויטש, מיין לאַנדסמאַן, דעם סקיצן שרייבער, וועלכער איז געקומען אַהער מיט אַ דריי־פיר יאָר פאַר מיר.

אַ גרויסער טייל פון די שרייבער זיינען געווען בחורים און געוואוינט ביי פרעמדע מענטשן אין ראָז אָדער גרין־געפּאַרבטע, קאַלטע, אומעטיקע קאַמערלעך. די באַווייבטע שרייבער, אַלטגעזעסענע, האָבן געוואוינט אין ברוק־לין אָדער אין די בראָנקס. משה־יונה, איז געווען דער איינציקער וואָס איז געווען פאַרהייראַט און געהאַט אַן אייגענע דירה אויף 261 הענרי סטריט, דאַון־טאַון. מיר פלעגן אַרויפקומען צו אים זיצן אַ פּאָר שעה אין אַ געמיטלעכער, היימישער אַטמאָספערע.

דער צווייטער אָרט וואו מען פלעגט זיך צונויפטרעפן איז געווען „פייפּערס רעסטאָראַן" אין 183 איסט בראָדוויי, וואו דער „טאָג" איז היינט. אַהינצו איז מען אויך געקומען ווייל מען איז געווען עלנט, אָן אַ היים.

ניט מיט אַמאָל נאָר ביסלעכווייז האָב איך זיך באַקענט מיט די נייע שרייבער, מיט איינעם אין אַ וואָך, מיט צוויי אין אַ חודש, נאָר מיט צוויי האָב איך זיך באַקענט אויסער משה־יונהס שטוב און אויסער פּייפּערס רעסטאָראַן. דאָס איז געווען אַזוי:

איך האָב געוואוינט ביי מיין שוועסטער אין איסט ניו יאָרק, אויף דיומאָנט און ווערמאָנט עוועניוס. אַ יונגער מאַן מיט בלאָנדע געקרויזטע וואָנצעס, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט ערגעץ אויף אַ באָל, האָט געוואוינט אין זעלביקן געגענט, ביים פּאָעט, יעקב אַדלער אין אַ צימער.

איינמאָל אין אַ זומערדיקן זונטיק נאָכמיטאָג האָבן מיר זיך באַגעגנט אין גאָס און ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך און מיך באַקענט מיט זיין באַלעבאָס, יעקב אַדלער. (דער יונגער מאַן האָט אויך געהייסן אַדלער, אָבער ער איז ניט געווען אַדלערס קיין קרוב).

דעמאָלט האָט זיך אויפגעבויט אַ נייע געגנט אין איסט ניו יאָרק און די וואוינונגען דאָרטן זיינען געווען שענערע, מיט אַ סך פענצטער, מיט מער באַקוועמלעכקייטן ווי אָרום איסט בראָדוויי. אויך אַדלער האָט געהאַט אַ שיינע וואוינונג מיט אַ גרויסער ביבליאָטעק פון יידישע ביכער און געבונדענע אַלטע זשורנאַלן. ער האָט מיך פריינטלעך אויפגענומען און אונטערהאַלטן. ער האָט געקענט גוט דערציילן אַ מעשה, דורכגעשפּרינקלט מיט לייכטן הומאָר. ער האָט מיך שוין יענעם זונטיק פאַרנאַכט גענומען צו מאַני־לייבן, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון אים אויף עשפאַרד סטריט.

ווען איך האָב באַגעגנט מאַני־לייבן צום ערשטן מאָל אין 1907, איז ער אַלט געווען 24 יאָר. ער איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון לאָנדאָן. ער איז געווען יונג, שלאַנק און שיין (ער איז נאָך אויך געווען שלאַנק און שיין ביז האַרט פאַר זיין טויט. עס האָט זיך אין אים ווייניק געענדערט. די זעלביקע שפּילעוודיקייט און בליציקייט אין ריידן). ער האָט געהאַט אַ יונגע שיינע פרוי מיט אַ מויל, ווי אַן אויפגעשניטענער פּאָמערנאַץ, און אַ קליין קינד, אַ יינגעלע. מאַני־לייב איז געווען זייער באַליבט און פּאָפּולער ביי זיינע חברים. ער האָט אין יענער צייט איבערזעצט לידער פון לערמאָנטאָוו, ניקיטין און אַנדערע רוסישע פּאָעטן און געדרוקט אויך אייגענע לידער אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע".

צו משה־יונהן אין הויז אין די אָוונטן פלעגן אָפט אַרויפקומען געסט. ער האָט געהאַט אַ יונגע, באַחנטע, שוואַרץ־אויגיקע פרוי און דריי שוועסטער יונגע מיידלעך. איינע, די עלטסטע, איז געווען אַ דעזיינערין, האָט פאַרדינט אַ סך געלט און האָט זיך געקענט פאַרגינען אויפצונעמען געסט.

דאָרטן האָב איך זיך באַקענט מיטן „טונקעלן", וואָס האָט געוואוינט אין דעם זעלבן הויז אויף אַ העכערן שטאָק; מיט הערמאַן גאָלד, וועלכן איך האָב

זיך פאַרגעשטעלט, איידער איך האָב אים געזען, אַלס אַ יונגינקן בחורל מיט גאָלדענע האָר, צוליב דעם גאָלדענעם נאָמען, וואָס ער האָט זיך געגעבן. זיין אמתער נאָמען איז געווען הלל גורני.

אַן אָפּטער אַריינגייער איז דאָרט אויך געווען יוסף באַנק. אַ נאַאיווער בחורל, מיט גרויסע פאַרוואונדערטע אויגן. ער פלעגט מאַכן אַ „פויסט" און הייסן טאַפּן זיינע אָנגעשטעלטע מוסקולן פון די אָרעמס. ער איז אויך געווען אַ גרינער, ניט לאַנג געקומען פון קאָוונע.

פון צייט צו צייט איז אַהין אַרויפגעקומען יואל ענטין, שוין אַן אָנער־קענטער שרייבער, און מיר האָבן אים געהאַלטן פאַר אונדזער רבין. מיר פלעגן אים ווייזן אונדזערע זאַכן, און אַז מען האָט אַרויסגעגעבן אַ נייעם זשורנאַלכל, האָט מען אים געמאַכט פאַרן רעדאַקטאָר. שפּעטער האָב איך זיך ביי משה־יונהן אין הויז אויך באַקענט מיט דעם 22־יאָריקן דוד איגנאַטאָוו, אַן אַמביציעזער, אַ רירעוודיקער, ווי אַ יונג פערדל, וואָס שטייט ניט איין אויף אַן אָרט און גראַבלט מיט די שאַרפע קאָפּיטעס אין האַרטן פאַרפרוירענעם שניי. ער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן זיין ערשטן ביכל: „צוויי קרעפּטן".

* * *

אין יענער צייט האָבן מיינע חברים אַרויסגעגעבן אַ חודשלעכן זשורנאַלכל: „די יוגנט". עס זיינען אינגאַנצן אַרויס דריי נומערן. אין ערשטן נומער איז אַריין מיינס אַ קליין ליד פון דריי אָדער פיר סטראָפן, אַ נאָכמאַכונג נאָך אַ פאָלקס־ליד. דער נאָמען פונעם ליד איז געווען: „לייג איך מיך אין בעט אַריין", לויט דער ערשטער שורה.

בערטע קלינג, אין וועמענס הויז איך פלעג אָפט אַריינקומען מיט מיינע חברים, האָט צוגעפּאַסט אַ מעלאָדיע צו דעם ליד. דאָס ליד איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. מען האָט עס אָנגעהויבן זינגען אויף אַלע ליטעראַרישע צוזאַמענ־קונפטן און אויך ביי די פועלי־ציון, צו זייערע יום־טובים. איך בין דעמאָלט געגאַנגען צו אַלערליי בעלער. קיין געלט האָט מיר ניט געקאָסט — אַ פּאָעט איז אַן אָרעמאַן. איז ווי איך בין נאָר אַריינגעקומען אין זאַל, האָט מען מיך באַגעגנט מיט אָט דעם ליד. מיט דער צייט איז עס מיר דערעסן געוואָרן צו הערן. איך האָב געוואוסט, אַז קיין ליטעראַרישן ווערט האָט דאָס ליד ניט (אגב, תשר"ק, אין „טאָגעבלאַט", אין אַ רעצענזיע איבער דעם זשורנאַל „די יוגנט" האָט דאָס ליד געפּסלט). די וואָס האָבן דאָס ליד געזונגען האָבן עס געענדערט; זיי האָבן צוגעגעבן אָדער אַראָפּגענומען עטלעכע שורות, ווי עס איז זיי איינגעפאַלן. מיך האָט דאָס ניט געאַרט. ווען איך האָב דערהערט זינגענדיק דאָס ליד, פלעג איך זיך גלייך אַרויסרוקן פון זאַל.

דאָס ליד איז אַריינגעגאַנגען אין מיין ערשטן ביכל „אויפן זאַמדיקן וועג"; אָבער אין מיין צווייטן בוך, וואָס האָט אַריינגענומען אַ טייל לידער פונעם ערשטן ביכל, האָב איך שוין דאָס ליד ניט אַריינגענומען. און נאָך היינט, אַז עמיצער פון מיינע אַלטע באַקאַנטע, וואָס וויל מיר אָנטאָן אַ נחת־רוח, פּרוּווט זינגען דאָס ליד, פאַרלייקן איך, אַז דאָס איז מיינס.

*    *    *

דער זעלביקער פריינט מיינער, משה־יונה חיימאָוויטש, צו וועמען אין הויז איך בין אַזוי אָפט אַריינגעקומען, האָט פאַר מיר געקראָגן אַרבעט אין אַ שאַפּ, אויך ביי אונדזערע אַ לאַנדסמאַן, וואו ער איז געווען אַ „לייגינג־קאַטער" (אַן אונטערשלאַק־צושניידער). דער לאַנדסמאַן האָט מיך אַריינגענומען ווייל ער האָט, פון די יונגע יאָרן אין דער היים, וואו ער איז געווען אַ דאָרף־שניידער, געדענקט אונדזער שטוב וואָס ער איז פאַרבייגעגאַנגען כמעט אַלע פרייטיק ביינאַכט, טראָגנדיק אין אַ זאַק אויף די פּלייצעס זיין שער און אייזן און די זאַליאַסקע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אונדז צו כאַפּן אַ שטיקל ברויט מיט מילך אָדער כאַטש אַ טרונק קאַלטע וואַסער.

איך האָב געקראָגן ביי אים דריי דאָלער אַ וואָך און בין געווען אַן אַרויס־העלפער ביי משה־יונהן, זאָגן, אַז מיין חבר איז געווען זייער אַ צוגעלאָזענער פאַרמאַן פאַר מיר, קען איך ניט. ער איז שטענדיק געווען נערוועז און אויס־געלאָזן צו מיר זיינע „נערוון". איך האָב דאָרט אָפּגעאַרבעט אַרום צוויי חדשים. נאָכדעם האָט מיך דער באַלעבאָס אָוועקגעשיקט, טראַכטנדיק, מסתמא דערביי, אַז פאַר אַ היימישער גוטער דעראינערונג איז גענוג צו באַצאָלן 24 דאָלער.

*    *    *

אַרום יענער צייט האָט אונדזערע אַ וויטע קרובה, אַן עלטערע מיידל, וועמען עס איז צוגעגעסן געוואָרן דער שאַפּ, באַשלאָסן אויפצוגעבן די אַרבעט און קויפן צוזאַמען מיט אירער אַ נאָענטער שאַפּ־חברטע, אַ „סטיישאָנערי־סטאָר" (אַ קראָם פון צייטונגען, פּאַפּיר, טאַבאַק און אַנדערע קלייניקייטן). זיי האָבן געקויפט אַזאַ געשעפט אויף אַמסטערדאַם עוועניו און 102 גאַס און האָבן אויך מיך אַריינגענומען פאַר אַ שותף. איך האָב געדאַרפט אַכטונג געבן אויף דער צייטונגס־אָפּטיילונג פון געשעפט. איך האָב געמאַכט דעם „ראַוט" אין די פאַרטאָגן: אינמיטן וואָך, טראָגנדיק די צייטונגען אונטערן אָרעם, און זונטיק פירנדיק זיי אין אַ וועגעלע. דורכן טאָג האָב איך געדאַרפט שטיין אין דרויסן ביים סטענד (צייטונגס־טישל) און אָפּנעמען די פּעניס ביי די צייטונגס־קויפער.

די קראָם האָט געהאַט צוויי צימערן הינטער זיך. איינער אינגאַנצן אַ פינצטערער און דער צווייטער אַ ליכטיקער מיט צוויי גרויסע פענצטער, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען צו אַ קליינעם הויפל. געשלאָפן בין איך אין דעם ערשטן פינצטערן צימער, וואָס איז געווען צווישן דער קראָם און מיין שותפטעס חדר. ביינאַכט, ווען די קראָם איז געווען צוגעשלאָסן און די טיר פון איר צימער איז געווען פאַרמאַכט, בין איך געבליבן ווי אין אַ פאַרמאַכטן קאַסטן. כ'האָב געהאַט אַ וועק־זייגער ביים בעט, וואָס האָט מיך אויפגעוועקט אַ פערטל צו פינף פאַרטאָג. מיט דער צייט האָב איך זיך אַזוי איינגעוואוינט, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט נאָך איידער דער זייגער האָט געגעבן דעם ערשטן קלונג.

די קראַם האָט געקאָסט דרייצן הונדערט דאָלער, אין דעם בין איך געווען מיט מײַנע הונדערט דאָלער, וואָס איך האָב צונויפגעליען ביי מײַנע פרײַנט און משפּחה. קיין שכירות האָב איך ניט גענומען, איך האָב זיך באַנוגנט נאָר מיטן עסן און שלאָפן דאָרט. זונטיק, נאָך דער אַרבעט, אַז איך בין געפאָרן צו מײַן שוועסטער אין ברוקלין, האָט מײַן שותּפטע מיר געגעבן 20־30 סענט אויף „קאַר־פעיר" און אַנדערע הוצאות.

קיין שלום־בית איז ניט געווען. די צוויי מיידלעך, גוטע, איבערגעגעבענע חברטעס פאַר לאַנגע יאָרן ביי דער אַרבעט אין שאַפּ, האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן אין געשעפט, און געקריגט האָט מען זיך אין קראָם, ניט ביי זיך אין צימער, ערגעץ ווייט פון פרעמדע בליקן. מען האָט זיך געקריגט הויך אויפן קול, געקלאַפּט מיטן האַנט אויפן גלעזערנעם קאָונטער, און איך בין געשטאַנען אַ דערשראָקענער און ציטערנדיקער, פּונקט ווי פריער ביי אונדז אין דער היים, אין מיל. דער סוף איז געווען, אַז מײַן קרובהס שותּפטע איז אַוועק פון געשעפט און איך בין געבליבן אַליין מיט מײַן קוזינע.

מיט מיר האָט זי זיך ניט געקריגט, אָבער געשטאָכן מיט ווערטער האָט זי. מײַן קרובה איז געווען זייער קאַרג. זי פלעגט זאָגן, אַז זי לעבט מיט חשבון. זי האָט אָנגעליען געלט און דאַרף אויסצאָלן דאָס געליענע. אַז דאָס וועגעלע מיט וועלכן איך האָב זונטיק צעפירט די צײַטונגען, האָט זיך צעבראָכן, האָט זי מיר ניט געגעבן קיין געלט צו פאַרריכטן אים, און איך האָב געמוזט טראָגן די גרויסע פּעק זונטאָגדיקע צײַטונגען אויף זיך.

אַ פּאָר בלאָק פון אונדז האָט געהאַלטן אַ גרויסן ענלעכן געשעפט מײַן שותּפטעס אַ פרײַנט מיטן נאָמען עפּשטיין. ער האָט איר אַ סך אַרויסגעהאָלפן מיט געלט און מיט עצות ווי צו פירן דעם געשעפט. איז איינמאָל געקומען צו אונדז מיסעס עפּשטיין און בעט מיך, איך זאָל קומען צו זיי אַרבעטן. איר עלטערער זון וויל גיין אין קאָלעדזש, קען ער אין קראָם ניט העלפן. איך האָב זיך דערפרייט, ווײַל אויך מיר אַליין איז שוין נמאס געוואָרן אַזאַ שווער לעבן. און אַז עס איז געקומען אַ מענטש און וויל מיר געבן אַ שטעלע ביי זיך, בין איך געווען זייער צופרידן און אַפילו דאַנקבאַר. און איך בין אַוועק אַרבעטן צו די עפּשטיינס. מען האָט מיך אַוועקגעשטעלט ביי דער קענדי־אָפּטיילונג. אָבער לאַנג בין איך דאָרט ניט געשטאַנען. אין דער אמתן האָבן זיי מיך ניט געדאַרפט, זיי האָבן געהאַט אייגענע קינדער. זיי האָבן מיך נאָר גענומען אויף דער בקשה פון מײַן שותּפטע וואָס האָט געוואָלט פון מיר פּטור ווערן, אַזוי האָב איך עס שפּעטער פאַרשטאַנען.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מיך אָנגענומען אַ דריטער צײַטונגס־פאַר־קויפער אויף דער זעלביקער גאַס. זײַן סטענד איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן דער קראָם, וואו איך בין פריער געווען אַ שותּף. דאָרט איז מיר געווען גאָר שלעכט. עס איז געווען אַ יונג פּאָרפאָלק און זיי האָבן געהאַט דריי מיידעלעך, איינע אונטער דער צווייטער. דאָס דריטע קינד איז אַלט געווען אַרום דריי יאָר. די באַלעבאָסטע איז קיין באַלעבאָסטע ניט געווען, און ווען איך בין אַריינגע־

קומען אין הויז עסן איז זי אַוועק צום סטענד העלפֿן איר מאַן. אין הויז איז געווען שמוץ ביזן האַלדז. איך האָב זיך געמיאוסט צו נעמען אַ שטיקל ברויט פֿון טיש און אַ שטול צו זעצן זיך אויף איר... דאָרט בין איך אָפּגעשטאַנען אַ צוויי־דריי וואָכן און אַוועק.

פֿון צייט צו צייט בין איך געפֿאָרן צו מיין שוועסטער אין ברוקלין, וואו איך האָב אָפּגעגעסן אַ מאָלצייט און איבערגעשלאָפֿן אַ נאַכט אויף צונויפֿגעשטעלטע שטולן אין קיך. אָבער צו אָפֿט האָב איך עס ניט געקאָנט טאָן, ווייל מיין שוועסטער איז שוין דעמאָלט געווען זייער קראַנק און געוואוינט מיט איר מאַן און דריי קינדער, אין צוויי קליינע חדרימלעך.

* * *

איך האָב געזוכט אַרבעט ביי וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן. האָב איך באַגעגנט מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן אויף איסט בראָדוויי. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער אַרבעט ביי אַ ציַיטונגס־סטענד, ביי איינעם אַ מיסטער לוריע, אויף קאָלאָמבוס עוועניו און 83טע גאַס. ער גייט אַוועק פֿון אים און אויב איך וויל, וועט ער מיר איבערגעבן זיין שטעלע. די שכירות זיינען זעקס דאָלער אַ וואָך. שלאָפֿן וועל איך אין זעלביקן צימער מיטן באַלעבאָס, וועלכער איז דאָ אויך אַליין, אָן אַ פֿאַמיליע. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט און איבערגענומען די שטעלע.

איך מיטן באַלעבאָס זיינען אויפֿגעשטאַנען אין דער זעלביקער צייט צו דער אַרבעט. ער האָט אויפֿגעעפֿנט דעם „סטענד" און איך בין געגאַנגען אַרונטערטראָגן די פּעקלעך ציַיטונגען פֿון דעם עלעווייטעד סטיישאָן אויף קאָלאָמבוס עוועניו. פֿאַנאַנדערבינדנדיק די פּעקלעך, האָט ער מיר געגעבן אַ ביסל ציַיטונגען פֿאַנאַנדערצוטראָגן אין די דערבייאיקע הייזער און ער אַליין האָט דערווייל אויסגעשריבן דעם „ראַוט". ווען איך בין צוריקגעקומען האָב איך גענומען דעם שווערן פּאַק ציַיטונגען אויף אַ רימען אונטערן אָרעם און געלאָפֿן אין די וויַיטערע גאַסן זיי פֿאַנאַנדערצוטיילן. ער האָט מיר נאָכגעשריען: „האָסל, האָסל" !...

מיין נייער באַלעבאָס איז געווען זייער אַ גייציקער און האַרטער מענטש. פֿאַרן אַוועקגיין פֿון סטענד פֿלעגט ער איבערציילן די ציַיטונגען און זשורנאַלן, איך זאָל ניט קענען צוגנבענען קיין 10 סענט. דער סטענד איז געשטאַנען אויפֿן ראָג־גאַס, אָן אַ ביידל און אָן וועלכער עס איז באַשיצונג פֿון רעגן. איך האָב פֿאַר די זעקס דאָלער אַ וואָך געצאָלט העלפֿט דירה־געלט פֿאַרן צימער און פֿאַר מיין אייגן געלט געגעסן.

פֿון פֿינף ביז זיבן אין דער פֿרי האָב איך געמאַכט דעם „ראַוט". פֿון זיבן ביז ניין בין איך געשטאַנעןביים סטענד צוזאַמען מיטן באַלעבאָס. ניין דעם זייגער איז דער באַלעבאָס געגאַנגען עסן און צען דעם זייגער בין איך געגאַנגען אַהיים אָפּרוען און עסן אָנבייסן און דריי דעם זייגער נאָך מיטאָג בין איך שוין ווידער געווען ביים סטענד ביז אַ זייגער זיבן־אַכט אין אָוונט.

איינמאָל האָב איך פאַרטאָג גייענדיק אין דער פינצטער איבער טרעפּן, צעקלאַפּט זיך אַ פּוס. בעת מעשה האָט מיר ניט שטאַרק ווי געטאָן, האָב איך פאַרענדיקט דעם ראוט. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מיר די קני געשוואָלן געוואָרן. איך בין געבליבן ליגן אין בעט צוויי וואָכן. מיין באַלעבאָס האָט דערווייל אַריינגענומען אַן אַנדערן אויף מיין אָרט, אַ שגצל; האָט אים יענער באַגנבעט. אָבער אַז איך בין געזונט געוואָרן, האָט מיר לוריע געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אויב איך וועל אים אַרונטערלאָזן אַ דאָלער אַ וואָך, וועט ער מיך צוריקנעמען צו דער אַרבעט. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט און צוגעשטימט. דאָס איז געווען ווינטער.

זינט לוריע האָט ביי מיר אַרונטערגעריסן דעם דאָלער פון מיינע שכירות, האָט ער דערפילט די שנאה וואָס איך האָב געהאַט צו אים און ער האָט אָנגע־הויבן זוכן אַן אַנדער מענטש אויף מיין אָרט. ער פלעגט אָוועקפאָרן דאַון־טאַון צו די אַגענטן און מיך איבערלאָזן אַליין ביים סטענד. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט איבערגעציילט די זשורנאַלן פריער און נאָכדעם.

אַרום סוף־ווינטער, אין די רעכטע שלעכטע וועטערן: רעגן און שניי, האָט ער מיך איינמאָל געלאָזן אַליין ביים סטענד פון אינדערפרי ביז אַזייגער פיר פאַרנאַכט. איך בין אויסגעווייקט געוואָרן אין מיין דינעם, ווינטער־מאַנטל און ניט־גאַנצע שיך. האָב איך זיך צוגעקילט. ער האָט געפונען אַ מענטשן אויף מיין אָרט און איך בין אַוועק צו מיין שוועסטער אין ברוקלין. איך האָב געקראָגן אַ הויכע טעמפּעראַטור. ווען איך בין אַריין צו דאָקטאָר פּרייס, וואָס האָט גע־וואוינט דערביי, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך האָב פלורעסי. ער האָט מיר געגעבן אַ בריוו איך זאָל זיך מיט דעם ווענדן אין אַ יידישן שפּיטאָל. מיין פלימעניצע איז מיט מיר אַרומגעגאַנגען איבער די שפּיטאָלן אין דעם סוף־ווינטערדיקן „ניומאָניע־וועטער". אָבער די יידישע שפּיטאָלן זיינען געווען איבערגעפילט, אַזוי האָבן זיי מיר יעדנפאַלס געזאָגט.

צום סוף האָב איך געפונען אַ קריסטלעכן שפּיטאָל אין ברוקלין, אונטערן וויליאַמסבורג־בריק, וואו מען האָט מיך אַריינגענומען. איך האָב באַצאָלט פאַר צוויי וואָכן אין פאָראויס אַכט און צוואַנציק דאָלער. מ׳האָט מיך אַוועקגעלייגט אין אַ קעלער, וואו די פענצטער זיינען געווען נידעריקער ווי דער טראָטואַר אין גאַס. אין זעלביקן צימער זיינען געלעגן עטלעכע טיפוס־קראַנקע.

דעם ערשטן טאָג איז צוגעקומען אַ דאָקטאָר, מיך אונטערזוכט און אַוועק. אויפן פערטן טאָג האָט מען מיך איבערגעפירט אין אַ צווייטן „וואָרד" (שפּיטאָל־צימער) אויך אין דער זעלביקער קעלער־שטוב. די צווייטע בעט פון מיינער האָט פאַרנומען אַן אַלטער מאַן, אַ בלינדער, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געמורמלט אַ ליולקע. דער רויך האָט מיר געשטיקט אין האַלדז. די דאָקטוירים זיינען נאָך איינמאָל צוגעקומען פאַר די גאַנצע צוויי וואָכן וואָס איך בין דאָרטן געלעגן.

איין טאָג איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ ריזיקער איירישמאַן מיט אַ צע־בראָכענעם פוס. אַז ער האָט מיך דערזען אַ ניט־געגאָלטן, האָט ער זיך געוואָלט אויפהויבן און גיין שלאָגן דעם „שיני מיט דער וויסקי". צום גליק האָט ער

זיך ניט געקענט אויפשטעלן פון בעט. אַ צווייטן מאָל, שפּעט ביינאַכט, איז אַריינגעפירט געוואָרן אַ הויכער, ברייטער נעגער, מיט אַ געשוואָלענעם אויג. ווייזט אויס, אַז ער האָט געהאַט גרויסע ווייטיקן און זיך ניט געקענט באַרואיקן. האָט דער באַדינער געבראַכט אַ גרויסן, ווייסן שטעקן, און האָט אים געשלאָגן. נאָכדעם האָט ער און די נוירס, אַ יונגע, בלאָנדע מיידל, צוגעבונדן דעם שוואַרצן צום בעט.

קיין עסן האָט מען מיר כמעט די גאַנצע צייט ניט געגעבן; נאָר ווען עס איז געקומען דער לעצטער טאָג פון די צוויי וואָכן, האָט מען אויף אַ וועגעלע צוגעפירט צו מיין בעט אַ גרויסן מאָלצייט און נאָכדעם געהייסן מיר זיך אָנטאָן און גיין אַהיים.

נאָך דער פּלורעסי־ניומאָניע, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, זיינען די לונגען ביי מיר געווען אָנגעגריפן און דר. פּרייס האָט מיר געראָטן איך זאָל אַוועקפאָרן קיין ליבערטי, אַ שטעטל הויך אין די קעטסקיל־בערג, דאָרט זיך צו דערהאָלן.

געלט אויף צו זיין אין ליבערטי, האָב איך געקראָגן פון אַן אונטערנעמונג, וואָס ש. יאַנאָווסקי האָט אַראַנזשירט פון מיינטוועגן אין קלינטאָן האָל. א. ליעסין האָט אָנגעשריבן אַ קליינעם אַרטיקל „דער קראַנקער פּאָעט" אין שבת־דיקן „פאָרווערטס". דער זאַל איז יענעם אָוונט געווען געפּאַקט און די אונ־טערנעמונג האָט אַריינגעבראַכט 123 דאָלער. עס האָט געקאָסט 25 און 35 סענט אַריינצוגיין.

ווען דער אָוונט איז פאָרגעקומען בין איך שוין אין שטאָט ניט געווען.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ קאָמישע פּאַסירונג פון יענע טעג. מיר זיצן איינ־מאָל אין רעסטאָראַן — איך, איגנאַטאָוו, מאַני־לייב, חיימאָוויטש — און מיר מאַטערן זיך אָנצושרייבן אַ נאָטיץ פאַרן „פאָרווערטס" וועגן דעם אָוונט, אַז אין דעם און דעם טאָג, אַכט אַזייגער אין אָוונט, וועט פאָרקומען אַ גרויסער קאָנצערט אין קלינטאָן האָל פאַר אַ קראַנקן פּאָעט. זיי, די גרויסע שרייבער, שרייבן און מעקן. וואָס איינער שרייבט אָן, געפעלט ניט דעם צווייטן. און קיינער געפינט ניט די ריכטיקע ווערטער.

עס איז שוין עלף דער זייגער ביינאַכט און דער טיש איז פאַרוואָרפן מיט פאַרשריבענע פּאַפּירלעך און אָנהייבן פונעם נאָטיץ, און מיר קענען אַלץ צו קיין טאָלק ניט קומען. מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין איינער פון די נייעס־שרייבער פון „פאָרווערטס" און ער נעמט און שרייבט אָן אין צוויי מינוט פּונקט דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט. דער „פאָרווערטס" האָט דאָס אויף מאָרגן אָפּגעדרוקט.

דאָס זיינען געווען די לעצטע טעג פון פּסח. איך בין געשלאָפן ביי מיין שוועסטער אין ברוקלין, פּרייטיק אינדערפרי, ווען איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן אין ליבערטי, זיינען אַריינגעקומען אין שטוב מיינע חברים: מאַני־לייב, זישע לאַנדאַו, י. י. שוואַרץ און דאַכט זיך אויך יוסף באָנק. זיי זיינען געקומען געזעגענען זיך מיט מיר...

* * *

איך בין איינגעשטאַנען צען וואָכן אין ליבערטי אין אַ האָטעל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ הויכן באַרג. איך בין געשלאָפן אין פּיטשינקן צימערל אויפן דריטן שטאָק. מיין איינציק קליין פענצטערל איז אַרויס צו די בערג, וואו אַ דיקער וואָלקן איז געלעגן צווישן זייערע שפּאַלטן. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך געווען אַזוי נאָענט צו בערג און וואָלקנס. אָבער אין דער זעל־ביקער צייט האָט דער רויך פון קוימען, האַרט ביי מיין פענצטער, אָנגעפילט מיין צימער.

דער צימער מיט עסן האָט געקאָסט אַכט דאָלער אַ וואָך. אויפן צווייטן שטאָק, וואו די צימערן זיינען געווען גרעסערע, האָט געקאָסט ניין דאָלער און אויפן ערשטן שטאָק, וואו די קראַנקע האָבן ניט געדאַרפט גיין קיין טרעפּ, האָט געקאָסט צען דאָלער אַ וואָך.

מיר זיינען געווען אַרום צוואַנציק געסט אין האָטעל און האָבן געגעסן ביי צוויי לאַנגע טישן, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער לענג איינער נאָכן אַנדערן. דער באַלעבאָס, מיסטער עמבער (זיין אמתער נאָמען איז געווען בור־שטין) אַליין אַ קראַנקער יונגערמאַן, איז געזעסן אויבן־אָן ביים ערשטן טיש און אונטערהאַלטן די געסט. עסן האָט מען דאָרט געגעבן אַ סך און גוט. מיר האָבן געגעסן פלייש צוויי מאָל אַ טאָג: איין טאָג אינדערפרי און צו מיטאָג און דעם צווייטן צו מיטאָג און אָוונט. גרויסע קרוגן מילך זיינען געשטאַנען אויפן טיש צו אַלע דריי מאָלצייטן. די פּאַציענטן־געסט האָבן געטרונקען און גע־געסן מער וויפיל מען האָט געוואָלט. מיר אַלע האָבן דעמאָלט געגלויבט, אַז וואָס מער מיר וועלן עסן, אַלץ גיכער וועלן מיר געזונט ווערן.

אָבער ניט אַלע האָבן געגעסן. די שיינע קלאַרע, אַ רומענישע יונגע ווייבל און איר חברטע בוניע, האָבן כמעט גאָרניט געגעסן. מיר פלעגן קוקן אויף זיי און זיי באַדויערן. זיי זיינען געווען טויט־קראַנק. געווען אַ יונגער בחור פון אַ שטעטל לעבן דער מיר, וואָס איז אויך געווען זייער קראַנק און איז טאַקע אינגיכן געשטאָרבן. די געזינטערע געסט האָבן זיך אַמוזירט און אַפילו גע־פירט ליבעס צווישן זיך.

צווישן די געסט האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט אַליין געהאַט אַ האָטעל ניט ווייט פון ליבערטי. ער איז געקומען אין אונדזער האָטעל, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז ער וועט שעדיקן זיינע „געשעפטן", ווען זיינע געסט וועלן דערזען ווי ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּאַפּירענער קעסטעלע, אין וועלכער די קראַנקע שפּייען אַריין.

די ערשטע פּאָר וואָכן איז מיר אָנגעקומען זייער שווער אַרויפצוקלעטערן צו מיין צימער אויפן דריטן שטאָק. איך האָב זיך געדאַרפט אָנהאַלטן אָן די פּאַרענטשעס פון די טרעפּ. אין די לעצטע וואָכן פון מיין זיין דאָרט, בין איך שוין אַרויפגעלאָפן די טרעפּ, ווי עמיצער וואָלט מיך נאָכגעיאָגט. אַז איך בין געקומען אין ליבערטי האָב איך געוואויגן 113 פונט, ביים אָוועקפאָרן פון ליבערטי איז מיין וואָג געווען 151 פונט.

ווען איך בין געקומען קיין ניו יאָרק און צוגעגאַנגען צו פּיפּערס רעסטאָ־ראַן, האָב איך דערזען שטייענדיק אין דרויסן אַ יונגן בחורל. מען האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר מיר: מ. ל. האַלפּערין. אין גיכן האָב איך געלייענט זיין אָפּגעדרוקטע פּאָעמע „די פּרוי", אַ לאַנגע ליד אין דריי שורהדיקע פערזן, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם צווישן די חברים.

* * *

נאָך מיין שוועסטערס טויט, אין אָסיען 1911, איז מיין פּלימעניצע אַוועק־געפאָרן צו אירער אַ חברטע פון דער היים, קיין סאַן אַנטאָניאָ, טעקסעס. און דער שוואָגער מיינער האָט פאַרקויפט זיין קראָם צו זיין ברודער.

איך האָב זיך געדאַרפט אַרויסקלייבן צוליב צוויי אורזאַכן. ערשטנס, האָב איך געדאַרפט מאַכן פּלאַץ פאַרן בייעם באַלעבאָס פון דער דירה, וועלכע איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער קראָם און צווייטנס, האָב איך דאַן געאַרבעט אויף טשיימבערס סטריט, לעבן בראָדוויי, און עס האָט געדויערט לאַנג צו פאָרן פון ברוקלין ביז בראָדוויי, ניו יאָרק. האָב איך געזוכט אַ וואוינונג ערגעץ דאַון־טאַון.

איך האָב געהאַט בלויז דעם איין טאָג — זונטיק — צו געפינען אַ צימער. איך בין געקומען דאַון־טאַון און אָנגעהויבן זוכן די שילדלעך אויף די אושאקעס פון די הייזער. ביז איך בין אָנגעקומען אויף ראָטגערס סטריט. דאָרט האָב איך געפונען אַ צימער אויפן דריטן שטאָק. איז אָבער די טיר פון מיין צימער צו דער באַלעבאָסטעס צימער געהאָנגען נאָר אויף דער אונטערשטער זאַוויעסקע און ניט צוגעמאַכט זיך, האָב איך מורא געהאַט אַז דאָס וועט מיר שטערן אין מיין איינזאַמקייט. איך האָב געבעטן, אַז זי זאָל די טיר פאַרריכטן, האָט עס ביי איר אַרויסגערופן אַ חשד, אַז איך טו ניט קיין כשרע זאַכן ביי מיר אין צימער און דערפאַר וויל איך אַז די טיר זאָל זיין פאַרשלאָסן. זי האָט מיר געזאָגט: „מסתמא ברענגט איר מיידלעך אָדער גנבות צו זיך אין צימער, וויל איך אייך דעם צימער ניט פאַרדינגען".

אַ גערעכטע טענה.

איז וואָס זשע טוט מען דאָ, אַז אינגאַנצן האָב איך בלויז עטלעכע שעה צייט צו געפינען אַן אַנדער צימער? דערמאָן איך זיך, אַז אין ראָטגערס און טשערי סטריט האָט מיין פריינט לואי האַרקאָווי אַן אַפּטייק, זאָל זי זיך אָנ־פרעגן ביי אים אויף מיר.

האָט זי אַוועקגעשיקט איינס פון אירע קינדער דאָרט זיך נאָכפרעגן.

איז גראָד יענעם זונטיק בייטאָג האַרקאָווי ניט געווען אין אַפּטייק און ווען דאָס מיידל האָט געפרעגט ביים „קלוירק" צי ער קען איינעם מיטן נאָמען ראָלניק, האָט דער קלוירק געענטפערט, אַז ער קען ניט קיין מענטשן מיט אַזאַ נאָמען.

דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס איך מיט לואין, קומענדיק ביידע פון איין שטעטל, מיר, האָבן זיך גערופן אויפן היימישן אופן, מיט די ערשטע נעמען.

איך האָב אים גערופן לואי און ער מיך יאָסל. דערפֿאַר האָט דער קלוירק ניט געוואוסט, אַז מיין צווייטער נאָמען איז ראַלניק. און זי האָט מיר דעם צימער ניט פֿאַרדונגען. איך האָב זיך ביי איר קוים איינגעבעטן, אַז ווען איך וועל קומען מיט מיין טשעמאָדאַן, זאָל זי מיך לאָזן אַוועקשטעלן אים ביי איר אין שטוב ביז איך וועל געפֿינען אַן אַנדער צימער.

איך בין אַוועקגעפֿאָרן צוריק אין וויליאַמסבורג און געבראַכט אַ קליינעם וואַליז. דעם גרויסן מיט מיינע וועש און מאַנוסקריפּטן האָב איך אַרונטערגע־טראָגן אין קעלער פֿון קראָם. זאָל עס שטיין דאָרט ביז איך וועל קומען אָפּנעמען. (דער סוף איז געווען, אַז ווען איך בין געקומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מיין וואַליז, איז ער שוין ניט געווען. אויף מיין פֿראַגע ביי מיין שוואָגערס ברודער און מיין לאַנגיאָריקן פֿריינט, וואו דער וואַליז איז אַהינגעקומען, האָט ער מיר גע־ענטפֿערט, אַז ער האָט געזען ווי די דזשעניטאָרין פֿון הויז האָט אַרויסגע־טראָגן דעם טשעמאָדאַן פֿון קעלער אין דרויסן, די פּאַפּירן אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן ווינט, וואָס עס האָט נאָכדעם פּאַסירט מיטן טשעמאָדאַן ווייס ער ניט).

דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל דאָ אין ניו יאָרק, וואָס אַ פֿרעמ־דע האַנט האָט אַוועקגעלאָזט מיטן ווינט מיין אָפּגעהיט „פֿאַרמעגן“.

דאָס ערשטע מאָל איז געווען אין 1901, ווען איך האָב איבערגעלאָזט מיינע מאַנוסקריפּטן ביי מיין פֿריינט לואי האַרקאַווי און אַז איך בין צוריק־געקומען אין 1907 קיין אַמעריקע, האָב איך קיין סימן פֿון זיי ניט געפֿונען.

צי עס האָט געהאַט אַ ווערט געדרוקט צו ווערן — ווייס איך היינט ניט. מיר אָבער האָט עס שטאַרק וויי געטאָן. עס איז מיר געקומען אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אומגעריכט.

איך בין צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק און געפֿונען אַ צימער. אין דער אמתן איז עס ניט געווען קיין צימער, נאָר אַ בעטל, אויפֿגעשטעלט אויפֿן מיטן דיל. דאָס איז געווען אין 92 מעדיסאָן סטריט, אַן אַלטע שטיבל אין אַ הויף, אין פֿראָנט, צום גאַס, איז געשטאַנען אַן אַנדער הויז וואָס האָט געטראָגן דעם נומער פֿאַר דעם שטיבל אויך.

(דער נומער פֿון הויז געדענקט זיך מיר זייער גוט, ווייל שפּעטער ווען איך האָב געאַרבעט אין „טאָג“, פֿלעג איך אַלעמאָל פֿאַרבייפֿאָרן מיטן סטריט־קאַר און שפּעטער מיטן באָס פֿאַרביי דעם הויז און דער נומער איז מיר געבליבן אין זכרון).

די טיר פֿון הויז האָט אַריינגעפֿירט אין אַ דריי־צימערדיקער דירה. דער ערשטער צימער איז געווען דער עס־צימער, וואָס האָט געהאַט אַ שמאָל פֿענצטערל צו אַ נאָענטער וואַנט פֿון אַ צווייטן הויז. דער צווייטער צימער אויף דער לינקער זייט, איז געווען אָן פֿענצטער, אָבער די וואַנט צווישן דיביידע צימערן איז געווען נאָר ביז אַ העלפֿט אין דער הויך און די האַלב אָפֿענע וואַנט האָט געגעבן אַ ביסל ליכט פֿון איין צימער אין דעם צווייטן. דער דריטער צימער, צום הויף, האָט געהאַט צוויי פֿענצטער און די פֿענצטער האָבן באַלויכטן

אַלע דריי צימערן און וואָס נעֶנטער צו די פענצטער איז געווען אַלץ ליכטיקער. פאַרדונגען האָט מיר די באַלעבאָסטע די סאָפקע ביי דער וואַנט אין דעם ליכטיקן צימער פאַר דריי דאָלער אַ חודש, אָבער אַז איך בין געקומען אין אָוונט „אַהיים״, האָב איך געפונען אויף דער סאָפקע שלאָפנדיק אַן אַנדערן קוואַרטיראַנט און פאַר מיר איז געווען אויפגעשטעלט אַ בעטל אינמיטן צימער.

די דירה איז געווען זייער אַ קליינע און עס זיינען דאָרטן געשלאָפן זעקס מענטשן שוין אַריינגערעכנט אַ קינד פון צוויי און האַלב יאָר. דער באַ־לעבאָס, אַ יונגער מענטש וואָס האָט געאַרבעט ביי הויזן, ניט קיין גרויסער פאַרדינער, מסתמא; אַ יונגע, שיינע פרוי, וואָס איז געווען שוואַנגער מיט אַ צווייט קינד; דעם באַלעבאָס׳ אַ שוועסטער, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ; אַן אַנדער באָרדער און איך — צוזאַמען זעקס מענטשן. איך זאָג געשלאָפן און ניט געוואוינט, ווייל דער צווייטער באָרדער און איך זיינען דעם גאַנצן טאָג אין הויז ניט געווען. איך פלעג נאָך דער אַרבעט אַוועקגיין אין רעסטאָראַן און דאָרט אָפּזיצן ביז 11 אַזייגער מיט מיינע חברים.

* * *

געאַרבעט האָב איך ביי מיינעם אַ לאַנדסמאַן אין אַ שאַפּ, וואו מען האָט געמאַכט „סוירטש־לייטס״ (זוך־לאָמפּן) און לעמפּלעך פאַר קריסטמעס־ביימלעך. דער שאַפּ איז געווען ניט קיין גרויסער. אין מיטן קליינעם שאַפּ איז געשטאַנען אַ קעסל, וואו עס האָט זיך אַלעמאָל געקאָכט סמאָלע צו פאַרלייטן די „סוירטש־לייטס״. עס האָבן דאָרט געאַרבעט אַ 30־40 מענטשן, דערהויפּט גריכישע און טערקישע יידן. דער באַלעבאָס, וועלכער האָט געוואוינט אַ לענגערע צייט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געקענט זייער שפּראַך און ער האָט זיי אַרונטערגענומען גלייך פון שיף און זיי אַריינגעזעצט אין שאַפּ. זיי האָבן געאַרבעט פאַר אַ נידעריקן געהאַלט, (ער האָט געהאַט מיט זיי אַזאַ אָפּגעשריבענעם אָפּמאַך וועגן שכירות.) זיי האָבן דאָך ניט געוואוסט פון קיין אַנדערע פּלעצער וואו מען האָט געצאָלט מער, און ער האָט מיט זיי געקאָנט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט, יעדנפאַלס, צו יענער צייט אין אָנהייב יאָרהונדערט.

איך האָב געזען אין שאַפּ אַרומגיין עטלעכע אַרבעטער מיט אָפּגעהאַקטע פינגער. געווען אין שאַפּ אַזאַ געווערקל, וואָס האָט געמאַכט רונדע, בלעכענע קעפּלעך צו די באַטעריס. אַן אַרבעטער האָט געדאַרפט אַרויפלייגן מיט אַ פינגער אַזאַ גלייכן בלעכל אויף דעם געווערקל און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געדאַרפט מיטן מעכאַנישן האַמער אַ קלאַפּ טאָן פון אויבן. ווען ער האָט קלאַפּ געגעבן מיטן האַמער, האָט ער געדאַרפט צוכאַפּן דעם פינגער. דאָס האָט געדאַרפט געטאָן ווערן זייער שנעל און נאָכאַנאַנד. עס האָט געטראָפן, אַז דער אַרבעטער האָט ניט באַוויזן צוצוכאַפּן דעם פינגער אין צייט און דער האַמער האָט דעם פינגער אָפּגעהאַקט. דעמאָלט האָט מען ניט גערופן קיין פּאָליציי און ניט געמאַכט קיין אַקט, נאָר דער באַלעבאָס האָט גערופן ז י י ן דאָקטאָר און ער האָט שוין געטאָן, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַר דעם אין

חלשות־ליגנדיקן אַרבעטער. איז, אַ חוץ דעם פעלנדיקן פינגער, דער פּאַציענט געוואָרן אינגאַנצן געזונט און געבליבן ווייטער אין שאַפּ ביי אַן אַנדער טייל פון דער אַרבעט.

אַ גוטער אַרבעטער האָט דאָרט פאַרדינט אַרום 12 דאָלער אַ וואָך.

מיך האָט אַהין אַרויפגענומען אַ לאַנדסמאַן מיינער און אַ גוטער פריינט, וואָס איז געווען דער פאָרמאַן אין שאַפּ.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויספּרואוון (טעסטן) די קרענצלעך קריסטמעס־לעמפּלעך, צי זיי צינדן זיך אַלע אָן. איך האָב צוגעלייגט דעם מעטאַלענעם ברעג פון קרענצל צו אַן עלעקטרישן־געשטעל און יעדעס לעמפּל באַזונדער אַריינגעדרייט און געפּרואווט צי ער צינדט זיך אָן. און ווען דער ערשטער פון די צוועלף האָט זיך אָנגעצונדן, האָב איך אים אַרויסגעדרייט און אַריינגעדרייט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט. (דאָס איז געווען אַ מין מאַכן קאָרעקטור, נאָר די לעמפּלעך האָבן געדעדט צו מיר ליכטיקער און קלאָרער, ווי די שורות וואָס איך האָב שפּעטער געדאַרפט פאַרריכטן, אַרבעטנדיק אין אַ צייטונג).

איך בין געזעסן ביי מיין טיש מיט נאָך עטלעכע אַרבעטער, גאַליציאַנער יונגע לייט, וואָס האָבן זיך כסדר באַרימט, אַז זיי זיינען ווינער, ניט קיין גאַ־ליציאַנער.

דער נייער באַלעבאָס איז אָפּט צוגעקומען צו מיר און געזאָגט, אַז אַ גוטער אַרבעטער מאַכט 300 טוץ אַ טאָג און איך האָב די ערשטע וואָכן געמאַכט אַרום 60 טוץ און שפּעטער דערגרייכט ביז 200. קיין 300 טוץ האָט קיינער ניט געמאַכט. ער האָט דאָס נאָר געזאָגט כדי צו הייבן מיין ענערגיע. די ערשטע פּאָר וואָכן האָט ער מיר געצאָלט פיר דאָלער אַ וואָך. די לעצטע וואָכן האָב איך שוין באַקומען גאַנצע 6 דלער אַ וואָך. אָבער צוויי וואָכן פאַר קריסטמעס האָט ער מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט; איך האָב שוין גענוג לעמפּלעך אָנגעצונדן פאַרן יום־טוב.

דעמאָלט בין איך ווידער געוואָרן אַ ליידיקגייער און בין אָפּגעזעסן גאַנצע טעג און נעכט אין רעסטאָראַן.

* * *

אין אַ שבת אָוונט, זיצנדיק ביי אַ טישל האָב איך דערפילט אַ פול מויל מיט פליסיקייט. איך בין אַרויסגעגאַנגען און אויסגעשפּיגן — בלוט. איך האָב צוגערופן מ. ל. האַלפּערין און אים געוויזן. איך האָב זיך פּלוצים דערפילט מאָדנע. עפּעס ניט פון דער וועלט, ווי איינער וואָס דערזעט זיך שטייענדיק איבער אַן אָפּגרונט. דאָס איז געווען ניט שרעק, נאָר אַ געפיל פון ניט־דאַאיקייט. גוט און זיס און פול מיט מחילה און אין די שלייפן האָט גע־פייקלט — ניט קיין היגער...

דאָס איז געווען קירצלעך פאַר קריסטמעס. איך האָב געמאַכט אַן אַפּליקאַציע אין בעדפאָרד סאַניטאָריום, לעבן ניו יאָרק. איך בין אָוועק פאַר

אַן אונטערזוכונג אין זייער שטאַטישן אָפיס. זיי האָבן מיך אָנגענומען און געהייסן קומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום ווידער. אַזוי בין איך אָפּגעגאַנגען אין אָפיס דעם גאַנצן ווינטער ביז דעם טאָג פון סאַמע ערב פּסח, ווען מען האָט מיך אַריינגענומען אין סאַניטאַריום.

פון מיינע פאַרדינסטן אין שאָפּ האָב איך אָפּגעשפּאָרט 23 דאָלער, דערצו האָב איך פון צייט צו צייט פאַרקויפט אַ ליד אָדער צוויי און באַקומען פון צוויי ביז דריי דאָלער.

מיט די אָפּגעשפּאָרטע 23 דאָלער, בין איך דורכגעקומען דעם גאַנצן ווינטער. געצאָלט דירה־געלט, לאָנדרי, שערער, טרינק־געלט פאַרן קעלנער, כדי ער זאָל לאָזן זיצן אין רעסטאָראַן, (ער פלעגט זיך שטעלן הינטער מיין שטול און אַ זונג געטאָן: „אַ קאָפּעלע״ ?) איז מיר איבערגעבליבן 17 סענט אַ טאָג אויף עסן. דערפון האָב איך זיך נאָך געקענט פאַרגינען צו לייען אַ חבר 5 אָדער 10 סענט. מיין עסן איז געווען דריי מאָל אַ טאָג קאָפע מיט אַ חצי־לבנהדיקער זעמעלע.

דירה־געלט האָב איך געצאָלט פּינקטלעך, דעם 1טן פון יעדן חודש. נאָר דעם לעצטן חודש פאַר מיין אַוועקפאָרן אין בעדפאָרד, ווען איך האָב זיך גערעכנט אַז היינט־מאָרגן וועט מען מיך רופן אין סאַניטאַריום, האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן צו באַצאָלן דירה־געלט אין פאָרויס, ווייל ווען איך באַצאָל פאַרן גאַנצן חודש און איך פאָר אַוועק פריער, וואָלט איך געדאַרפט מאָנען פאַר די ניט־דערוואוינטע טעג און דאָס וואָלט איך ניט געקענט. האָב איך בעסער גערעכנט צו באַצאָלן דעם טאָג פאַר מיין אַוועקפאָר. איינמאָל אַרום ניין אַזייגער אין דער פרי, ווען איך בין געלעגן אין בעט, איז מיין באַלעבאָסטע, געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און איך האָב געהערט ווי זי מסרט פאַר דער שכנה אויף איר קוואַרטיראַנט, וואָס האָט נאָך ניט באַצאָלט קיין דירה־געלט דעם חודש.

אין אַ וואָך אַרום, אין אַ פרימאָרגן, איז מיר אָנגעקומען די ידיעה, אַז איך דאַרף זיך היינט צושטעלן אין אָפיס און פון דאָרט אַוועקפאָרן אין סאַני־טאַריום. האָב איך באַצאָלט דער באַלעבאָסטע וויפיל עס איז איר געקומען און גענומען די סטריט־קאַר צום אָפיס. אויפן וועג, זיצנדיק אין קאַר, האָב איך אָנגעטראָפן אסתרן, משה יונה׳ס פרוי. איך האָב איר געבעטן צוגיין צו מיין באַלעבאָסטע און דאָרט אָפנעמען מיין טשעמאָדאַן. ווען זי איז געקומען האָט איר די באַלעבאָסטע געפרעגט: ווער איז דאָס געווען איר באָרדער, וואָס איז כסדר געשלאָפן ביז צען דעם זייגער אינדערפרי? אסתר האָט איר געזאָגט, אַז איך בין אַ שרייבער. האָט זי, די באַלעבאָסטע, געבעטן אַן אַנטשולדיקונג: „ווען איך ווייס דאָס פריער״ — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך אים גאָר אַנדערש באַהאַנדלט״.

* * *

ווען איך בין אָנגעקומען אין סאַניטאַריום, האָט דער הויפּט־דאָקטאָר, דר. ראָזענבערג, מיט זיינע אַסיסטענטן אונטערזוכט מיך און נאָך צוויי חולאים.

מיך און אַ צווייטן פּאַציענט האָבן זיי באַהאַנדלט מענטשלעך קאָרעקט, אָבער פון דעם דריטן פּאַציענט, אַ סטאָליער, אַ ייִנגערן פון מיר, האָבן זיי חוזק געמאַכט און אויסקלאַפּנדיק אים די פּלייצע, האָבן זיי אין איין וועג אויך אויסגעקלאַפּט די פּאַטילניצע.

נאָך דער אונטערזוכונג האָט מען מיך אַריינגעלייגט אין בעט אויף צוויי טעג. אויפן דריטן טאָג האָט מען מיך געלאָזט אַרונטערגיין אין עס־צימער. אויפן וועג פון די שלאָפצימערן צום עס־צימער, אונטן אין קאָרידאָר איז געזעסן דער הויפּט דאָקטאָר אויף אַ שטול און יעדער איינציקער האָט געמוזט אים פאַרבייגיין מיט אַרונטערגעלאָזטע הענט, דעם בליק אויסגעשטעלט גלייך אויף אים. אַוועקגעזעצט האָט מען מיך ביי אַ לאַנגן טיש.

טישן זיינען געווען אַרום אַ טוץ. גלייך ביים אַריינגאַנג אין עס־צימער, צו דער לינקער זייט, איז געשטאַנען אַ טיש פאַרן דאָקטאָר מיט זיינע געהילפן, דעם אַפּטייקער, בוכהאַלטער און גלאַט „שיינע מענטשן״, ווי אַמאָל אין דער מירער ישיבה. איך האָב זיך ניט אָנגעגעבן אַלס שרייבער, וואָס וואָלט מיך אפשר אויך אַוועקגעזעצט ביי יענעם טיש, נאָר אַלס שניידער, ווי איך האָב געטאָן אומעטום, וואו איך בין געקומען אין באַרירונג מיט אָפיציעלע און אַזוי געהויבענע מענטשן. איך האָב געהאַלטן דעם שניידערשן פאַך פאַר זיכערער און באַקוועמער. איך בין אַ שניידער און ווי מען וועט מיך באַהאַנדלען וועט פון מיין כבוד גאָרניט געמינערט ווערן.

ווען איך בין אָפּגעוועזן אין סאַניטאָריום אַ 7־6 וואָכן איז דער הויפּט דאָקטאָר איינמאָל צוגעקומען צו מיין טיש און מיך געפרעגט צי איך וויל אַריבערגיין צו זיין טיש. (ער איז מיט אַ טאָג פריער געווען אין ניו יאָרק און האָט זיך געטראָפן מיט יהואָשן און יהואָש האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר. דאָס האָט געהויבן מיין מערכה.) אָבער איך האָב זיך אַנטזאָגט. ביי מיין טיש איז שטענדיק געווען טומלדיק און רעשדיק. מען האָט דערציילט גראָבע וויצן און אינטימע מעשיות צווישן די מענער און זייערע פרויען.

אַ הויכע עלטערע פרוי, מיט אַ ווייסן קאָפּ האָר, אין אַ לאַנגער ווייסער קלייד, מיט אַ באַנד שליסלען אויף אַ שנור אַרום גאַרטל, האָט אַרומגעשפּאַצירט איבערן עס־צימער, מיט פּאַוואָליעדיקע טריט. אַז עמיצער האָט ביים טיש גערעדט, האָט זי אַזאַ שטרענגען קוק־געטאָן, אַז יענעם האָט אָפּגענומען דאָס לשון; אָבער אַז עמיצן האָט אויסגעפעלט אַ לעפל אָדער אַ גאָפּל און עס איז געווען אַ געפאַר, אַז די אַנדערע וועלן אַרויסנעמען פון שיסל די גאַנצע פלייש, אָדער די זופּ וועט קאַלט ווערן, האָט איר ניט געאַרט.

עס איז געווען דאָרט אַ ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד, אַ שמש, וואָס האָט נאָכן עסן געבענטשט מיטן עולם ברכת המזון. האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַ יונגער בחורל פון אַ יאָר 15־16, אַ שוואַכער און אַ קרענקלעכער, האָט אין אַ הייסן נאָכמיטאָג, מיט די הייסע שפּייזן ביים טיש, ניט געקענט אויסהאַלטן און איז אַוועק פון טיש איידער מ׳האָט געבענטשט. האָט מען אים געבראַכט צוריק, אים אַוועקגעזעצט ביים טיש, ביז דער שמש האָט אָפּגעבענטשט פאַר אַלעמען.

מיט אַט דעם אַמעריקאַנער בחורל האָבן געטראָפן נאָך צוויי צופאַלן.

איינמאָל אַ שבת בייטאָג האָט ער געקראָגן אַ בלוט־שטורץ און דער אָרדערלי (דער באַדינער), וואָס האָט זיך געפונען אין צימער, האָט ניט געקענט פאַרהאַלטן דאָס בלוט. האָט מען געשיקט עמיצן אַרויפברענגען אַ דאָקטאָר, אָבער קיין דאָקטאָר איז ניט אַרויפגעקומען. זיי, די דאָקטוירים, האָבן דאַן געשפּילט טעניס מיט די נויירסעס.

דער צווייטער צופאַל: שבועות בייטאָג אין אַ שיינעם וועטער, איז אַראָפּ־געקומען יעקב שיף מיט אַ געהויבענעם גאַסט — די מרס. הערימאַן (די אַלמנה פון ד. הערימאַן, אַן אייגנטימער פון באַן־ליניעס), אָנצוקוקן דעם סאַניטאַריום. און גייענדיק צווישן די בעטן, לעבן וועלכע מיר זיינען געשטאַנען ווי צוגע־שמידטע, האָט ער דערזען דעם יינגל זיצנדיק אויף אַ נידעריקן טאַבורעט, צייכענענדיק עפּעס אויף אַ ווייסן פּאַפּיר. דער פרומער יעקב שיף האָט עס ניט געקאָנט פאַרטראָגן און האָט זיך צעשריען און צעטופּעט מיט די פיס אויף דעם יונגן קראַנקן יינגל, פאַרוואָס ער איז מחלל יום־טוב, ווי עס פלעגט טאָן אונדזער אַלטער שטעטלשער פריץ, ווען ער איז אין כעס געוואָרן אויף אַ פּאַראַבאַק.

איין טאָג האָבן זיך די פּאַציענטן מיט עפּעס פאַרזינדיקט האָט דר. ראָזענ־בערג זיי באַשטראָפט מיט פאַרהאַלטן פון זיי די צייטונגען פאַר אַ גאַנצער וואָך.

צווישן די פּאַציענטן זיינען געווען אַלערליי, איידעלע און אַנדערע אַ ביסל פאַרגרעבטערע. מ׳האָט זיך אָפט געקריגט צווישן זיך. איין אָוונט ,אין די ערשטע טעג מיינע דאָרט, האָבן זיך צוויי פּאַציענטן, וועמענס בעטן עס זיינען געשטאַנען פוןביידע זייטן פון מיין בעט, שטאַרק געקריגט און געזידלט זיך מיט די לעצטע ווערטער. איינער האָט אויפגעוואָרפן דעם צווייטן, אַפילו, אַז זיין כלה, וואָס קומט אים געוואויר ווערן יעדן זונטיק, איז אַ צו־געוויקסיקע און ניט קיין חכמה. ווען מיין בעט שטייט ניט אינמיטן, וואָלטן זיי זיך צעפּאַטשט.

די געביידע פון סאַניטאַריום איז געווען געבויט ווי אַ „בית״. אין מיטן איז געווען דער אָפיס און דער עס־צימער, ביי די זייטן די שלאָף־צימערן — צוויי שטאָק די הויך — אויף איין זייט פאַר מענער און אויף דער צווייטער — פאַר פרויען.

די פרויען און די מענער האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער, אַחוץ פאַרנאַכט, נאָכן אָוונט־ברויט אויפן שפּאַציר, אויף יענער זייט צוים פון די געביידעס, האָבן זיך אייניקע געחברט צווישן זיך.

עס איז געווען צווישן די פּאַציענטן אַ שיינער בחור, אַ הויכער, אַ דינער, מיט בלאָנדע האָר, האָט ער אַלע פאַרנאַכט אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ שלאַנקער מיידל, מיט לאַנגע רויטע האָר, וואָס האָט אויסגעזען קראַנקער פון דעם בחור, צי זיי האָבן שפּעטער חתונה געהאַט, ווייס איך נישט. עס זיינען אויך געווען צוויי שוועסטער, יונגע מיידלעך, איינע 16 און די צווייטע 18 יאָר. ביידע שיינ־הייטן, אָבער זייער קראַנקע. ביידע זיינען געשטאָרבן פאַרלאָזנדיק דעם סאַ־

ניטאָריום. די עלטערע האָט חתונה געהאַט מיט עטלעכע חדשים פאַר איר טויט. זי האָט ניט געהאַט וואָס אָנצואווערן.

די באַציאונגען פון די דאָקטוירים צו די פּאַציענטן איז ניט געווען קיין פריינטלעכע. אין דער פרי גלייך נאָכן אָנבייסן, האָבן מיר פאַרבעט אונדזערע בעטן און דאָס האָט געמוזט זיין זייער פּינקטלעך געמאַכט. אַרום 11 אַזייגער האָט דער הויפּט־דאָקטאָר, מיט זיינע צוויי אַסיסטענטן, געמאַכט די „ראונדס". די פּאַציענטן האָבן געמוזט שטיין לעבן זייערע בעטן, ווי אויף אַ סמאטער, און אַז אַ פּאַציענט האָט זיך געפילט ניט גוט און געבעטן ביים דאָקטאָר אַ רפואה, איז ריצנאויל געווען די איינציקע רפואה וואָס ער האָט פאַרשריבן. האָט שוין אויף מאָרגן קיינער גאָרנישט ניט געבעטן.

מיר פלעגן זיצן אויף דער ווערענדע און שמועסן גאַנצענע טעג און ווער עס האָט געוואָלט האָט זיך איינגענייט אַ קנעפּל אין אַ העמד, געשריבן אַ בריוו, און געלייענט אַ צייטונג. אַרום און אַרום האָט זיך געלעבט ניט שלעכט. עס איז געווען אַ תפיסה אָבער מיט ליכטיקע פענצטער. צו די נייע חברים האָט מען זיך צוגעוואוינט; אַ ריינע בעט און עסן האָט מען געהאַט. אַלע זונטיק זיינען געקומען געסט צו די קראַנקע. עס האָבן זיך אַפילו געשלאָסן באַקאַנט־שאַפטן צווישן די באַזוכנדיקע געסט און פרעמדע פּאַציענטן.

ווען איך בין דאָרטן אָפּגעווען צען וואָכן, האָב איך געהאַט געוואונען היפּשע עטלעכע פונט וואָג און פאַרנדיק אין חודש יולי, צוריק אין שטאָט, האָבן מיר די שטאָטישע פּאַסאַזשירן אין באַן אויסגעקוקט ווי טויט־קראַנקע מענטשן, אַזוי בלייך זיינען זיי געווען אין מיינע אויגן.

קומענדיק צוריק אין ניו יאָרק, בין איך ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ האָפענונגסלאָזער לאַגע, ניט געהאַט וואָס צום עסן און וואו צו שלאָפן.

## מיינע באַגעגענישן מיט א. ראַבאָי

מיין גאָר ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ. ראַבאָי געדענק איך ניט, אָבער איך געדענק אַ ווינטער אין 1908, אָדער 1909, אין הויז פון מיין חבר און לאַנדסמאַן, דעם שרייבער משה יונה חיימאָוויטש, אין 261 הענרי סטריט, אַ באַגעגעניש מיט א. ראַבאָי.

איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אויף אַמסטערדאַם עוועניו און 83סטע גאַס, ביי אַ צייטונגס־סטענד. איך פלעג אויפשטיין אַ פערטל צו פינף דעם זייגער פאַרטאָג מאַכן דעם „ראוט". קומענדיק פון ראוט האָב איך געדאַרפט שטיין ביים אָפענעם סטענד אין דרויסן אַ טייל פון טאָג. אויף אַן אָפענעם גאַס־ווינקל. פון זיבן אין אָוונט ביז אַ פערטל צו פינף פאַרטאָג בין איך געווען פריי צו גיין און פאַרברענגען, וואו איך האָב געוואָלט.

איינמאָל אַ זונטיק אָוונט האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז דינסטיק אָוונט וועט ראַבאָי לייענען ביי משה־יונהן אין הויז אַ נייע דערציילונג, אָדער „זאַך״. ער האָט געדאַרפט קומען פון אַ באַראָן הירש שול אין ניו־דזשוירזי, וואו ער האָט זיך געלערנט פאַרמעריי, (ערד־אַרבעט).

מיר האָבן זיך יענעם דינסטיק צונויפגעשפּאַרט אַ זיבן־אַכט מענטשן אין אַ קליינעם, גרין־געפאַרבטן שלאָף־צימער, אַרום אַ פּיטשינקען טישעלע.

ווי איך דערמאָן זיך איצטער זיינען דאָרט געווען: דוד איגנאַטאָוו; מאַני־לייב; ידידיה מאַרגאָליס; הערמאַן גאָלד, משה־יונה, איך און נאָך אַ פּאָר וועמעס נעמען איך קען זיך ניט דערמאָנען.

ראַבאָי האָט געבראַכט מיט זיך „דאָס ברעגכען״.

צי די זאַך איז אַלעמען געפעלן געוואָרן צי ניט, ווייס איך ניט. איך, אַ ניט־אויסגעשלאָפענער און אַ דורכגעפרוירענער דורכן טאָג, בין נאָך די ערשטע עטלעכע בלעטלעך איינגעשלאָפן. די חברים האָבן זיך איבערגעוואונקען און צוגעשמייכלט.

יענער אָוונט איז מיר געבליבן אין זכרון, ווי אַ שולד־געפיל קעגן ראַ־באָיען.

דערנאָך איז ראַבאָי אַוועקגעפאָרן אַרבעטן אויף אַ פאַרם אין ניי־ענגלאַנד און שפּעטער אין דער וויטער וועסט. אמת, ער איז פון צייט צו צייט געקומען אין ניו יאָרק, אָבער אויף אַ קורצער ווילע און איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אים צו זען צו אָפט.

געדרוקט האָט ער זיינע זאַכן אין דוד פּינסקיס „דער אַרבעטער״.

געני וועט ער איז צוריקגעקומען, זיך באַזעצט אין ניו יאָרק און חתונה געהאַט, געדענק איך אויך ניט. אָבער ווען עס האָט זיך אָפּגעדרוקט אין איגנאַטאָווס „שריפטן״ זיין ראָמאַן „הער גאָלדענבאַרג״, בין איך אַ פרייטיק אָוונט אַוועקגעלאָפן צו אים אַהיים (ער האָט געוואוינט מיט זיין פרוי און קינד אויף דער 7טער גאַס) און אים אַרויסגעשלעפּט פון הויז און מיר זיינען אַרומגעגאַנגען פאַזע דעם פּאַרקל אַ פּאָר שעה און מיט אַנטציקונג האָב איך צו אים גערעדט וועגן זיין ראָמאַן.

(ער איז געווען דער ערשטער און נאָך אים י. י. שוואַרץ, פאַר זיין בוך „קענטאָקי״, וועמען איך האָב זיך ניט געשעמט אין פנים צו לויבן). איך בין פשוט געווען איבערגעלאָדן מיט געפילן צו אים און זיין ווערק.

ער איז דעמאָלט געווען אַ שאַפּ־אַרבעטער ביי פוטערוואַרג, און נאָר פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך געטראָפן אין רעסטאָראַן אין אַ פרייטיק אָוונט. נאָענט זיינען מיר געוואָרן ערשט אין די יאָרן 1926־1927, ביי די מיטינגען פון די צוקונפטיקע שכנים פון די שלום עליכם הייזער.

אַז מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אין די הייזער האָבן מיר געוואוינט אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, אָבער נאָענט איינער צו דעם אַנדערן. ער — אין אָפּטייל „בי״ און מיר — אין „סי״ און איבערן דאַך איז געווען נאָר איין שפּרייז צו מאַכן.

מיר האָבן זיך ניט געפּירט ווי קאַלטע שכנים, וואָס רופן פריער אָפּ אויפן טעלעפאָן איידער זיי קומען אַרויף, נאָר מיר זיינען גלייך אַריין איינער צום צווייטן און איך האָב אים אַלעמאָל געטראָפן אין שטוב, אַזוי ווי ער מיך. אַז איך און מיין פרוי זיינען אָנגעקומען האָט ער געעפנט ברייט די טיר און אונדז אויפגענומען מיט זיין האַרציקן שמייכל און אַ הויכן „גוטן אָוונט" אָדער „גוטן מאָרגן" אין אַ זונטיק אינדערפרי. איך האָב שוין געהאַט מיין שטול ביי אים און ער האָט אונדז פאַרגעלייענט אַ קאַפּיטל פון זיינער אַ נייער זאַך. אָבער אָפטער האָבן מיר פאַרבראַכט אין דערציילן זיך מעשיות פון אונדזערע קינדערשע און אַפילו דערוואַקסענע יאָרן. ער האָט געקענט זייער גוט דער־ציילן אַ מעשה

קיין פרעמדע מענטשן האָבן מיר ניט געטראָפן ביי אים אין הויז, אַחוץ אין די זונטיקדיקע פרימאָרגנס נאָענטע שכנים פון הויז: די פאַמיליע פון יוחנן טווערסקי און די קאַרטאָנס.

איך געדענק אַ פסח סדר־אָוונט, ווען די ראַבאָיס האָבן איינגעלאַדן צו זיך אין הויז די חברים דוד איגנאַטאָוו און זישע לאַנדוי מיט זייערע פאַמיליעס און אויך אַן אויפנאַם־אָוונט פאַר דוד בערגלסאָן, ווען ער איז דאָ געווען צו גאַסט. אָבער דאָס זיינען געווען אויסנאַמען — געוויינטלעך איז ער געזעסן אין הויז אַליין.

אַזוי פלעגט ביי אונדז אַ קלונג־טאָן דער גלעקל ביים טיר און ראַבאָי איז אַריינגעקומען אין אַ וואָכעדיקן אָוונט, ניט געריכטערהייט און ער איז געווען נאָך אַ מער אָנגעלייגטער גאַסט ביי אונדז.

אין 1932, האָבן די שכנים געהאַט אַ סיכסוך מיט דעם אייגנטימער פון הויז (אגב האָבן שוין די הייזער אין יענער צייט געהערט צו אַ פּריוואַטן לענדלאָרד) וועגן דירה־געלט. די שכנים האָבן דערקלערט אַ סטרייק, זיי האָבן „געפּיקעט" די הייזער אויף דער סעדזשוויק עוועניו זייט. איך מיט ראַבאָיען האָבן אויך אָנגעטאָן די סטרייק־שילדן אויף זיך און געשפּאַצירט הין און צוריק פאַרביי דעם הויז אין אַ זונטיק־בייטאָג. (דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב געטראָגן אַ סטרייק־שילד אויף די פּלייצעס).

אין יענעם סטרייק איז אויף די ראַבאָיס און נאָך עטלעכע שכנים אויס־געפאַלן אַרויסגעשטעלט צו ווערן פון זייערע דירות. זיי האָבן זיך געדאַרפט אַריינציען צו די אַנדערע שכנים. די ראַבאָיס האָבן זיך אַריינגעקליבן צו אונדז אין שטוב און דער ריינער, זויבערער קיך־טיש איז ביי מיר געוואָרן נאָך מער אָנגעלייגט, ווייל ראַבאָי האָט אויף אים געשריבן. ער האָט ביי זיך אין הויז אויך ליב געהאַט צו שרייבן אויפן קיך־טיש.

ראַבאָי איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק און ווען מיר פלעגן אים זען דורכן פענצטער גייענדיק פון דער אַרבעט אַ געבויגענער און צעבראָכענער, האָט אונדז שטאַרק וויי געטאָן.

שפּעטער, אַז זיין געזונט איז געוואָרן ערגער און ער איז אָפּט אַוועקגע־פאָרן פון דער היים אין אַ שפּיטאָל אָדער סאַניטאָריום און איז צוריקגעקומען, איז ער ביי אונדז נאָך טייערער געוואָרן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויף לאַנג וועלן מיר אים שוין ניט האָבן.

די ידיעה וועגן ראַבאָיס טויט איז צו מיר דערגאַנגען דורך מיין פרוי. זי איז גראָד דאַן געווען אין „איקוף״־אָפיס, ווען די נייעס איז אָנגעקומען. זי האָט מיך אָפּגערופן וועגן דעם.

ביי מיר איז געלעגן אַ ניט־פאַרענדיקט ליד וועגן ראַבאָיען. האָב איך געפרעגט מייזלען, דעם רעדאַקטאָר פון „איקוף״־זשורנאַל, צי דאָס ליד וואָלט נאָך געקאָנט אַריין, ווייל דער זשורנאַל איז שוין געווען אין דרוק. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך קען דאָס ליד גלייך צוברענגען אין דרוק, וועט ער אָפּהאַלטן דאָס לעצטע בלעטל. איך בין באַלד צוגעפאָרן אין דרוקעריי און דאָרט צוגעשריבן דעם לעצטן פערז:

דאָס גאַנצע ליד לייענט זיך אַזוי:

## איך גיי אים אַרויס אַנטקעגן

אַז מיין חבר קלאַפּט אָן אין מיין הויז,
גיי איך אים אַנטקעגן אַרויס.
איך עפן פאַנאַנדער ברייט די טיר
און זאָג: ביסט אַ גרויסער גאַסט ביי מיר.

איך זעץ אים אַוועק אויפן שענסטן אָרט,
און ליבשאַפט, וואָס איך האָב אפשר געשפּאָרט
ביי זיך אין האַרצן פון טאָג אויף טאָג,
לייג איך אים אָן אַ פולע וואָג.

מיר הויבן אָן פון וואָכעדיקע טעג
און היפן אַריבער אויף אַן אַנדער וועג.
און נויט און ביטערקייט פאַרשווינדט,
ווי דריבנע מעקענע פאַרן ווינט.

עס נעמען זיך גאָרניט אויס די רייד —
וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן יונגערהייט,
איך אין מיין שטעטל, און ער אין זיין שטאָט,
להכעיס מענטשן און גאָטס געבאָט.

און אַז די האַלבע נאַכט איז שוין נאָנט,
ווערט נאָך אַלץ דערציילט און דערמאָנט
די הערצער זיינען דערוואָרעמט און פול —
עס ווילט זיך גאָרניט פאַרלאָזן די שטול.

און ווען ער זעגנט זיך אָפּ מיט מיר,
באַגלייט איך אים ביז צו זיין סאַמע טיר,
און טראַכט: „ווי לאַנג נאָך איז מיר באַשערט
הערן אים רעדן און פון אים ווערן געהערט?

## מיינע באַציאונגען מיט ש. יאַנאָווסקי פון דער „פ.אַ.ש."

ווען איך בין אָנגעקומען אין אויגוסט, 1907, צום צווייטן מאָל אין אַמע־ריקע, האָב איך געבראַכט מיט זיך אַ 100 לידער, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין מינסק אין דעם לעצטן יאָר פאַר מיין אָוועקפאָרן.

איך האָב גענומען אַ טייל פון די לידער, אַ 15־20, פון די בעסערע, און אָוועקגעטראָגן צו מאָריס ווינטשעווסקי. דעם דעמאָלטדיקן רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט". דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק. ער האָט זיי ביי מיר צוגענומען און געהייסן קומען אַ צווייטן מאָל נאָך אַן ענטפער.

אַז איך בין געקומען אין אַ וואָך אַרום, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיי נאָך ניט געלייענט. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך אים געטראָפן אַרויסגיין פון רעדאַקציע, וואָס איז געווען איין טיר פון דעם שרייבערישן רעסטאָראַן אין 143 דיוויזשאַן סטריט. און אויף מיין פראַגע, וואָס עס הערט זיך מיט מיינע לידער איז ווידער געקומען דער זעלביקער ענטפער: „איך האָב נאָך ניט געלייענט". ביז איך האָב אים אויפגעהערט פרעגן און ער האָט מיר מער ניט געדאַרפט ענטפערן.

די אַלע לידער וואָס איך האָב אים געבראַכט זיינען מיט דער צייט אָפּ־געדרוקט געוואָרן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע". און ער, ווינטשעווסקי, האָט מיר קיינמאָל ניט אויפגעוואָרפן, פאַרוואָס די לידער וואָס זיינען געלעגן ביי אים אין טיש־קעסטל, האָב איך, ניט אָנגעפרעגטערהייט געדרוקט ערגעץ אַנדערש.

פון די הונדערט לידער, האָב איך זיכער אַ 75 אָפּגעדרוקט אין דער „פ.אַ.ש." אין דעם ערשטן יאָר פון מיין קומען קיין אַמעריקע, אַחוץ נייע לידער, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין ניו־יאָרק.

איך געדענק, אַז ווען נאָר איך האָב אין אַ פּריוואַטיקדיקן פרימאָרגן גע־עפנט אַ „פ.אַ.ש." האָב איך געפונען אַן איינצל אָדער דאָבל־קאָלום, (עס האָט זיך געווענדט אָן דער לענג פון די שורות), פון אויבן ביז אַרונטער פאַרנומען מיט מיינע לידער.

די לידער וואָס איך האָב געגעבן אין דער „פ.אַ.ש." האָב איך אַריינגע־וואָרפן אין פּאָסט־קעסטל אונטן און ניט אַריינגעטראָגן אין רעדאַקציע אויבן. איך האָב מורא געהאַט, אַז יאַנאָווסקי וועט מיר הייסן זיי צוריקנעמען. אַזוי

בין איך כמעט קיינמאָל ניט אַרויפגעגאַנגען אין רעדאַקציע, וואָס האָט זיך געפונען אויף איסט בראָדוועי, לעבן מיין וואוינונג. אפילו צו נעמען אַ פּאָר נומערן פאַר זיך. איך בין אָבער אַרומגעגאַנגען מיט מיין פריינט חיים גוטמאַן, „דער לעבעדיקער" און אַרויסגעצויגן די „פ.אַ.ש." נומערן פון די פּאָסט־קעסטלעך, וואו זיי האָבן זיך אָפּט געזען יעדן פרייטיק, אַלץ צוליב דער מורא, יאַנאָווסקי זאָל מיר ניט זאָגן, איך זאָל אים אויפהערן צו שיקן די לידער און אויך צוליב שעמעוודיקייט. יאַנאָווסקי האָט געדרוקט אַלץ וואָס איך האָב אים געשיקט. ער האָט געהאַט צו מיר צוטרויען. אַחוץ איינמאָל האָט ער מיר צוריקגעגעבן אַ ליד, וואָס איך האָב אים געשיקט, (דאָס איז שוין געווען, ווען איך האָב ביי אים געאַרבעט) זאָגנדיק, אַז עס פּאַסט ניט פאַר מיר צו שרייבן אַזעלכע לידער. (יענעס ליד ליגט ביי מיר אין טיש־קעסטל ניט קיין געדרוקטע ביז היינטיקן טאָג. פון צייט צו צייט לייען איך עס איבער און איך זע נאָך אַלץ ניט, מיט וואָס דאָס ליד האָט ביי אים ניט נושא חן געווען).

ווען איך בין געקומען אין יולי, 1913, צוריק פון בעדפאָרד סאַניטאַריום, און האָב ניט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען און וואו אַ נאַכט איבער־צושלאָפן, האָט מיך איינמאָל באַגעגנט אויף ראָטגערס סקווער ב. ריווקין און ער גיט אַ זאָג: „אויב איר ווילט, קענט איר אַרבעטן אַלס „פּרואוו־רידער" אין דער „פ.אַ.ש." איך גיי אַוועק פון דאָרטן". איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, און בין גלייך אַוועקגעגאַנגען צו יאַנאָווסקין. ער האָט מיך אָנגעשטעלט. איך האָב אָפּגעאַרבעט ביי אים צוויי און אַ האַלב יאָר, ביז איך בין אָנגעקומען אין „טאָג" אַלס קאָרעקטאָר.

* * *

אַלס באַלעבאָס איז יאַנאָווסקי ניט געווען צו מיר אַזוי גוט ווי אַלס רעדאַקטאָר. געקראָגן האָב איך פון אים דריי דאָלער אַ וואָך שכירות. נאָר פאַר דער ערשטער וואָך האָט ער מיר ניט באַצאָלט. ער האָט געזאָגט, אַז איך האָב ביי דער אַרבעט פאַרנוצט מער פּאַפּיר, ווי מיינע שכירות באַטרעפן. (עס איז געווען איינגעפּירט אין די שניידער־שעפּער, אַז אַ לערן־ייִנגל אַרבעט צוויי וואָכן אומזיסט). די דרוקעריי, אַ קליינער צימער מיט דריי ליינאָטייפּערס און אַ רעדאַקציע־טיש, האָט זיך געפונען אויף אַ 12טן שטאָק לעבן דער מוניציפּאַל־געביידע. מען האָט עס שפּעטער אַרונטערגעוואָרפן כדי אויפצו־שטעלן אויף דעם אָרט אַן אַנדערן, אַ נאָך העכערן בנין. די זעצער זיינען געווען ראָזמאַן, ז. לעווין, דער סקיצן־שרייבער, און פון צייט צו צייט איז צוגעקומען נאָך אַ זעצער — ד. איזאַקאָוויטש. די זעצער און דער רעדאַקטאָר זיינען שוין היינט ביטאָ.

געפירט האָט מען זיך אַזוי: ווען עס פלעגט פאַרטיק ווערן אַ געלי זאַץ, האָב איך עס אָפּגעצויגן אויף אַ ווייסן פּאַפּיר און דערלאַנגט יאַנאָווסקין, און ער האָט איבערגעלייענט און אויסגעבעסערט די סטיליסטישע פעלערן. נאָכדעם האָט ער עס מיר צוריקגעגעבן און איך האָב פאַרריכט די גרייזן וואָס די זעצער אָדער די מאַשין האָט געמאַכט.

יאַנאָווסקי איז געווען זייער שטרענג מיט מיר וועגן די גרייזן. ער פלעגט מיך סטראַשען, אַז ער וועט מיך אַוועקשיקן אויב איך וועל דורכלאָזן אַ גרייז און מיר פלעגט איינפאַלן דאָס האַרץ. איינמאָל, געדענק איך אין אַ יום־טובדיקן טאָג, קריסטמעס, ווען דער עלעוועיטאָר איז ניט געלאָפן, זיינען מיר ביידע אַרונטערגעגאַנגען מיט די טרעפּ צופוס ביזן גאַס. (דער שליסל פון דער אונ־טערשטער טיר איז געווען ביי מיר). דעם גאַנצן וועג פון די צוועלף שטאָק האָט ער מיך נאָכאַנאַנד געסטראַשעט, אַז ער וועט מיך מוזן אַוועקשיקן, ווייל איך לאָז דורך גרייזן.

אין דעם רעסטאָראַן אין 143 דיוויזשאַן סטריט, האָט ער געהאַט אַ טישל אַנטקעגן טיר. און ווי נאָר איך בין פרייטיק פאַרנאַכט מיט מיינע חברים אַריינגעקומען און ער האָט מיך דערזען, האָט ער אויסגעשריען הויך אויפן קול: „ראָלניק, איר האָט דורכגעלאָזן אַ גרייז אין היינטיקן נומער". איך פלעג פאַרשעמט און דערשראָקן ווערן. צוליב דעם האָב איך מיט דער צייט אויפ־געהערט אַריינצוקומען אין דעם רעסטאָראַן, איבערהויפּט פרייטיק פאַרנאַכט, ווען יאַנאָווסקי איז דאָרט געזעסן ביי זיין טישל.

ווען מען האָט אים געפּראַוועט זיין 50 יאָריקן יובילעי, דוכט זיך אין 1913, איז ער אַוועקגעפאָרן פון שטאָט אויף אַ פּאָר וואָכן, כדי ניט צו זיין דער רעדאַקטאָר איבער די אַלע אַרטיקלען וואָס מען האָט געשריבן וועגן אים אין דער „פ.אַ.ש." בין איך געווען דער איינציקער וואָס האָט געלייענט די פּרואפס און עס איז אַרויסגעקומען גוט. און אַז ער איז געקומען צוריק איז ער געווען אַזוי צופרידן מיט מיין אַרבעט, אַז ער האָט מיר געגעבן אַ הוספה אַ גאַנצן דאָלער און איך האָב שוין באַקומען פיר דאָלער אַ וואָך. אָבער אַז עס איז אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ יאָר און ז. לעווין האָט ביי אים געבעטן נאָך אַ דאָלער אַ וואָך פאַר מיר, האָט ער ניט געגעבן.

איינמאָל, נאָר, פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב געאַרבעט ביי אים, האָט ער מיר געגעבן פאַר אַ ליד פינף דאָלער. דאָס, האָט ער געזאָגט, גיט ער פון זיין אייגענער קעשענע.

ער האָט מיר אַ פּאָר מאָל אויפגעוואָרפן, אַז איך היט אָפּ פון גרייזן מיינע אייגענע לידער, אין דער „פ.אַ.ש." אָבער לאָז איבער גרייזן אין די לידער פון אַנדערע פּאָעטן, וואָס דרוקן זיך דאָרטן, כדי מיינע לידער זאָלן אַרויסקומען בעסער. איז וואָס האָב איך געטאָן? האָב איך מיט מער פלייס איבער־געקוקט די פרעמדע לידער און איבערגעלאָזן די גרייזן, וואָס זיינען אַריינ־געפאַלן אין מיינע לידער. איך האָב זיי געזען, נאָר מיט אַ כיוון איבערגעלאָזן, ער זאָל צו מיר קיין טענות ניט האָבן.

אַזוי האָב איך ביי אים אָפּגעאַרבעט ביז יאַנואַר, 1915, ווען איך בין אַנגעקומען אין „טאָג".

דערפאַר ווען מיין גרויסער בוך מיט די שיינע טאָוולען איז אַרויס אין דעם זעלביקן יאָר, איז ער געווען זייער צופרידן מיט אים, כמעט אַלע לידער זיינען דאָך געווען געדרוקט אין דער „פ.אַ.ש." אונטער זיין רעדאַקציע. ער

האָט זיך מיטן בוך און מיט מיר אַליין געצאַצקעט. ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אַ לאַנגן אַרטיקל אין צוויי נומערן, וואו ער רעדט וועגן מיר און מיין ליד מיט אַזאַ האַרציקער וואַרעמקייט און ליב, וואָס האָט מיך טיף גערירט, ווייל איך האָב עס פון זיינע באַציאונגען צו מיר פון אַ באַלעבאָס צו אַן אַרבעטער, ניט דערוואַרט.

ער האָט אויך מיטגעהאָלפן, אַז מ׳זאָל מיך אַריינעמען אין דער שריפט־זעצערס יוניאָן.

## מיין „פּעיפּער־ראוט" און פוס־קראַנקהייט

אין פרילינג פון 1910, האָב איך זיך מיישב געווען, איך וועל קויפן אַ „פּעיפּער־ראוט" (צייטונגס־אויספלוג), וואָס איז גראָד געווען צו פאַרקויפן אין די בראָנקס.

פון אַרבעטן ביי יענעם פאַר פיר דאָלער אַ וואָך בלייבט ביי מיר גאָר־נישט, וועל איך בעסער קויפן אַ „ראוט" פאַר זיך אַליין, פריער אַ קליינעם און פון דעם געלט וואָס איך וועל אָפּשפּאָרן — שפּעטער אַ גרעסערן.

קיין אייגן געלט האָב איך ניט געהאַט, האָט מיין שוואָגער, וואָס האָט געהאַט אַ קרעמל פון צייטונגען און טאַבאַק אין ברוקלין, גוט געזאָגט פאַר מיר ביי צוויי פּראַצענטניקעס אויף איסט־בראָדוועי און זיי האָבן מיר געליען דריי הונדערט דאָלער אויף אַ יאָר צייט, אַרונטערנעמענדיק גלייך זעקס און דרייסיק דאָלער פאַר פּראָצענט.

דער געשעפט האָט געדאַרפט טראָגן אַ פינף־זעקס דאָלער אַ וואָך.

יעדן נאָך מיטאָג אַרום צוויי דעם זייגער, בין איך אַרונטער אין דעם קעלער פון 172 הענרי סטריט און גענומען ביי פּייוולען, דעם באַלעבאָס׳ מיסטער אייזענמאַנס עלטערן ברודער, וואָס האָט געבאַלעבאַטעוועט אין קעלער, מיין צאָל צייטונגען.

אַרויסגיין פון קעלער צו דער דריטער עוועניו עלעוועיטעד סטאַנציע פלעג איך מיט צוויי פּעקלעך — איינער מיינער און דער צווייטער אַ פרעמדער — וואָס איך האָב פאַר צען סענט צוגעטראָגן צום סטעישאָן. ווען איך בין געגאַנגען מיט די פּעקלעך צייטונגען און פון דערווייטנס דערזען אַ שרייבער, האָב איך מיטן פּעקל, וואָס איך האָב געטראָגן אויפן קאַרק, פאַרדעקט דעם פּנים. איך האָב זיך געשעמט מיט מיין באַשעפטיקונג, פאַר די וואָס זיינען געזעסן אין די רעדאַקציעס.

איך בין געפאָרן ביז פּראָספּעקט עוועניו סטעישאָן, דאָרטן בין איך אַרונטערגעגאַנגען און אָנגעהויבן מאַכן מיין „ראוט". ער האָט זיך אָנגעהויבן אויף לאָנגוואוד עוועניו, זיך פאַרנומען אויף די זייטיקע גאַסן: קעלי, פאָקס און בעק, איז אַרונטער ביז יוניאָן עוועניו און פון דאָרטן איבער קראָטאָנאַ

פּאַרק ביז פּולטאָן עוועניו. דער מאַרשרוט איז געווען אויסגעלייגט אַזוי, ווייל דער פריערדיקער אייגנטימער פון „ראָוט" האָט געוואוינט אויף פּולטאָן עוועניו און אַז ער האָט געענדיקט דעם מאַרשרוט, איז ער גלייך געווען ביי זיך אין שטוב.

זונטיק בין איך געקומען אין קעלער דריי דעם זייגער פּאַרטאָג און גע־וואַרט אַ שעה און מער ביז איך האָב געקראָגן מיין באַשטעלונג.

דעם „ראָוט" האָב איך זונטיק געמאַכט פון זעקס ביז ניין אינדערפרי און פון ניין ביז צוועלף און אַמאָל ביז צווי נאָך האַלבן טאָג בין איך געגאַנגען אויפמאָנען חובות. דער געגנט איז דעמאָלט געווען באַוואוינט פון פאַרמעג־לעכע מענטשן, אָבער אויפמאָנען די חובות ביי זיי איז מיר אָנגעקומען זייער שווער. איך בין אָפט אַריינגעקומען אין אַ דירה אויפן דריטן און אַמאָל אויפן פערטן און פינפטן שטאָק (קיין עלעוועיטערס זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען) האָט מיך דער באַלעבאָס אַ פרעג געטאָן: צי האָב איך אויסגאָב פון אַ צוואַנציק דאָלער ביל און אַזוי ווי איך האָב, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט, האָט ער מיר געהייסן קומען איבעראַכטאָג. אַז איך בין אַרויפגעקומען דעם צווייטן זונטיק, האָב איך שוין געקלונגען אומזיסט. דאָס הויז־געזינד האָט זיך אָדער אַריבער־געקליבן אין אַן אַנדער דירה, אָדער איז אַוועקגעפאָרן אין קאָנטרי. (דאָס איז געווען אינמיטן זומער.) ניט בעסער איז געווען מיט די פּראָלעטאַריער. די בחורימלעך וואָס האָבן געאַרבעט אין פליייש־קראָמען און שפּייז־קראָמען און די דינסטמיידלעך האָבן אָנגעקליבן פאַר דריי־פיר וואָכן און זיי האָבן פאַרלאָזט זייער שטעלע און צוגענומען דעם חוב מיט זיך.

„אָנצוזעצן דעם פעיפער באַי" איז געווען אַ מין ספּאָרט־זאַך.

ווען מיין שוועסטער האָט גרינערהייט געוואוינט אין איסט ניו יאָרק, האָט אין דער צווייטער הויז געוואוינט אונדזערע אַ לאַנדספרוי, אַ יונגע ווייבל. איר מאַן האָט פאַרדינט גוטע שכירות. ער איז געווען אַ קאַטער. איז איינמאָל, ווען זי איז געזעסן אויף די טרעפּ פון אונדזער הויז, צוגע־קומען דער צייטונגס ייגנל און איבערגעגעבן דעם „פאָרווערטס" צו מיין שוועסטערס שכנה.

— איר וועט זען וואָס איך וועל אים אָפּטאָן, האָט די שכנה געזאָגט צו מיין שוועסטער — איך צי זיך מאָרגן אַרויס און וועל אים ניט באַצאָלן.

זי האָט זיך טאַקע אַרויסגעצויגן אויף צומאָרגנס און דעם צייטונגס־ייגנל אָנגעזעצט פאַר אַ גאַנצן חודש צייטונגען.

דערווייל איז געוואָרן שפּעט אין זומער, די ווייבער וואָס האָבן געקויפט די צייטונג צוליבן ראָמאַן, זיינען זיך צעפאָרן און מיין קונדשאַפט איז איינ־געשרומפּן און צאָלן דעם וואָכער האָב איך געמוזט.

איז מיר ווייניק געבליבן אויף עסן. איך האָב אָנגעהויבן צו שפּאָרן און זשאַלעווען און בין אויסגעקומען מיט אַ ווייסן ברויט און אַ פלאַש מילך אַ טאָג. אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן צו עסן אַ בעסערן מאָלצייט האָב איך זיך ניט געקענט פאַרגינען.

און דאָ האָט מיר אָנגעהויבן ווײ־טאָן אַ פּוס. מסתמא, פון גיין א סך און קריכן אויף טרעפּ. מיר האָט אָנגעהויבן ציען די ליטקע פון דער לינקער פוס און וואָס אַ טאָג איז געוואָרן ערגער. איך האָב שוין ניט געקענט אַליין טראָגן דעם פּאַק צייטונגען און געמוזט צודינגען אַ מענטשן, וואָס זאָל מיר העלפן. איך בין געגאַנגען ביי זיין זייט מיט ליידיקע הענט און אים געוויזן דעם בריוו־קעסטל וואוהין אַריינצולייגן די צייטונג. דער מענטש וועמען איך האָב געדונגען איז געווען דער ראָמאַניסט דוד איגנאַטאָוו, וואָס איז דעמאָלט געווען אָן אַרבעט.

אויף דעם לינקן פוס הינטער דער קני, האָט זיך ביי מיר באַוויזן אַ קליינער געוויקס. בין איך אַוועק צו אַ דאָקטאָר אויף הענרי סטריט און ער האָט מיר געהייסן מאַכן הייסע וואַנעס. אָבער אַז עס איז מיר געוואָרן ערגער און מער קיין געלט צו באַצאָלן אַ פרעמדן דאָקטאָר פאַר אַ וויזיט האָב איך ניט געהאַט. בין איך אַריין צו דאָקטאָר א. גינזבורג, דעם אומזיסטן דאָקטאָר און דעם „טאַטע״ פון די אָרימע שרייבער. ער האָט באַטראַכט מיין פוס און געזאָגט, אַז ביי מיר איז אַ סאַרקאָמאַ אויפן פוס (אויפן פּראָסטן לשון הייסט עס אַ קענסער).

איך האָב זיך זייער שטאַרק איבערגעשראָקן און בין דורך אַ רעקאָמענ־דאַציע אַוועק צו דאָקטאָר אייזעקס, דעם הויפּט דאָקטאָר פון בית ישראל שפּיטאָל. האָט ער מיר געזאָגט, אַז קיין סאַרקאָמאַ איז דאָס ניט, נאָר דאָס איז אַן אָסטעאָ־מייעליטיס, דאָס ווייך ווערן פוןביין און שוין ניט אַזאַ געפערלעכע קראַנקהייט ווי אַ קענסער.

בין איך ווידער אַוועק צו דאָקטאָר גינזבורג, געוואָלט אים דערפרייען מיט דער גוטער בשורה, אַז עס איז ניט קיין קענסער, ווי עס האָט מיך פאַר־זיכערט דער גרויסער דאָקטאָר אייזעקס. אָבער אַנשטאָט זיך צו פרייען מיט מיר, איז ער גאָר אין כעס געוואָרן און אַ געשריי געטאָן: „און איך זאָג, אַז דאָס איז יע אַ סאַרקאָמאַ״.

* * *

איך האָב געדאַרפט אַריינגיין אין בית ישראל שפּיטאָל, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דזשעפערסאָן קאָרנער טשערי סטריט, פאַר אַן אָפּע־ראַציע. אָבער מען האָט מיך ניט אַריינגענומען. „עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ״, האָבן זיי מיר געזאָגט. האָבן מיר גוטע פריינט געעצהט, אַז ווען איך קום מיט אַ בריוו פון אַ רעדאַקציע, וואָלט דער שפּיטאָל שוין געפונען פּלאַץ פאַר מיר.

בין איך די ערשטע זאַך אַוועק אין די רעדאַקציעס פון די ראַדיקאַלע צייטונגען, וואו מען האָט מיך געקאָנט, ווייל איך האָב דאָרט געדרוקט לידער. דער רעדאַקטאָר פון איין צייטונג האָט מיר געענטפערט, אַז זיי זיינען מיטן שפּיטאָל אין ניט קיין גוטע באַציאונגען און דערפאַר קענען זיי ניט בעטן קיין טובות פון אים. דער רעדאַקטאָר פון דער צווייטער צייטונג האָט געזאָגט, אַז

היינטיקע וואָך האָט ער שוין איין שרייבער אַ טובה געטאָן און צוויי טובות אין איין וואָך קען ער ניט טאָן. פאַר מיר איז געבליבן די איינציקע צייטונג דער אָרטאָדאָקסישער „טאָגעבלאַט".

בין איך בלית ברירה אַוועק אַהין, ניט טראַכטנדיק, אַז איך וועל דאָרט עפּעס אויספירן. דאָרטן האָט מען מיר אָנגעוויזן, אַז איך זאָל ריידן מיט תשר"קן. ער האָט מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען און געשיקט דעם מיט־אַרבעטער פון „טאָגעבלאַט" ישראל דער „יענקי" — אַז ער זאָל אַריבערגיין אין שפּיטאָל און באַשטעלן אַ בעט פאַר מיר. דער „יענקי" איז געגאַנגען און געקומען צוריק און געזאָגט, אַז זיי, אין שפּיטאָל האָבן צוגעזאָגט מיך אַריינצונעמען אין די קומענדיקע טעג. זיי וועלן מיך רופן. אָבער עס איז אַריבער איין וואָך און אַ צווייטע און איך האָב פון זיי ניט געהערט, און אַז איך בין געקומען דערקונדיקן זיך פאַרוואָס זיי רופן מיך ניט, האָבן זיי אָנגעגעבן פאַרשיידענע תירוצים, דהיינו, אַז עס איז נאָך ניטאָ קיין ליידיקע בעט, אָדער, אַז דער עלעוועיטאָר, וואָס פירט קראַנקע צום אָפּעראַציאָנס־צימער איז צעבראָכן, קען מען מיך ניט אַרויפפירן.

איך בין ווידער אַוועק אין „טאָגעבלאַט" און דערציילט תשר"קן מיינע שוועריקייטן וועגן אַריינגענומען צו ווערן אין שפּיטאָל. האָט ער נאָכאַמאָל געשיקט דעם „יענקי" און יענער האָט געבראַכט אַ תשובה, אַז איך זאָל שוין גיין אין שפּיטאָל, אַ בעט וואַרט אויף מיר.

איך בין אַריינגעקומען אין שפּיטאָל און אין אַ וואָך אַרום האָט מען מיך אָפּערירט אויף דעם פּוס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען ניט קיין סאַרקאָמאַ און אַפילו ניט קיין אָסטאָ־מייעליטיס, נאָר עס האָט זיך אָנגעקליבן אין פּוס מאַטעריע און דאָס האָט מען געדאַרפט אַרויסציען. איך בין אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל פינף וואָכן. פון דאָרט האָט מען מיך מיט נאָך פּאַציענטן אַריבער־געפירט אין „לאָובס מעמאָריעל האָום" אין איסט־וויו, אַ פערציק מייל פון ניו יאָרק.

* * *

דאָס איז געווען אין מיטן ווינטער, נאָר דאָרט האָב איך געפונען גרינעם גראָז צווישן די הייזער און קליינע וועלדלעך האָבן אַרומגערינגלט די געביידעס. דער געגנט איז געווען זייער אַ שיינער. עס זיינען געשטאַנען עטלעכע בנינים. אַ הויפּט־געביידע, וואו עס האָט זיך געפונען דער גרויסער עס־צימער, וואו מענער און פרויען אַרום אַ הונדערט זיינען געזעסן אַרום באַזונדערע טישן; אַ גרויסער זאַל פאַר אונטערנעמונגען, וואו די בעסטע אַקטיאָרן פון ניו־יאָרק זיינען געקומען אונטערהאַלטן די פּאַציענטן; אַ קעלער־שטוב וואו די פּאַציענטן האָבן פאַרבראַכט און אַ וואוינונג פון עטלעכע צימערן פאַר דעם דאָקטאָר — פרוי ראָזענבליט, מיט אַ קליינעם צוויי־צימערדיקן שפּיטאָל. אַ ביסל אָפּגערוקט אויףביידע זייטן פון דער הויפּט־געביידע זיינען געשטאַנען דריי קליינע שטיבעלעך, וואו עס האָבן זיך געפונען די שלאָפצימערן. דאָס זיינען געווען שיינע, געראַמע צימערן, פאַר פיר מענטשן אַ צימער, אַהין איז מען אַריין

זיבן אַ זייגער אין אָוונט און אויסגעלאָשן די לאָמפּן האָט מען גיין דעם זייגער. אויפגעשטאַנען איז מען זיבן אינדערפרי.

כאָטש דער עס־צימער איז געווען אַ גרויסער און אַ ליכטיקער, זיינען אָבער די עסנס ניט געווען אַזוי געראָטן — יעדנפאַלס פאַר מיר. אויף אָנ־בייסן האָט מען סערווירט שוואַרצן ברויט, בולבעס אין פעלצלעך, אַ האַרטע איי און קאַשע. אַלץ אַזעלכע שפּייזן, וואָס איך האָב ניט געקענט עסן. האָב איך אויסגעטרונקען אַ גלאָז קאַלטע וואַסער, און פאַרביסן מיט טרוקענעם ברויט דאָס איז געווען מיין גאַנצער מאָלצייט. אַזוי איז אַריבער מער ווי אַ וואָך צייט.

איך האָב דאָרט געהאַט אַ באַקאַנטן מיטן נאָמען קופּטשיק, מיט וועמען איך האָב זיך באַפריינדעט אין בית־ישראל שפּיטאָל. מיר זיינען דאָרט געלעגן אַ בעט לעבן אַ בעט. אים האָט מען געשיקט אין שפּיטאָל זיך צו דערהאָלן, און ער איז דאָ, אין סאַניטאַריום, געווען אַ קעלנער. קיין געדונגענע קעלנערס זיינען ניט געווען. די געזינטערע און שטאַרקערע פון די פּאַציענטן גופא האָבן באַדינט די שוואַכערע פון זיי. אים האָב איך דערציילט, אַז איך קען דאָ ניט עסן די שפּייז.

איבערן שפּייז־צימער איז אַרומגעגאַנגען אַן עלטערע מיידל, אַ געוויק־סיקע, מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען וואָס האָט גערעדט נאָר רוסיש, מיטן נאָמען: מיס מענסטער. זי איז געווען די אויפפּאַסערן איבערן עס־צימער. צי האָט זי יאָ געזען, אַז איך עס ניט, ווייס איך ניט, אָבער די ישועה איז געקומען גראָד פון איר.

מיין פריינט קופּטשיק, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט מיט איר גערעדט וועגן מיין אָפּקומען ביי די מאָלצייטן. און אין אַ פרימאָרגן, ווען מיר זיינען אַלע געזעסן ביים אָנבייסן, איז זי צוגעקומען צו מיין טיש און מיר געהייסן אַרויסגיין. די איבעריקע מיט־עסערס ביים טיש האָבן זיך איבערגע־וואונקען, זיי האָבן געמיינט, אַז איך האָב זיך פאַרזינדיקט און מיס מענסטער הייסט מיר פאָרן צוריק אין שטאָט. אַזוי האָט זיך דאָרט געפירט, ווען עמיצער האָט זיך פאַרזינדיקט האָט מען אים אַוועקגעשיקט. אָבער מיס מענסטער האָט מיר געהייסן וואַרטן אַ ווײַלע, ביז אַלע וועלן אָפּעסן און ווען די קעלנערס וועלן זיך זעצן עסן זייער מאָלצייט זאָל איך צוקומען צו זייער טיש. און ביי זייער טיש איז טאַקע ווערט געווען צו זיצן. מיר זיינען געווען פיר מענטשן, דריי סאַרווערס און איך, אַן אומזיסטער עסער. אויפן טיש זיינען געשטאַנען אַ גרויסער קרוג מילך, צוויי קריגלעך זיסע און זויערע סמעטענע, אַ טעץ אָפּגעקאָכטע אייער, קאַשע אַחוץ פּוטער, קעז און קיכלעך. אַזוי איז אויך געווען צו מיטאָג, געבראָטענע הון און אַנדערע גוטע מאכלים.

לעבן אונדזער טיש איז געשטאַנען אַ טיש וואו עס זיינען געזעסן אַ זעקס צאָלנדיקע פּאַציענטן, זיי האָבן געצאָלט צו פיר דאָלער אַ וואָך, זיי האָט מען אויך סערווירט שפּעטער ווי די ניט־צאָלנדיקע. אויף זייער טיש זיינען געלעגן זילבערנע גאָפּל־מעסער, אַ בלאַנק־ווייסע טישטוך און ווייסע סערוועטקעס. אַ

שיינע יונגע מיידל, איינע פון די ניט־צאָלנדיקע פּאַציענטקעס האָט זיי באַדינט. אָבער זיי האָבן ניט געהאַט אַזעלכע גוטע שפּייז ווי די קעלנערס, און זי, די מיידל, איז אָפט געקומען נעמען ביי אונדזער טיש דאָס וואָס זיי האָבן ניט געקראָגן.

פאַר די פינף וואָכן, וואָס איך בין דאָרט געווען, האָב איך געוואונען ניינצן פונט וואָג.

געוויינטלעך האָט מען דאָרט אַ פּאַציענט געהאַלטן דריי וואָכן, אָבער די וואָס האָבן זיך גוט אויפגעפירט האָט מען פאַרלענגערט ביז זעקס וואָכן און אין אַן אויסנאַם אַפילו מער. איך בין געווען איינער פון די זעקס־וואָכנדיקע.

די נוירס האָט מיין פוס איבערגעבונדן יעדן צווייטן טאָג און די פוס האָט זיך גענומען היילן. די פרישע לופט און די גוטע עסנס האָבן געהאָלפן צו דעם. אָבער, אַז עס איז געקומען די זעקסטע וואָך און איך האָב געבעטן ביי דער מיס מענסטער, זי זאָל מיך לאָזן בלייבן אויף נאָך אַ פּאָר וואָכן, האָט זי מיר געענטפערט, אַז דאָס ווענדט זיך אָן דאָקטאָר לאָרענס, וואָס האָט מיך געשיקט אַהער. דאַרף איך פאָרן אין שטאָט און ביי אים בעטן די דער־לויבעניש צו בלייבן לענגער אין איסט־וויו.

איך בין געקומען צום דר. „על" און אים דערציילט, אַז מיין פוס היילט זיך אין קאַנטרי בעסער, ווי עס וואָלט זיך געקאָנט היילן אין שטאָט, צי קען ער מיר געבן די דערלויבעניש צו בלייבן דאָרט לענגער. ער האָט מיך גאַנץ פיין אויסגעהערט און דערוויל איבערגעשניטן דעם באַנדאַזש, וואָס האָט צו־געדעקט דעם גאַנצן פוס, אַ קוק געטאָן אויף איר נאַקעטקייט און געזאָגט: אַז איך דאַרף האָבן נאָך אַן אָפּעראַציע, ער וועט עס מיר מאַכן פאַר דריי הונדערט דאָלער. אָבער ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מיין פוס היילט זיך דאָך אַזוי אויך, איז צו וואָס דאַרף איך די אָפּעראַציע? האָט ער מיך געלאָזט אַרויסגיין פון אָפּיס און אַפילו ניט אָנגעטאָן קיין נייעם באַנדאַזש אויפן פוס. דאָס איז געווען אין מיטן ווינטער. פאַרשטייט זיך, אַז צוריק אין דער „האום" האָט ער מיך ניט געשיקט.

נאָכדעם ווי איך בין געקומען פון איסט־וויו, האָט זיך מיין פוס אויפ־געהערט היילן און איך בין צוויי יאָר געגאַנגען אין בית ישראל קליניק פאַר באַהאַנדלונג און שפּעטער אַפילו, אין זיבן־אַכט יאָר אַרום, אין אַ שלעכטן וועטער, האָב איך געהאַט ווייטאָגן אין דעם פוס און אַלעמאָל זיך געשראָקן, אַז איך וועל דאַרפן צוריקגיין אין שפּיטאָל פאַר אַ נייער אָפּעראַציע.

מיין „צייטונגס־געשעפט" האָב איך פאַרקויפט ווען איך האָב געדאַרפט אַריין אין שפּיטאָל און באַצאָלט דעם חוב פאַרן גאַנצן יאָר, כאָטש געהאַלטן האָב איך עס נאָר דריי חדשים.

וועגן גיין ווייטער אַרומטראָגן צייטונגען מיט אַ שלעכטער פוס, האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין.

# לעווין און גודמאַנס רעסטאָראַן

דער דאָזיקער רעסטאָראַן איז געווען דער בית מקלט פאַר די יונגע יידישע פּאָעטן פאַר די יאָרן פון 1908־9 ביז 1916, ווען דער „טאָג" האָט אָפּגעקויפט די געביידע און באַצאָלט די רעסטאָראַן־אייגנטימער $2100, אַזוי האָט מען דעמאָלט גערעדט אין גאַס. לעווין און גודמאַן, די באַלעבאַטים פון רעסטאָראַן, זיינען דאַן אַוועק מיט די עטלעכע טאָלער פון איין רעסטאָראַן אין אַ צווייטן און פון צווייטן אין אַ דריטן און אין אַ קורצער צייט, יעדער איינער באַזונדער, אויפגעבויט נייע, גרויסע רעסטאָראַנען און זיינען געוואָרן גרויסע נגידים.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מענטשן האָבן גוט פאַרדינט און האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין.

אָבער דאָ רייד איך פון די יאָרן, ווען זיי זיינען געווען די באַלעבאַטים פון דעם קליינעם רעסטאָראַן אין 183 איסט בראָדוויי, אונטערן נאָמען „ל. ען דזשי. רעסטאָראַן".

דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אין די צווייט בלאָק פון דריי יידישע טעגלעכע צייטונגען און די זשורנאַלן „צוקונפט", „קונדס" און די „פ.אַ.ש.".

מיר, די שרייבער, וואָס זיינען געווען די שטענדיקע קונדן פון רעסטאָראַן, זיינען באַשטאַנען פון דריי קאַטעגאָריעס: איין טייל וואָס האָט געאַרבעט אין די רעדאַקציעס פון די צייטונגען און זשורנאַלן; אַ צווייטער טייל וואָס האָבן געאַרבעט אין די שעפּער אויף בראָדוויי און די שכנישע גאַסן ביי שניידערישע מלאכות און פון צייט צו צייט אָפּגעדרוקט אַ ליד, אָדער אַ סקיצע אין אַ זשורנאַל אַן געלט; און דער דריטער טייל איז באַשטאַנען פון ליידיק־גייערס, וואָס האָבן געלעבט פון פאַרקויפן אַ ליד אָדער אַ סקיצע אין אַ צייטונג און באַקומען דערפאַר צוויי־דריי־דאָלער.

איך, ווי איינער וואָס איז אַרומגעגאַנגען ליידיק אַמלענגסטן, האָב געלעבט מיט דריי ראָגעלעך אַ טאָג און מיינע חברים האָבן שוין גערופן די קיכלעך אויף מיין נאָמען „גיט אונדז אַ פּאָר ראַלניקס ראָגעלעך" האָט מען באַשטעלט ביים קעלנער.

איינער אַ יונגער שרייבער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אַריסטאָקראַט, פלעגט אַריינקומען אין רעסטאָראַן מיטן אָנשטעל פון אַ גרויסן פאַרדינער און גלייך ביים עפענען די טיר אַ געשריי־געטאָן: „איין סעפּעראַט"! מיר האָבן געלאַכט שטילערהייט זיצנדיק ביי אַ ווייטן טיש. אונדז איז ניט אָנגעשטאַנען די פּוריע זיינע. מיר האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַזאַ קבצן ווי מיר אַלע.

איניקע פון אונדז האָבן געשריבן לידער זיצנדיק אין רעסטאָראַן און גראָד דעמאָלט ווען דער רעסטאָראַן איז געווען פול מיט מענטשן, אין אַ שבת אָדער אַ זונטיק אָוונט. ביים קלאַנג פון גאָפּל־מעסער און ביי די הויכע, פריילעכע

רייד פון די פרעמדע געסט איז אונדזער עלנטקייט געוואָרן שטאַרקער און דאָס ליד איז געקומען אַנטקעגן:

ס׳איז גוט אין רעסטאָראַן צו זיצן
אַ שבת־נאַכט וואו ביי אַ וואַנט,
אַ פרעמדער ביי אַ לעצטן טישל,
די ניט־דערטרונקען גלאָז אין האַנט.

עס קלינגען גלעזער, גאָפּל, מעסער,
עס קלינגט די טיר, דער רעדזשיסטער;
דער קעלנער, אָנגעטאָן אין ווייסן,
מיט שפּרונגען־טריט איילט הין און הער.

אין אַ מיטן־טאָג, ווען לעווין איז געשטאַנען ביים קאָונטער און צו־געגרייט אַ סאַלאַט, האָט ער אַ הויב־געטאָן זיין שיינע שטימע און אָפּגעזונגען אַ „ישמח משה״ אָדער אַ „הבה נגילה״ וואָס איז צעגאַנגען איבער אַלע גלידער.

לעווין און גודמאַן זיינען געווען איידעלע מענטשן און מיר זיינען זיי קיינמאָל ניט געפאַלן צו שווער. גודמאַן האָט מיר אַפילו געהאָלפן קריגן די שטעלע אַלס קאָרעקטאָר אין „טאָג״.

# ווי איך בין געוואָרן אַ שרייבער

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך געפונען אַ קליינע צאָל לשון־קודשדיקע ביכער, וואָס מיינע עלטערע ברידער האָבן פריער מיט יאָרן איינגעהאַנדלט און וואָס זיינען געלעגן אין אַ גרויסן קליידער־אַלמער אויבן אויף דער פּאָליצע, צוזאַמען מיט די הייליקע ספרים. איך האָב די ביכער געפונען שוין אַ ביסל פאַרעלטערט און פאַרגעלט.

איך קען זיי נאָך איצטער אַלע אויסרעכענען אויף אויסווייניק: צוויי בענד „שירי שפת קודש״ פון אָדם הכהן; „שפתי ישנים״, אַ קליינע זאַמלונג, וואָס איך האָב שוין לאַנג פאַרגעסן דעם נאָמען פון דעם צוזאַמענשטעלער און פון די משוררים, וועמעס שירים עס האָבן זיך געפונען אין דעם ביכל, אַחוץ פון איינעם — מאיר הלוי לעטעריס, און אַ לאַנגן שיר מיט לאַנגע שורות געדרוקט מיט קליינעם שריפט, וועגן גאָטס גרויסקייט. דער נאָמען פון שיר איז, דאַכט זיך, „מעשי ד׳״. (אין מיינע עלטערע יאָרן האָב איך געזוכט דאָס ביכל אין פאַרשיידענע ביבליאָטעקן און ביי באַקאַנטע און ניט געקענט גע־פינען) אַחוץ די צוויי ביכלעך שירים איז געווען אַ קליין ביכל פון דעם

מלבים „משל ומליצה״, אין אַ דראַמאַטישער פאָרמע. (אַ נאָכמאַכונג, זאָגט מען, נאָך אָדם הכהנס „אמת ואמונה״). „הנלכד״, אַן איבערזעצונג פון באַג־ראַווס „פּאָימעניק״; אַ דיגינקער ביכעלע פון דעם „יונג־דייטשלאַנד״ שרייבער — קאַרל גוצקאָוו. (די העלדן פון דעם ביכל זיינען „אַ יונגער פרינץ מיט זיין חבר שלמון); אַ גרויסער באַנד „תולדות לשון עברי״ פון בן זאב און אַן „אוצר השרשים״ מיט העברעאישע סינאָנימען.

ווען איך בין געווען אַ יינגל פון אַ יאָר 13־14 האָב איך געלייענט אויפן קול, אין אַ שבת נאָך וואַרמעס, ווען קיינער האָט ניט געהערט, דעם שיר „אשאל למה״, פון אָדם הכהן. מיר זיינען געפעלן געווען די קורצע שורות מיט די קלינגענדיקע גראַמען. ווען איך בין געוואָרן אַ ביסל עלטער האָב איך געלייענט די אַנדערע שירים פון בוך, ווי די „החמלה״ און דעם שיר אויפן טויט פון זיין זון מיכה־יוסף. איין שיר „הדעת והמות״ האָב איך געלייענט דריי מאָל, דאָס הייסט, אין דריי באַזונדערע עלטערס. דאָס איז געווען אַ שווער־ער, פילאָסאָפישער שיר און איך בין געווען צו יונג תופוס צו זיין אים איב־גאַנצן. ערשט צו 16 יאָר האָב איך אים באַנומען.

ביי אונדז אין שטאָט זיינען געווען יידן, מעלער, יודעי ספר, מיט וועמען מיר האָבן געהאַנדלט, און זיי האָבן געהאַט אין זייערע קליינע עלמערלעך קלמן שולמאַנס „דברי ימי עולם״ — (אגב, דורך די „דברי ימי עולמס״ וואו בעמען פון קעניגן און באַרימטע שטעט זיינען געווען געדרוקט אין דייטשער גאָ־טישער שריפט, האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען דייטש); מאַפּוס און סמאָלענסקיס ראָמאַנען און אַפילו געבונדענע יאָר־גענג „השחר״ און דעם „כנסת ישראל״ און „האָסיף״ פון עטלעכע יאָר.

אין יענער צייט האָב איך געלערנט ביי אַ פרומען מלמד, און איך בין אַליין אויך געווען פרום. אַז איך בין אינדערפרי אַריינגעקומען אין חדר, האָב איך די ערשטע זאַך גענומען דעם „שבט מוסר״ און זיך אָנגעלייענט מיט די אַלע מעשיות פון גהינום און די שטראָף פאַר די זינדיקע, און מיין אינערלעכער פאַרלאַנג איז געווען צו בלייבן אַ פרומער אויף מיין גאַנצן לעבן.

בין איך גראָד קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען און מיין שוועסטער האָט מיר געבראַכט פון זיסל דעם שווערצנער, מאַפּוס „עיט צבוע״. איך האָב עס איבערגעלייענט און בין געוואָרן אַן אַנדערער. אַז איך בין געקומען צוריק אין חדר, האָב איך זיך כסדר מתוכח געווען מיטן רבין וועגן פרומקייט.

אויף מיין 15טן יאָר, האָב איך שוין געלערנט אין דער ישיבה. יעדן נאָכמיטאָג בין איך געגאַנגען איבערחזרן דעם שיעור מיט אַ חבר אין בית מדרש און זיצנדיק ביי דער גמרא פלעג איך אָפט אַריינטאָן דעם קאָפּ אין עלמערל פון שטענדער און אָנשרייבן דאָרטן אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר לשון קודשדיקע חרוזים. מיינע שירים פלעגן מיר איינפאַלן פּלוצלונג, אַ צוויי־דריי שורות פאַר אַ מאָל.

* * *

אַז איך האָב זיך אויסגעלערנט שרייבן רוסיש, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן רוסישע לידער. איך האָב יעדן אָוונט פאַרן שלאָפן־גיין אָנגעשריבן אויף אַ געווירעט בלעטל פּון אַ העפט אַ ליד. דאָס ליד האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער ערשטער שורה פון בלעטל און האָט זיך פאַרענדיקט אויף דער לעצטער שורה. קיינמאָל ניט מער און ניט ווייניקער. דאָס בלעטל האָט געהאַט 14 שורות אָבער דאָס זיינען ניט געווען קיין סאָנעטן. פון אַזאַ זאַך האָב איך אין יענער צייט און אַפילו שפּעטער ניט געוואוסט. איך האָב פּשוט פאַרשריבן דאָס בלעטל, וואָלט עס געהאַט מער אָדער ווייניקער שורות, וואָלט איך עס אַלצאיינס פאַרשריבן אינגאַנצן און עס וואָלטן קיינמאָל ניט איבערגעבליבן קיין ווערטער, וואָס וואָלטן ניט אַרויף אויפן בלאַט און עס וואָלטן אויך ניט אויסגעבליבן קיין ליידיקע שורות.

דעם אינהאַלט פון די שורות געדענק איך היינט ניט. די שירים האָבן אַפילו קיין גראַמען ניט געהאַט און דאָך האָב איך זיי גערופן ש י ר י ם. נאָכן אָנשרייבן אַ שיר, האָב איך אים אויף ביינאַכט באַהאַלטן אונטערן קישן און בייטאָג האָב איך אים געטראָגן אין בוזים קעשענע.

אַחוץ די שטאָטישע איינוואוינער האָבן די ישיבה־לייט, וואָס זיינען געקומען פון ווייטע, פרעמדע שטעט, געהאַט מיט זיך לשון קודשדיקע ביכלעך און מיר פלעגן זיך בייטן צווישן זיך. מיר האָבן אַפילו געהאַט אַ מין בערזשע, וואָס איז געווען אין אַ „מנין" אויפן שול־הויף, וואוהין מיר פלעגן קומען כלומרשט דאַוונען, אָבער אינדעראמתן האָבן מיר זיך דאָרט געביטן מיט ביכלעך.

מיין חשק צום לייענען איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז פאַר מיר קיין מניעה ניט געווען וואו דער בוך געפינט זיך — צי אין אַ נגידיש הויז, וואו איך האָב קיין באַקאַנטשאַפט ניט געהאַט און בין דאָך געגאַנגען בעטן מען זאָל מיר לייען אַ בוך, צי אין די גאָר אָרימע געסלעך אויפן ביי־שטעטל, אין כאַ־לופּקעס, וואו דער מיסט איז געלעגן צעשפּרייט איבערן שטוב. און דאָס וואָס איך האָב איבערגעלייענט איז מיר נאָכגעגאַנגען ווי אַ קליינער ברודערל, אי־בערהויפּט, די שירים.

דעם קומענדיקן ווינטער בין איך געווען אינדערהיים, אין דאָרף.

ביי אונדז אין דאָרף זיינען געווען צוויי יינגלעך — איינער אַ רייכער און דער צווייטער אַן אָרימער, אַ יתום. פלעגט דער רייכער יינגל שיקן דעם אַרימען אין שטאָט, אַ צען וויאָרסט ווייט, קויפן פאַר אים צוקערקעס, איריסן און אַנדערע געשמאַקע זאַכן. האָב איך איינמאָל אָנגעשריבן אַ דיאַלאָג צווישן די צוויי יינגלעך. דער דיאַלאָג האָט געהאַלטן אינגאַנצן אַ 12־14 שורות. מיין ברודער האָט עס געזען און עס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. דאָס האָט מיך דערמוטיקט צו שרייבן ווייטער. יענעם ווינטער האָב איך אָנגעשריבן אַ קליינע צאָל שירים און איינער, געדענק איך, אין נוסח פון אָדם הכהן; ווי גזלנים באַפאַלן אין וואַלד אַ דורכפאָרנדיקן סוחר.

פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען, ווען איך האָב אָנגעהויבן אַליין צו שרייבן, אַזאַ חוצפּה, צו רופן מיינע צוויי־דריי אָנגעוואָרפענע שורות — שירים און פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ איבערגעבנקייט און טריישאַפט צו די בלעטלעך וואָס איך האָב פאַרשריבן אין העפט, פאַרשטיי איך היינט אַליין ניט. דאָס האַרץ האָט מיר מסתמא געזאָגט, אַז איך וועל אַמאָל זיין אַ פּאָעט און איך דאַרף האַלטן הייליק אַלץ וואָס איך שרייב אָן.

איך האָב אין יענער צייט געלייענט די ווערק פון ערנסטע פּאָעטן ווי: טיוטשעוו, קאָלצאָוו און ניקיטין, האָב איך זיך פון זיי אָנגעלערנט צו באַציען זיך ערנסט צו מיינע שאַפונגען. איך האָב שטאַרק ליב געהאַט די רוסישע פּאָעטן און געווען אונטער זייער איינפלוס. נאָכן טאָג איז מיין האַרץ געווען פול מיט איבערלעבונגען און איינדרוקן און איך האָב עס געמוזט איבערגעבן אויפן פּאַפּיר.

די שורות אין די העפטן, וואָס איך האָב אָנגעשריבן האָבן אָבער געלעבט ניט גוט צווישן זיך. איין שורה איז געגאַנגען אַהער און די צווייטע אַהין און אַ דריטע שורה האָט זיך אָנגעשטויסן מיט אַן עלענבויגן אין דער פּלייצע פון אַ פערטער. איך האָב געזען, אַז זיי רייסן זיך אַרום, איך האָב אָבער ניט פאַר־שטאַנען פאַרוואָס. ביז מיינער אַ חבר האָט מיך גענומען צו זיך אַהיים און האָט פאַר מיר געעפנט אַ „טעאָריא סלאָוועסנאָסטי", די כללים ווי צו שרייבן פּאָעזיע, און איך בין געוואָרן אַ געהאָלפענער. איך האָב זיך אויסגע־לערנט צו שרייבן מיט אַ גלייכן ריטם און די שורות זיינען אַלע געגאַנגען צוזאַמען, ווי גוטע סאָלדאַטן אויף אַ מאַרש.

אין אַ ווינטערדיקן שבת צו־נאַכט, בין איך געקומען צו אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט געוואוינט ביי ליישקע דעם סטאָליער אין אַ קאַמער, נעמען אַ בוך. ער האָט מיר געגעבן פּאָלעזשאַיעוס לידער. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו זיי און געשלונגען יעדן וואָרט. זיי זיינען געווען ווי שטאַרקער ווייַן פאַר מיר. דאָס איז אויך געווען די צייט, ווען אַ בליק אָדער דער אָנריר פון אַ מיידלס האַנט, האָט מיך פאַרשיכורט.

אָבער דער באַליבטסטער פּאָעט מיינער איז געוואָרן לערמאָנטאָוו. זיינע לידער האָב איך געלייענט ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר אַכצן און אפשר מער. איך געדענק ווי איך בין אין אַ טיף־אָסיענדיקער בלאָטע געגאַנגען אַ דריי וויאָרסט צו אַ יידישן פאָסעסאָר כדי צו לייען ביי אים לערמאָנטאָווס בוך. דאָס איז געווען פרייטיק. איך בין געקומען אַהיים צו וועטשערע און ווען מיר האָבן אָפּגעגעסן, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט לייענען אויף אַ גאַנצער נאַכט.

ווען איך האָב זיך מיט לערמאָנטאָווס לידער אָנגעלייענט, האָב איך איינמאָל אָנגעשריבן אַ ליד פון 32 שורות. איך בין געווען זייער צופרידן מיט דעם אָנגעשריבענעם. עס האָט געהאַט גוטע גראַמען, און אויסגעהאַלטענעם מעטער, אַלץ איז געווען אויפן בעסטן אופן. איך האָב עס געוויזן מיין מינסקער חבר, יאַקאָוו פעלדשער, ווען ער איז געקומען צו אונדז אין שטאָט. ער איז

געווען עלטער פון מיר מיט אַ פיר־פינף יאָר. ער האָט איבערגעלייענט דאָס ליד און אַ זאָג געטאָן בלויז איין וואָרט: — „לערמאָנטאָוו"!

איך ווייס, אַז איך האָב מיט אַ כיוון ניט נאָכגעמאַכט ניט לערמאָנטאָוון און ניט עמיצן אַנדערש, אָבער איך בין געווען אַזוי פול מיט זיי, אַז ניט ווילנדיק איז אין אַלץ וואָס איך האָב געשריבן געווען ד ע ר אָדער י ע נ ע ר פּאָעט.

איך האָב געזאָגט „אין אַלץ", אָבער אינדעראמתן איז ניט אין אַלץ. איך דערמאָן זיך איצט, אַז אין יענער צייט האָב איך געשריבן אייגענע, אָריגינעלע לידער, כאָטש איך געדענק ניט היינט זייער אינהאַלט און געשטאַלט.

ביי אונדז אין הויז האָט זיך אויך באַוויזן דער „הויז־פריינט" פון ספּעקטאָרן און נאָך יידישע ביכער און איך האָב אויך אָנגעהויבן שרייבן יידישע לידער.

* * *

אויף דער עצה פון מיינעם אַ פריינט, האָב איך אַוועקגעשיקט דריי לידער צו פּרצן אין וואַרשע: אַ העברעאישן, אַ רוסישן און אַ יידישן. האָב איך דערהאַלטן פון אים אַן ענטפער אויף פיר זייטלעך פּאַפּיר, געשריבן אין רוסיש, מיט קליינינקע אותיותלעך. דאָס יידישע ליד איז אים געפעלן געוואָרן מער. דאָס איז געווען אין ריטם פון דוד פרישמאַנס אַ קליין ליד, אַ כאָריי, אין איינעם פון די „ספרי אגורה", וואָס שאלקאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע. פון מיין רוסישן ליד האָט ער אַביסל חוזק געמאַכט. ניט פון דעם ליד גופא, נאָר פון דעם מיידל, וואָס צו איר האָב איך דאָס ליד געשריבן. דאָס ליד האָט געהאַלטן אַכט שורות און זעקס פון זיי געדענק איך נאָך היינט:

„או נאָג טוואָיך מאָיא באָגיניא
כאָטשו יאַ פּלאַקאַט אי רידאַט
אי ווסיו פּעטשיאל דושי טאָסקליוואָי
פּערעד טאָבאָיו איזליוואַט.

אי ראַסקאַזאַט טעביע אָ מוקאַך
אי דיען, אי נאָטש טערפּימיך מנאָי
— — — — — — —
— — — — — — —"

אָדער אַזאַ שורה: „לוטשע פּוליו ראָקאָוואַיו" — אַלץ לידער פון פּאַרצווייפלונג, אָבער געגומענע פון דער פרעמד.

איך בין ניט געווען דער איינציקער ביי אונדז אין שטאָט, וואָס האָט געשריבן שירים. איך האָב געקענט אַ צווייטן יינגל, שמואל דעם טעפּערס, וואָס האָט געשריבן אַזוי ווי איך, העברעאישע שירים. איך געדענק אַ שבת נאָך וואַרמעס. מיר זיינען אַלע — איך און ער און נאָך עטלעכע יינגלעך —

געגאַנגען מיט דער בריק גאַס און געלייענט די אָנגעשריבענע שירים. זיין האַנטשריפט איז געווען אַ בעסערע. (אין יענער צייט האָבן מיר, יינגלעך, געלייגט אַ סך געוויכט אויף דער „האַנטשריפט" און דער לערער פון „ריין־שרייבן" איז געווען פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן לערער אין אונדזער שטאָטישער שולע). און עס זיינען געוויס געווען אַנדערע, וואָס האָבן געשריבן פאַר זיך און קיינעם ניט געוויזן, אָדער יאָ געוויזן זייערע נאָענטע חברים, אָבער איך האָב פון זיי ניט געוואוסט.

די וואָכן אָדער חדשים, וואָס איך בין געווען אין שטאָט ביי מיין שוועסטער, און זיך באַגעגנט מיט מיינע חברים, האָב איך געשריבן אָפטער איידער אין דער צייט, וואָס איך בין געזעסן אין דאָרף, פאַרשפּאַרט אין קליי־נעם קאַמערל.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר 20 (פאַרן פּריזיוו) האָב איך איבערזעצט אין יידיש דוד פרישמאַנס פּאָעמע: „העילוי" אָדער „הנדבה", דאָס ליד איז געווען אַ מין קאָנקורענץ צו פּרוגס ליד: „דעם שמשס טאָכטער". אַז איך בין געקומען אין אַמעריקע אין 1899, האָב איך מיט־געבראַכט צוזאַמען מיט מיינע אַנדערע כתבים, אויך די פּאָעמע. איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט צו געבן דאָס דרוקן — אַזעלכע גרויסע השגות האָב איך ניט געהאַט. איך בין דאָ געווען פאַרנומען מיט אַרבעט אָדער מיט זוכן אַרבעט.

אָבער אין אַ יאָר אַרום נאָך מיין קומען אַהער האָט דער „פאָרווערטס" אָפּגעדרוקט פּרוגס ליד: „דעם שמשס טאָכטער".

דאָס ליד האָט שטאַרק אויסגענומען, וועדליג איך האָב אויסגעפונען פון מיינונגען צווישן באַקאַנטע און ביי די טישלעך אין רעסטאָראַן, וואו מענטשן האָבן געהאַלטן די צייטונג אין האַנט און הויך געלייענט דאָס ליד איינער פאַרן צווייטן. דעמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט אָן זיין יינגערער שוועסטער: „די הנדבה", וואָס ליגט ביי מיר.

אין אַ שבת אינדערפרי בין איך אַוועק אין דער „פאָרווערטס" דרוקעריי אויף קריסטי און קאַנאַל סטריטס און עס געוויזן דעם דעמאָלסטיקן ליטעראַ־רישן רעדאַקטאָר משה קאַטץ. אים איז דאָס ליד געפעלן געוואָרן. ער האָט מיר נאָר געהייסן אין איין אָרט אומביטן דעם רוסישן וואָרט „געקאָנטשעט" אויף דעם דייטשישן וואָרט „געענדיגט".

אויף דער צווייטער וואָך איז דאָס ליד געווען אָפּגעדרוקט און אַז איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון זיין געדרוקט, האָט זיך מיר אָנגעהויבן ווילן שרייבן. איך בין דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, האָב איך איבערזעצט אַ פּאָר קליינע לידער פון היינען פון אַ רוסישער איבערזעצונג און אָנגעהויבן שרייבן אייגענע לידער — אַרבעטער־לידער. אַ ביסל דערפאַר, וואָס די לופט איז געווען אַ פּראָלעטאַרישע און מער נאָך, ווייל איך בין אַליין געווען אַ שאַפּ־אַרבעטער. ביינאַכט אויף מיין געלעגער האָב איך געוויינט אי אויף דער מערכה פון דעם אַרבעטער־קלאַס, אי וואָס די הענט האָבן מיר ווי געטאָן

פון האַלטן אַ גאַנצן טאָג דעם „קורצן מעסער" אין האַנט. און אַז איך האָב קיין אַרבעט ניט געהאַט, האָב איך טאַקע געליטן נויט. די הענט מיינע האָבן בײנאַכט געזוכט אין בעט דעם זעלביקן מעסער, דעם שפּייזער מיינעם, וואָס איך האָב געשאָלטן בייטאָג, אָבער צו וועלכן איך האָב זיך צוגעוואוינט ביי דער אַרבעט.

* * *

אין 1906, בין איך געווען צוריק אין רוסלאַנד, אין דער שטאָט מינסק און בין דעם גאַנצן טאָג געזעסן אויפן קוואַרטיר און געלייענט דיומאַס ראָמאַנען אין דייטש און געשריבן לידער אין יידיש. די לידער האָבן מיט די ראָמאַנען קיין שום שייכות ניט געהאַט. איך האָב יעדן טאָג געשריבן איינע אָדער צוויי לידער און אין אָוונט האָב איך עס אַוועקגעטראָגן אויף מאַליאַווסקי פּערעאולאָק, וואו רייזען האָט דעמאָלט געוואוינט מיט זיין שוועסטער שרה־באַשע און איר מאַן דעם שרייבער דוד קאַסעל.

איך האָב יענעם ווינטער רייזענס לידער כמעט ניט געלייענט, אָבער מיינע לידער זיינען פונדעסטוועגן געווען באַווירקט פון רייזענען. איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, איז די באַווירקונג געקומען פון די זעלטענע פאַלן, ווען איך האָב זיי יע געלייענט, אָדער דערפון וואָס איך האָב זיך אַזוי אָפט געפונען אין זיין געזעלשאַפט, געהערט זיינע רייד, זיך אָנגענומען מיט זיין נוסח הדיבור און אויף מיין אופן איבערגערעדט.

„איך האָב חרטה אויפן נעכטן
און האָב חרטה אויפן היינט
און איך טראָג שוין אַ חרטה
אויפן מאָרגן, ליבער פריינט."

אָט דער „ליבער פריינט" איז אינגאַנצן רייזענס.

איך געדענק אָבער, אַז יענעם ווינטער, נאָכן אָנשרייבן אַ ליד, בין איך געוואָרן זייער נערוועז. עס האָט געמעגט זיין אַ גרינג און וואָכעדיק ליד. איך דערמאָן זיך איינמאָל, עס איז געווען אַרום צען דעם זייגער אין אָוונט, האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד פון צוועלף שורות, אַ גאַנץ געוויינלעך ליד, האָבן מיר באַלד אָנגעהויבן קלאַפּן די ציין אין מויל פון אויפרעגונג און איך האָב זיך ניט געקענט באַרואיקן ביז נאָך איינס דעם זייגער נאָך האַלבער נאַכט. דאָס האָט געטראָפן מיט מיר גאַנץ אָפט.

ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע צום צווייטן מאָל אין 1907, האָב איך זיך אָפט באַגעגנט מיט מיינע חברים־פּאָעטן אין רעסטאָראַן. מיר זיינען דאָרט אָפּגעזעסן שעהן לאַנגע. אין יענער צייט האָב איך געשריבן אַ סך לידער און אָפט טאַקע זיצנדיק אין רעסטאָראַן גופא.

אַ, גאָט פון די ליעדער. ניט יאָג מיך פון דיר,
איך דאַרף ניט קיין אַנדערן האַרר אויסער דיר,
איך ליב אויך די פּרוי וואָס דו האָסט מיר געשיקט,
די פּיצלאַך, מיט וועלכע זי האָט מיך בעגליקט,

און פיהר מיך צום שופט, און פיהר אויפן שטעל,
און קלאַמער מיין אויער צום שופט׳ס טיהר שוועל;
דאַן נעהמסטו דעם אָהל און דו טהוסט מיר מיין רעכט,
און זאַלבסט מיך אויף אייביג צו דיר פאַר אַ קנעכט.

מיר האָבן געלייענט איינער פאַרן צווייטן און גערעדט וועגן פּרעמדע, אייראָפּעאישע פּאָעטן. די הויפּט פאַרלייענער זיינען געווען מאַני־לייב און מ. ל. האַלפּערן. מאַני־לייב האָט גערעדט וועגן די רוסישע פּאָעטן און זיי כסדר ציטירט. און מ. ל. האַלפּערן — וועגן די דייטשע.

אין 1909, האָב איך געוואוינט ביי מיין שוועסטער אין וויליאַמסבורג אויף דיוויזשאַן עוועניו. האָט פיל מאָל געטראָפן, אַז גייענדיק איבערן בריק פון מאַנהעטן קיין ברוקלין, בין איך קוים אַריינגעפאַלן אין שטוב, אויפן ערשטן שטאָק, צוגעפאַלן צו א גרויסער קישן, אַוועקגעלייגט אַ שטיקל פּאַפּיר און אָנגעשריבן די ערשטע עטלעכע שורות פון אַ ליד, וואָס זיינען מיר געקומען אין קאָפּ גייענדיק איבערן בריק.

מיט אַ יאָר אָדער צוויי שפּעטער, האָב איך שוין געוואוינט אויף מעדיסאָן סטריט, דאַון־טאַון און געאַרבעט ביי קריסטמעס לעמפּלעך און לויפנדיק צו דער אַרבעט אויף טשיימבערס סטריט, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער (דאָס איז געווען ווינטער), פלעג איך זיך אָנשפּאַרן אָן אַ סלופּ פון „על״ און אָנשרייבן עטלעכע אָנהייב־שורות פון אַ ליד, וואָס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק טאַקע לויפנדיק צו דער אַרבעט — אַמאָל פון איין ליד און אַמאָל פון צוויי.

זונטיק אין דער פרי בין איך אַוועקגעגאַנגען אין עדיוקיישאָנעל אַלייענס און דאָרטן פאַרענדיקט די 10־12 לידער, אָפּט צו צוועלף שורות אין אַ ליד, וואָס האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן פאַר דער וואָך.

זיצנדיק אין גרויסן זאַל פון לייען־צימער, אויף אַן אָנלען־שטול, האָב איך אָפּט אונטערגעדרעמלט צוגלייך מיט פילע אַנדערע באַזוכער, וואָס זיינען ווי איך, אויך אַנטשלאָפן געוואָרן און אַפילו אונטערגעכראַפּעט אין וואַרעמען צימער. די ביבליאָטעקאַרין איז אָפּט דורכגעלאָפן פאַרביי און זיך אָפּגעשטעלט אויפצואוועקן די שלאָפנדיקע, ווייל עס איז געווען פאַרווערט צו שלאָפן. אָבער איך האָב זיך אויסגעלערנט צו דערהערן אירע לייכטע טריט נאָך איידער זי איז צוגעקומען אַנטקעגן מיין שטול און זי האָט מיך קיינמאָל ניט געפונען דרעמלענדיק.

אין וועג פֿאַרנעמענדיק די אָפּגעטאָגטע בלעטער,
מיט דראָבנע טריט קומט די לייבעריען צו גיין.
פֿון שלאָף דערהערט האָט איינער אירע מיידל־שיכלעך
און האָט צעשטראַלט זיך מיט די ווייסע, שאַרפֿע ציין...
— — — — — — — — — — —
אַ בוך אין האַנט. פֿון ראַדיאַטאָר
דער דאַמף ווי טוי אויף ברעמען ליגט.
אַ לייכטער טראַב פֿון גאַס דערטראָגט זיך,
עס שלעפֿערט מיך. בין האַלב פֿאַרוויגט.

איך האָב אין יענער צייט אויף אַזאַ אופֿן אָנגעשריבן 54 קליינע ליבע־לידער און אַוועקגעגעבן רייזענען פֿאַר זיין זאַמלבוך: „דאָס נייע לאַנד".

צוזאַמען מיט די ערלעכע לידער, האָב איך געשריבן אַ קורצע צייט קיבעץ אָדער קונדס־לידער. אין דער רעדאַקציע פֿון „קונדס", האָבן דעמאָלט געשריבן י. אַדלער, דער לעבעדיקער, יצחק רייז, מ. ל. האַלפּערן, חנן גאָטעס־פֿעלד, מיכל קאַפּלאַן, יוסף באַנק, דער טונקעלער, א. ל. באַראָן און אַנדערע, אפֿילו ניט קיין פּראָפֿעסיאָנעלע הומאָריסטן. איבערהויפּט, אַז עס פֿלעגט קומען אַ שרייבער, אַ גאַסט פֿון אייראָפּע, איז עס פֿאַר אים געווען די ערשטע געלעגנהייט אָפּצודרוקן אַ זאַך אין „קונדס" וואו ער האָט געכאַפּט אַ פֿינפֿערל און איז נתפּרסם געוואָרן.

די רעדאַקציע האָט זיך געפֿונען ניט ווייט פֿון לעווין און גודמאַנס רעסטאָראַן, וואו מיר פֿלעגן אַלע זיצן. האָב איך, פֿאַרקוקנדיק זיך אויף די קונדס־שרייבער און מקנא זייענדיק די פֿאַרדינסטן און פֿריילעכע רייד וואָס זיי האָבן געדעדט, פֿון צייט צו צייט אָנגעשריבן אַ הומאָריסטיש לידל און אַוועקגעגעבן דעם רעדאַקטאָר, מאַרינאָוו. אמת, עס איז מיר אָנגעג־קומען זייער שווער אָנצושרייבן אַזאַ ליד. אָבער די צוויי־דריי דאָלער האָנאָראַר זיינען געשטאַנען פֿאַר די אויגן ווי די גרעסטע דערגרייכונג. ביז איינמאָל האָב איך אָנגעשריבן אויפֿן רעדאַקטאָרס באַשטעלונג אַ ליד לכבוד ראש־השנה, ווי די מלאכים פֿאַרשרייבן דעם שיקזאַל פֿון די מענטשן אויף דער ערד. האָט מאַרינאָוו גענומען און איבערגעמאַכט דאָס ליד און אַריינגעמישט אַהין גאָווערנאָר סולצער, ווען מען האָט דעמאָלט אַרונטערגעזעצט און עס איז אַרויסגעקומען אינגאַנצן אַן אַנדער ליד. אמת, ער האָט מיר באַצאָלט די דריי דאָלער פֿאַר דעם ליד, אָבער איך האָב עס באַטראַכט פֿאַר אַ באַליידיקונג און אויפֿגעהערט צו שרייבן לידער פֿאַרן „קונדס".

* * *

איך האָב ניט געשריבן מיינע לידער וואָך איין וואָך אויס, ווי איינער וואָס דרוקט יעדן שבת אַ ניי ליד אין אַ צייטונג, ווייל עס איז אַזוי אָפּגעמאַכט

געוואָרן צווישן אים און דעם רעדאַקטאָר. און אַפילו אַזעלכע רוען זיך אָפּ פון צייט צו צייט און רוקן אונטער דעם רעדאַקטאָר אַן אַלט ליד אָנשטאָט אַ נייעם. איך אָבער האָב זיך אָפּגערוט יאָרן גאַנצע פון איינמאָל אַרויסגעבן אַ ביכל ביז אַ צווייטן מאָל.

איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון אַמעריקע אין 1901 האָב איך אַ גאַנץ יאָר צייט געדרוקט אין „פאָרווערטס" אַ וואָך איבער אַ וואָך איין, אָדער צוויי לידער און אַמאָל מער. אָבער קומענדיק אַהיים, קיין זשוכאָוויץ, אין איינזאַמען דאָרף האָב איך ניט אָנגעשריבן קיין איין ליד פאַר גאַנצע פיר יאָר צייט.

ערשט אין 1905, בין איך געקומען קיין מינסק און געדונגען אַ צימערל אויף ניעמייע גאַס און דעם זעלביקן אָוונט, נאָך אַ באַזוך ביי אברהם רייזען און זיין שוואָגער דוד קאַסעל און דערשמעקנדיק די טומלדיקע גאַס אַרום מיר און די לויפנדיקע מענטשן, בין איך געקומען אין מיין צימערל און אָנגעשריבן אַ היבש ליד וועגן אַ פינצטערער נאַכט. איך האָב פאַרגליכן די נאַכט צו אַן אַלטער, שוואַרצער שקאַפּע אָדער קליאַטשע, אַ האַלב בלינדע, מיט אַ דריי־פערטל אַראָפּגעריסענער גריווע, וואָס הענגט כמעט ביז צו דער ערד און שלעפּט זיך פּאַמעלעך טראָט ביי טראָט.

אין דער צייט וואָס איך האָב ניט געשריבן בין איך אַרומגעגאַנגען שטום און פאַרצווייפלט און זיך אַליין באַטראַכט ווי אַ וואָרים, וואָס איז ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט אים. איך האָב זיך געפילט ווי איינער פון די גע־פאַלענסטע אין גאָר דער וועלט.

ביז עס איז געקומען אַן ערשטע שורה און האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טירל פון מיין געמיט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיטן הינדעלעך און ענטע־לעך, ערשט געבוירענע מיט דעם נאַסן פּוך אויף זיך. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר, ביז זיי האָבן זיך אויסגענומען.

די לידער זיינען געווען פון אַן אַנדער אויסזען און כאַראַקטער ווי די פריערדיקע לידער. זיי האָבן געהאַט אַן אַנדער טאָן און טעמאַטיק, אָבער זיי אַליין, דער גאַנצער ביכל זיינען געווען מעור אחד. און ווידער בין איך געבליבן שטום און איינזאַם אויף אַ פּאָר יאָר, ביז עס איז נאָכאַמאָל געקומען אַן ערשטע שורה פון אַ ליד און אָנגעקלאַפּט אויף אַן אַנדער טירל און עס האָט זיך געעפנט און עס זיינען אַרויסגעלאָפן פון דאָרטן נייע געענדזעלעך און הינדעלעך פון אַן אַנדער מין אָבער זיי אַליין אַלע מעור אחד.

אַזוי פלעג איך שרייבן אַ צוויי־דריי יאָר, ביז וואַנען זיי האָבן זיך אויס־געשעפּט. אַחוץ איינמאָל, ווען עס איז אַרויס מיין גרויס־פאָרמיקער בוך אין 1915, בין איך אויף מאָרגן פרי געזעסן אין מיין צימער און די זון האָט אַריינגעשיינט און איך בין געווען גליקלעך מיט זיך אַליין און האָב אָנגעשריבן אַ ניי ליד. מיט דעם הייבט זיך אָן מיין ביכל „צום שטערן נויד" — אַ ליד און נאָכדעם אַ גאַנצע סעריע לידער גאָרניט ענלעך צו די, וואָס זיינען אַריין אין פריערדיקן בוך.

אַרום דעם יאָר 1910 האָב איך צונויפגעקליבן אַ טייל פון מיינע לידער און אָפּגעדרוקט אַ קליין בראָשירט ביכעלע אונטערן נאָמען: „אויפן זאַמדיקן וועג".

## ווי איך בין אָנגעקומען אין „טאָג" פאַר אַ קאָרעקטאָר

אין 1912 בין איך אָנגעקומען אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" אַלס קאָרעקטאָר פאַר 3 דאָלער אַ וואָך און דערגרייכט ביז 4 דאָלער אַ וואָך. אָבער קיין אויסזיכטן אויף העכער זיינען ניט געווען. און מיט 4 דאָלער אַ וואָך איז מיר געווען שווער אויסצוקומען.

איז אַזוי גייענדיק איינמאָל אין אַ פרייטיק נאָכמיטאָג, סוף זומער 1914, אויף דער צווייטער עוועניו און האוסטאָן סטריט, האָב איך באַגעגנט א. זעלדין, אַ שרייבער. אויף מיין פראַגע פון וואַנען ער גייט, דערציילט ער מיר, אַז מיסטער בערנשטיין, אַ באַקאַנטער יידיש־ענגלישער זשורנאַליסט, נעמט זיך אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג אין ניו־יאָרק. ער האָט אים אָנגעשטעלט אַלס מיטאַרבעטער, און איך קען צוגיין און זיך אָנשלאָגן אַלס קאָרעקטאָר. דער אָפיס איז טאַקע דאָ אויף דער צווייטער עוועניו און 18טע גאַס. איך האָב אים געפאָלגט און אַוועק אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס. און בערנשטיין האָט מיך אָנגעשטעלט אַלס קאָרעקטאָר.

די קאָרעקטאָרס האָבן דעמאָלט געהערט צו דער שרייבער יוניאָן, כאָטש זיי האָבן געאַרבעט אין איין צימער מיט די זעצער. די זעצער־יוניאָן לאָקאַל 83, האָט גראָד דעמאָלט באַשלאָסן, אַז נאָר זעצער פון טרייד זאָלן מעגן אַרבעטן מיט זיי אַלס קאָרעקטאָרס אין דעם זעלביקן צימער.

האָב איך זיך אינגיכן דערוואוסט„ אַז די זעצער־יוניאָן איז קעגן דעם, איך זאָל אַרבעטן אין זייער „טשאַפּעל", ווייל איך געהער ניט צו זייער יוניאָן. האָט מען מיר געגעבן אַן עצה: אַזוי ווי איך בין אַ שרייבער, זאָל איך אַריין אין דער שרייבער־יוניאָן און פון דער שרייבער־יוניאָן אַריבערגיין אין דער זעצער־יוניאָן, ווייל זיי זיינען צוויי שוועסטער־יוניאָנס.

אָבער די זעצער־יוניאָן האָט מיר ניט געוואָלט געבן דעם דזשאָב. זיי האָבן געהאַט אייגענע קאַנדידאַטן אויף דער שטעלע, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ בכבודיקער און אַ גרינגער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט דעם לאָקאַל 83. די פאַר־האַנדלונגען האָבן זיך געצויגן אַ דריי־פיר חדשים — פון סעפּטעמבער ביז אָנהויב יאַנואַר. די פראַגע איז געווען אַ פּרינציפּיעלע: צי זאָל מען אַריינגעמען אין דער יוניאָן אַ נייעם מענטשן, ניט קיין זעצער פון פאַך? פאַר מיר האָבן זיך אָנגענומען ש. יאַנאָווסקי, פון דער „פ.אַ.ש.", אב. גאָלדבערג פון „אידישן

פאָלק" און באַראָנדעס, וואָס איז געווען אַן ערן־מיטגליד פון דעם לאָקאַל 83. זייער טענה איז געווען, אַז איך האָב שוין געאַרבעט צוויי מיט אַ האַלב יאָר אַלס קאָרעקטאָר אין דער "פ.אַ.ש." און בין דערפאַר ניט קיין נייער אין פאַך.

אין יענעם האַרבסט האָט זיך געביטן די אַדמיניסטראַציע אין דער יוניאָן. אָנשטאָט שיינפעלד, איז דערוויילט געוואָרן דראָשער. די פּרעזידענטשאַפט פון דער יוניאָן איז אָפּט איבערגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטן און די קאַנדידאַטן האָבן זיך געחברט צווישן זיך און ניט גערעדט קיין שלעכטס איינער אויפן אַנדערן.

פרייטיק צו נאַכט, פאַר אַ יוניאָן־מיטינג, אין 206 איסט בראָדוועי, פלעגן ביידע שיינפעלד און דראָשער, אַריינקומען צו לעווין און גודמאַן אין רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען דערביי, עסן אַ מילכיקן מאָלצייט.

ש. יאַנאָווסקי און אב. גאָלדבערג זיינען געווען קעגנער און שונאים איינער דעם צווייטן. געדענקט זיך מיר אַ פאַל, ווען איך בין אַריינגעקומען אין "שלומס" רעסטאָראַן, וואו די צוויי קעגנער האָבן געגעסן, איז ביי איין זייט רעסטאָראַן געזעסן ש. יאַנאָווסקי, און ביי דער צווייטער זייט פון רעסטאָראַן אב. גאָלדבערג. איך בין צוגעקומען פריער צו אב. גאָלדבערגס טישל און גערעדט מיט אים. נאָכדעם בין איך צוגעגאַנגען צו ש. יאַנאָווסקיס טישל. האָט מיר יאַנאָווסקי אויסגערעדט פאַרוואָס איך האָב זיך געווענדט נאָך הילף צו גאָלדבערגן און גאָלדבערג האָט געהאָט טענות צו מיר, פאַרוואָס איך האָב גענומען יאַנאָווסקין פאַר מיין גואל. און איך האָב ניט געוואוסט ווי צו פאַרענטפערן זיך פאַר ביידן. יאַנאָווסקי איז געווען מיין באַלעבאָס אַלס רעדאַקטאָר פון דער "פ.אַ.ש.", ביי וועמען איך האָב געאַרבעט און פאַרדינט פיר דאָלער אַ וואָך. אב. גאָלדבערג האָט פון צייט צו צייט אָפּגעדרוקט מיינס אַ ליד אָדער צוויי און מיר באַצאָלט צוויי אָדער דריי דאָלער.

דערוויל האָט דער "טאָג" שוין אָנגעהויבן אַרויסצוגיין און דראָשער האָט אַריינגעזעצט פאַר אַ "פרוף־רידער" אַ זעצער מיטן נאָמען פיליפּס, וואָס האָט זיך פאַר קיין פאַל ניט געפּאַסט פאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

ער האָט עס געטאָן, קען זיין, אויס נקמה צו מיר, ווייל מיט אַ פּאָר טעג פריער, האָב איך געדאַרפט אָנקומען צו אים, טאַקע וועגן אַ יוניאָן־פּראַגע. אָבער אַזוי ווי עס איז געווען עלף אַזייגער ביינאַכט, האָב איך ניט געוואָלט אים שטערן. ער האָט געדאַרפט אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט און געוואוינט האָט ער ווייט אין ברוקלין. האָט מיר אַ יוניאָן־מאַן געראָטן איך זאָל אָנשטאָט צו דראָשערן, צוגיין אין "מאָרגן זשורנאַל" וואו שיינפעלד האָט געאַרבעט, און ער אָנשטאָט דראָשערן וועט עס קענען טאָן פאַר מיר. דראָשערן האָט עס קענטיק פאַרדראָסן, וואָס שיינפעלד, אַן אַרויסגעגאַנגענער פון אַמט, מישט זיך נאָך אין זיין ממשלה. האָט ער ביי זיך באַשלאָסן מיך ניט אַריינצונעמען אין דער יוניאָן.

איך געדענק ווי איך האָב אים איינמאָל באַגעגנט אויף איסט בראָדוויי, און בין אים נאָכגעלאָפן, ווי אַ הונט לויפט נאָך זיין באַלעבאָס, און געבעטן

זיך ביי אים, אַז ער זאָל מיך באַשטימען אַלס פּרוף־רידער אין „טאָג”, ווי עס איז געווען אָפּגעמאַכט פון פריער. ער איז געווען שטייף און אָנגעצויגן און האָט מיר כמעט ווי ניט געענטפערט.

גראָד יענעם פרייטיק איז געווען אַ מיטינג אין דער יוניאָן אויף 206 איסט בראָדוויי און דער מיטינג האָט געדאַרפט באַשליסן צי באַלאַנג איך יע צום לאָקאַל 83 אָדער ניט. אַלע מיטגלידער פון דעם לאָקאַל זיינען געקומען צו יענעם מיטינג. אויפן מיטינג איז אויך געווען א. גאָטעסמאַן, אַ וויכטיקער פירער אין דער יוניאָן. דראַשער האָט געטענהט, אַז איך, דער נייער „פּרוף־רידער”, וואָס וויל זיך אַריינשטופּן אין דער יוניאָן, איז אַ פרעמדער עלעמענט און געהערט ניט צו די זעצער. אָבער גאָטעסמאַן האָט געהאַלטן אַ שאַרפע רעדע קעגן דראַשערן און אָנגעוויזן, אַז די יוניאָן דאַרף מיר דאַנקבאַר זיין, ווייל איך בין דער ערשטער דורך וועמען עס איז דורכגעפירט געוואָרן דער פּרינציפּ פון דעם נייעם פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע וועגן דעם, אַז יעדער איינער וואָס אַרבעט אין דעם זעלביקן צימער מיט די זעצער, מוז זיין אַ יוניאָן־מאַן. דער מיטינג האָט געדאַרפט זאָגן דעם לעצטן וואָרט. אַלע מיטגלידער פון דעם לאָקאַל אַחוץ דראַשערן, האָבן אויסגעשריען מיט איין קול „יעס”, ווען מען האָט די פראַגע גענומען צו אַן אָפּשטימונג.

אויף מאָרגן האָב איך פאַרנומען פיליפּס אָרט אין „טאָג” אַלס פּרואוו־רידער.

דראַשער מיט שיינפעלדן, וואָס פלעגן צוזאַמען קומען עסן אין לעווין און גודמאַנס רעסטאָראַן אַ מילכיקן אָונט־ברויט, זיינען אין האַרצן ניט געווען קיין גוטע פריינט כאָטש אויסערלעך האָט מען עס אויף זיי ניט דערקענט.

## וועגן קהלן זיך

איך בין זיך מודה, אַז אין מיינע יונגע יאָרן, אין דער צייט ווען איך האָב אָט די אַלע בילדער, וועגן וועלכע איך דערמאָן איצטער און וועלכע איך מאָל, געזען מיט מיינע פיזישע אויגן און דורכגעטראַכטן די אַלע שמאָלע סטעזשקעס און שטראָמיקע וואַסערלעך, אַז דעמאָלט האָב איך זיך גאָרניט אומגעקוקט אויף זיי. איך האָב צו זיך ניט געזאָגט: אָט שטייט אויף אַ צווייג אַ פייגעלע אין אַ בלוי טליתל און אַ שוואַרץ שטריימעלע, מען דאַרף עס גוט אַריינעמען אין זינען; און אָט קנאַקט אַ וועווערקע האַרטע ניסלעך, מען דאַרף זיך צוהערן — דאָס איז דאָך די נאַטור. אויב איך וועל ווען עס איז זיין אַ שרייבער, דאַרף איך עס פאַרצייכענען אין זכרון.

ניין, איך האָב פאַר די אַלע זאַכן גאָר קיין צייט און אפשר אויך קיין אויג ניט געהאַט. איך בין זיי פאַרבייגעגאַנגען בהסח הדעת.

אז איך בין געגאַנגען אין דאָרף דינגען פורן, צו פירן מעל אין שטאָט אַריין, בין איך פאַרבייגעגאַנגען די קרעטשמע, די קרעניצע און די לאַנגע שורות גויאישע שטיבלעך מיט די קליינטשיקע הויפעלעך. אָבער אין זינען האָב איך געהאַט די צאָל פון די פורן וואָס איך דאַרף באַשטעלן אויף מאָרגן און ווער עס וועט זיך אָפּרופן אויף מיין פאָרזיכטיקן קלאַפּ אין פענצטערל.

מיין האַרץ איז געווען אומרואיק צוליב די בייזע הינט, וועלכע זיינען געלעגן אויף די סמיעטניקעס און האָבן מיר פאַרצאַמט דעם וועג צו די טירן. איך האָב אויך ניט ליב געהאַט די קינדערשע אויסרופן „זשיד כאלאמיד״.

מיין טאָג און מיין אָוונט איז אַוועק אין שטוב ביי אַ ביכל און דער גיין אין דאָרף דינגען פורן איז פאַר מיר געווען אַן אומגעווינטשטער אויפוועקן זיך פון אַ גוטן חלום, אַן אָפּרייסן זיך פון אַ חברישן פאַרברענגען ביי אַ גלעזל טיי און אַרויסגיין אין קאַלטן, פינצטערן דרויסן.

אמת, איך האָב הנאָה געהאַט ווען איך בין געגאַנגען אין אַ הייסן זומער־דיקן נאָכמיטאָג מיט דער קאַלטער, האַרטער, ווי אויסגעהאַמערטער סטעזשקע הינטער די דאָרפישע שייערן און די הויכע קאָנאָפּליעס־זאַנגען האָבן מיך געשמיסן איבערן פנים, ווי גוט־פאַרדינטע שטראָף־רייד פון אַ טאַטן אָדער אַן עלטערן פעטער. עס האָט געבריט און גערייצט מיין הויט, אָבער איך האָב דאָס דורכגעלאָזן ווי איינער לאָזט דורך מיטן ווינט אַ שטיקל אַלט־אָפּגעריסן פאַרשריבן פאַפּיר. איך האָב עס באַהאַלטן אין מיין אַרכיוו און ניט געטראַכט, אַז איך וועל זיך אַן דעם ווען עס איז דערמאָנען.

איך האָב זיך ווי ווייט מעגלעך אָפּגעפרעמדט פון מיל, פון דאָרף און פון די גרעבליעס. אָבער ניט ווילנדיק און ניט וויסנדיק האָט מיין אויג אַריינ־גענומען אין זיך בילדער און פאַסירונגען און איצטער קומען זיי מיר אַלע אַנטקעגן אין דער פולער פיזישער געשטאַלט, און זיי מאָנען ביי מיר: „נעם און מאָל אונדז אויס, שרייב אונדז אָן איידער מיר ווערן טויט מיט דיין טויט.״

* * *

איך האַלט ניט, אַז מיינע דאָרף און מיל לידער זיינען דער רעזולטאַט פון מיין בענקשאַפט נאָך דער היים און די יונגע יאָרן, נאָך דער מאַמעס צערט־לעכקייטן, ווי אַנדערע ווילן האָבן.

די בילדער, די דאָרף־פייזאַזשן קומען מיר אַנטקעגן סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, זיי קומען מיר אַנטקעגן בוכשטעבלעך. איך דאַרף זיך ניט דער־מאָנען אַן זיי, ווי מען דערמאָנט זיך אָן אַ שיינער שטאָט וואו מען האָט געלעבט אַ קורצע צייט, זיי שטייען מיר פאַר די אויגן. ניט קיין דערינערונגען, נאָר בילדער, וואָס איך זע איצטער אין דער קעגנוואַרט:

אַז איך זע אין גאַס אַן אויטאָמאָביל, אַ נייעם טראָק, אַ שטיבל מיט אַ שיינעם באַלקאָן, זע איך זיי שוין ניט דאָ, אויף וואַלאַס אָדער סעדזשוויק עווע־ניוס, נאָר ביי אונדזער מיל, אויף אונדזער גרינעם גראָז. אין אויטאָמאָביל זיץ איך און מיין ברודער מיט זיין ווייב, דער טראָק איז אָנגעלאָדן מיט

אונדזערע זעקלעך מעל און דאָס שטיבל מיט דעם באַלקאָן איז דער הבית והעליה, פון בבאָ מציעאָ. עס איז טאַקע אַ קינדערשער געפיל וואָס אַ דער־וואַקסענער מענטש טאָר צו זיך ניט צולאָזן, אָבער איך טרייב אים ניט אַוועק.

עס קען זיין, אַז דערפאַר, וואָס איך בין ווייניק אַרומגעפאָרן, מיט ווייניק מענטשן זיך באַגעגנט, מיט נאָך ווייניקער זיך דורכגערעדט, געשטיקט אין זיך וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, איז דאָס ביסל וואָס איך האָב יע געזען, ליגט אין מיין קערבעלע פון אויבן־אויף, און ניט נאָר ליגט עס פון אויבן־אויף, נאָר עס הייבט די דעקל און וויל אַרויסטאַנצן אויף דער פריי.

* * *

פון זינט איך קען זיך, דאָס הייסט, זינט איך האָב אָנגעהויבן צו קוקן אויף זיך פון דער זייט, און אָפּנעמען חשבון וועגן זיך ווי וועגן אַ צווייטן — און דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מסתמאָ צו מיינע 15־16 יאָר — איז פון יענעם עלטער אָן, געדענק איך, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט אַריינפּאַלן ניט אין קיין קליינעם קרייז און ניט אין קיין גרויסן קרייז פון חברים אָדער פּאַר־טייען.

דאָס איז געווען ניט דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַזאַ גרויסער אינדיווידואַליסט, געהאַט אַן אייגענע, באַזונדערע מיינונג וועגן זאַכן, וואָס גייען אָן אַרום מיר, און וואָס איז געווען אַנדערש ווי די מיינונג פון אַלע איבעריקע מענטשן פון קרייז; ניין, ניט דערפאַר, נאָר ווייל מיר האָט געפעלט דער חוש פאַר קלייזלדיקייט און געזעלשאַפטלעכקייט.

איך האָב אין אַלע צייטן פון מיין לעבן געהאַט איינעם אָדער צוויי נאָענטע חברים, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען די צוויי זיינען געווען באַזונדער אין צוויי עקן שטאָט. אָבער אַזוי שנעל ווי די צוויי האָבן זיך באַקענט און גאַנץ אָפט טאַקע דורך מיין צונויפפירן זיי, אַזוי בין איך שוין געוואָרן אַ דריטער, פון דער זייט. יענע זיינען געוואָרן גוטע פריינט, חברים, מיט געמיינזאַמע אינ־טערעסן און איך בין געבליבן פון דרויסן. איך פלעג הערן די זעלביקע צוויי מענטשן ריידן עפּעס וועגן זאַכן, וואָס איז שייך זיי ביידן און פאַר מיר איז צווישן זיי קיין אָרט ניט געווען.

איך געדענק אַ מעשה, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר 14־15: איך האָב זיך באַקענט מיט אַ יינגל אין מיינע יאָרן, וואָס איז געקומען אַזוי ווי איך לערנען אין ישיבה אין דער מיר, זיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין אַ דאָרף אַ דריי מייל פון אונדז. ביי אונדז אין שטאָט האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי זיינעם אַ זיידן, אַ מלמד, אויף אַן אָרימער גאַס. דאָס יינגל איז מיר געפעלן געוואָרן. ער איז געווען אַ שיינער, מיט בלאָנדע געקרייזלטע האָר און מיט בליענדיקע רויטע בעקעלעך. מיר האָבן זיך ליב געקראָגן און איך געדענק ווי איינמאָל אין אַ פינצטערער, ווינטערדיקער נאַכט זיינען מיר געשטאַנען הינטער זיין זיידנס שטוב (אפשר אויפן סמעטניק) און זיך געשוואָרן אין

אייביקער פריינטשאַפט, אפשר ליבע. עס זיינען אַריבער עטלעכע חדשים. איך האָב אים באַקענט מיט מיינעם אַ צווייטן חבר, וואָס האָט מיט מיר איבערגעחזרט דעם שיעור. מיר האָבן אַלע דריי אָנגעהויבן לייענען העברעאישע ביכער און אויך לערנען די רוסישע גראַמאַטיקע. מיר פלעגן זיך צונויפקומען יעדן טאָג צווישן צוויי און דריי דעם זייגער ביי דעם יאַנקלס אַ פעטער אין הויז, אין אַ קליין חדרל. עס זיינען אַריבער ניט מער ווי עטלעכע וואָכן און איך האָב דערזען, אַז איך בין אַ פרעמדער צווישן זיי. די גראַמאַטיקע האָט זיי צונויפגעבונדן ווי צוויי שותפים פון איין געשעפט און פאַר אַ דריטן איז קיין פלאַץ ניט געווען. ווען איך פלעג קומען אין קאַמערל אין דער באַשטימטער צייט און געפינען נאָר איינעם פון זיי, האָבן מיר געהאַט וואָס צו ריידן און געווען גוטע חברים. אָבער אַזוי גיך ווי דער דריטער איז אַריינגעקומען האָב איך דערזען די נאָענטקייט צווישן די צוויי און, ווי זיי וואָלטן גערעדט אַ באַזונדערע שפּראַך.

## פון אַ זייט

צווישן זאַכן און מיר —
אַ האַלב־פאַרמאַכטע טיר.
— — — — — — — — —

וואו צוויי בין איך געווען —
אַ דריטער — אָן אַ זייט.
מחוץ פון יעדן באַנד,
פאַרביי יעדן שטרייט.

איז עפעס געשען,
האָב איך ניט באַלד דערזען.
ערשט אויפן דריטן טאָג —
קוים דעריאָגט.

ווען אַנדערע פענסטער
האָבן פולטאָגיק געוואַכט,
בין איך — דער לעצטער און קלענסטער —
געווען צווישן דעמערונג און נאַכט.

*   *   *

ווען איך בין געוואָרן עלטער אַ ביסל, זיינען פאַר מיינע אויגן בחורים און מיידלעך געוואָרן פריינט, חתנים און כלות, זיך צעקריגט און ווידער גוטע פריינט געוואָרן; אָבער איך האָב ניט געקענט ווערן אינטים, קיין אינע־

וויניקסטער. ווען איך האָב זיך מיט עמיצן איבערגערעדט, האָב איך זיך פון יענעם אינגאַנצן דערוויטערט. אַלע חברים מיינע — פיר, אַכט, צען — זיינען געווען „איינעוויניק", האָבן געוואוסט איינער דעם אַנדערנס סודות, האָבן אָרגאַניזירט ציוניסטישע און בונדיסטישע גרופּעס. (פאַר דער בונדיסטישער גרופּע האָב איך אַפילו אָנגעשריבן אַ פּראָקלאַמאַציע אין וועלכער איך האָב זיך געקריגט מיט די ציוניסטן, אָבער דאָס איז ביי מיר געווען בלויז אַ שפּיל. קיין אמתן אינטערעס האָב איך אין דעם גאַנצן ענין ניט געהאַט). און זיי, די חברים מיינע, האָבן פון זייער זייט מיר ניט פאַרטרויט זייערע געהיימע פּלענער וועגן מיטינגען און וועגן געלט־זאַמלונגען צו שיקן אין דעם מינסקער קאָמיטעט און איך בין געשטאַנען הילפלאָז מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. ווי אַזוי דאָס קלייזלדיקע חברן זיך איז פאָרגעקומען, האָב איך ניט געוואוסט און ווייס ביז היינט ניט. אָט די אַלע זאַכן זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען ווי הינטער אַ וואַנט. עס האָט מיר געפעלט דער חוש — ניט פאַר פּערזענלעכער חברשאַפט — נאָר פאַר גרופּן־לעבן, פאַר קלייזלדיקייט.

*　　*　　*

און נאָך שפּעטער, דאָ אין ניו־יאָרק. איך בין מיט די „יונגע" געווען. גוטע פריינט. איגנאַטאָוו איז מיט מיר אַנדערש ניט געגאַנגען, ווי נאָר אונטערן האַנט. אויך מיט מאַני־לייבן און לאַנדוין בין איך געווען אַ נאָענטער פריינט. מיר האָבן געליטן לידער איינער פאַר דעם אַנדערן און אָפּגעזעסן אין רעסטאָראַן טעג און נעכט.

אָבער מיין גוט־חברשאַפט מיט זיי איז נאָר געווען, ווען איך בין געווען מיט מאַני־לייבן אַליין, מיט לאַנדוין אַליין אָדער מיט איגנאַטאָוון און מיט אייזלאַנדן אַליין. ווי מיר זיינען צוזאַמענגעקומען זאַלבע־דריט אָדער זאַלבע־פערט, בין איך געוואָרן אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. זיי זיינען געווען פאַר־פלאָכטן צווישן זיך מיט אַזעלכע פעדים, דורך וועלכע איך האָב ניט געקענט דורכקריכן.

וואָס דאָס איז געווען ווייס איך עד היום ניט. פאַרוואָס האָט מען דעם יע אַריינגענומען אין די „שריפטן" און מיך ניט? איז אַ צווייטער געווען אַ בעסערער פּאָעט ווי איך? איז אַ דריטער געווען אַ טרייערער חבר ווי איך? מאַני לייב און איגנאַטאָוו, מאַני לייב און לאַנדוי, האָבן זיך ניט איין מאָל צעקריגט צווישן זיך, אָבער אַפילו דעמאָלט זיינען זיי געווען מענטשן פון איין גוס און איך בין עס קיינמאָל ניט געוואָרן. וואָס האָט געפעלט איך זאָל עס יע קענען ווערן?

איך געדענק די אָוונטן ביי לעווין און גודמאַן אין רעסטאָראַן. מיר: האַלפּערין, מאַני־לייב, לאַנדוי, אייזלאַנד און איך פלעגן זיצן ביי אַ טישל לעבן קיך. לייענען לידער איינער פאַר דעם אַנדערן אָדער ריידן וועגן דייטשע און רוסישע פּאָעטן — מיר זיינען געווען אַלע איין געזינד.

מיטאַמאָל גיט זיך אַן עפן די טיר און איגנאַטאָוו איז מיט אימפּעט אַריינגעקומען, די פּאָלעס צעעפנט און די קעשענעס פול מיט מאַנוסקריפּטן און „פּרופס". האָט מען מיך איבערגעלאָזן זיצןביים טיש און זיי זיינען אַריבער צום צווייטן זייט פון רעסטאָראַן, צו אַן אַנדער טיש און אָפּגערעדט צווישן זיך וועגן די זאַכן וואָס דאַרפן אַריינגיין אין דעם קומענדיקן נומער „שריפטן".

דערנאָך, אַז זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט זייערע ענינים, זיינען זיי ווידער איבערגעגאַנגען צו מיין טיש און אָנגעהויבן דעם געשפּרעך דאָרטן, וואו זיי האָבן אים איבערגעריסן. און אַפילו ניט אַנטשולדיקט זיך פאַר איבער־לאָזן מיך אַליין, ווי איך וואָלט געווען איינער אַ זייטיקער, פון דער גאַס אַן אַריינגעקומענער.

אַזוי האָט זיך געפירט ביי דער אויסגאַבע פון עטלעכע נומערן „שריפטן".

* * *

אין 1914, האָט זיך געשאַפן אַ סיכסוך צווישן די אָנטיילנעמער אין דער אויסגאַבע פון דעם זאַמלבוך.

אָפּאַטאָשו האָט רעוואָלטירט קעגן איגנאַטאָוון און האָט באַשלאָסן אַרויס־צוגעבן, צוזאַמען מיט חברים, אַן אייגענעם זאַמלבוך. די צונויפשטעלערס פון דעם נייעם זאַמלבוך האָבן אויך מיך איינגעלאַדן צו געבן זיי לידער.

ווען איגנאַטאָוו האָט זיך דערוואוסט, אַז אָפּאַטאָשו גרייט זיך צו גרינדן אַ נייעם זאַמלבוך, האָט ער געזוכט מיך צוצוציען צו די שריפטן, כדי איך זאָל ניט גיין מיט אָפּאַטאָשון. האָט ער געשיקט צו מיר אַ שליח — זישע לאַנדוין — ער זאָל ביי מיר נעמען לידער.

איך האָב געהאַט ביי זיך צוויי קליינע לידער און אַ לאַנגע פּאָעמע, אָבער אַ שלעכטע. דאָס איז געווען מיין גאַנצער פּאָעטישער פאַרמעגן.

איך האָב געזאָגט זישע לאַנדאון, אַז איך בין מסכים צו געבן די פּאָעמע איגנאַטאָוון. וועט ער זי אָננעמען איז געוויס גוט; אויב ניט, בין איך פריי צו גיין מיט אָפּאַטאָשון.

פון זיין, איגנאַטאָווס באַגיין זיך מיט מיר ביז אַהער, האָט דאָס האַרץ מיר געזאָגט, אַז ער וועט די פּאָעמע ניט אָננעמען.

איך האָב אָוועקגעטראָגן דאָס ליד צו איגנאַטאָוון און אָפּגעמאַכט מיט אים, אַז איך וועל קומען צו אים איבעראַכטאָג שבת נאָך אַן ענטפער. דאָס איז געווען סוף זומער.

דעם קומענדיקן שבת, ווען איך האָב געדאַרפט קומען צו איגנאַטאָוון נאָך דעם ענטפער, האָבן עטלעכע שרייבער פון די „שריפטן", צוזאַמען מיט עטלעכע דרויסנדיקע שרייבער, זיך צונויפגעקליבן ביי י.י. שוואַרצן אין הויז, אויף קראָטאָנא עוועניו אין די בראָנקס צו באַשליסן צי זאָלן זיי, די מיטאַרבעטער פון די „שריפטן" בלייבן מיט איגנאַטאָוון און דולדן זיין „דעספּאָטיזם", אָדער אָפּרייסן זיך פון אים און צוזאַמען מיט אָפּאַטאָשון גרינדן אַן אייגענעם זאַמלבוך.

גייענדיק צום מיטינג בין איך אויפן וועג אָפּגעטראָטן צו איגנאַטאָוון, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט, אויף וואַשינגטאָן עוועניו, נאָך אַן ענטפער וועגן דער פּאָעמע. אַז איך בין אַריינגעקומען צו אים, האָט ער אַרויסגענומען דעם מאַנוסקריפּט און האָט געזאָגט, אַז די פּאָעמע געפעלט אים, נאָר מ'דאַרף נאָך אַרבעטן אויף דעם און אַז אין דעם היינטיקן נומער „שריפטן" וועט עס ניט קענען אַריין. איך זאָל עס האַלטן פאַר דעם צווייטן נומער.

איך האָב דאָס ליד ביי אים צוגענומען און געזאָגט, אַז איך וועל זיך באַטראַכטן.

גייענדיק פון אים צו שוואַרצן, האָב איך אויפן וועג געעפנט דעם מאַ־נוסקריפּט און געזען, אַז איגנאַטאָוו האָט געמאַכט עטלעכע באַמערקונגען ביי די זייטן.

* * *

ווען איך בין אַריינגעקומען צום מיטינג, זיינען אַחוץ שוואַרצן געזעסן אַרום טיש: י. אָפּאַטאָשו, מ. ל. האַלפּערין, דר. ש. פּאַקס און מ. י. חיימאָוויטש. מ'האָט גערעדט און געטענהט אַ היפּשע צייט. דער הויפּט פירער פון דעם „בונט" איז געווען מ. ל. האַלפּערין. אַז איך האָב געהערט ווי ער פּראָטעסטירט קעגן איגנאַטאָווס „זעלבסטהערשאַפט", האָב איך זיך שטילערהייט אָפּגערופן צו מיין לאַנדסמאַן, משה־יונהן: „דו וועסט זען, אַז ער וועט זיין דער ערשטער, וואָס וועט חרטה האָבן און צוריקגיין צו איגנאַטאָוון". (אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז טאַקע אַזוי געווען. האַלפּערין איז אַנאָנסירט געוואָרן צווישן די מיט־אַרבעטער אין די קומענדיקע „שריפטן").

אין דער צייט פון די וויכוחים האָב איך זיך אָפּגערופן: „איך ווייס, אַז אויב איר וועט בלייבן מיט איגנאַטאָוון, וועלן מיינע לידער ניט אַריינגע־נומען ווערן, אַזוי ווי זיי זיינען ניט אַריינגענומען געוואָרן ביז אַהער. און אויב איר וועט זיך אָפּרייסן פון אים און מאַכן אַ נייעם זאַמלבוך, קען זיין, אַז איר וועט מיינע לידער יאָ אַריינגעמען. פונדעסטוועגן איז מיין מיינונג, אַז איר טאָרט ניט צעשפּאַלטן דעם זאַמלבוך „שריפטן" און איר דאַרפט זיך רעכענען מיט איגנאַטאָווס אויפטואונגען פאַר דעם זאַמלבוך".

ווען מיר זיינען אַלע געזעסן ביים טיש, איז אַריינגעקומען מאַני־לייב (איך געדענק ניט אויף זיכער ווער דער צווייטער איז געווען — זישע לאַנדאַו אָדער ראובן אייזלאַנד). די צוויי פּאָעטן זיינען געקומען אַלס דעלעגאַציע פון איגנאַטאָוון מיט אַ בקשה מ'זאָל ניט שפּאַלטן דעם זאַמלבוך. מען האָט אויס־געהערט זייערע טענות און צוגעזאָגט געבן אַן ענטפער אין די קומענדיקע טעג.

ביי יענעם מיטינג איז אָבער פאַרט באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ נייעם זאַמלבוך מיטן נאָמען „דאָס נייע היים". י. י. שוואַרץ איז געוואָרן דער סעקרעט־טאַר. ער האָט ביי מיר געבעטן דאָס ליד, וואָס איך האָב ערשט געבראַכט פון איגנאַטאָוון. איך האָב אים געוויזן די באַמערקונגען, וואָס איגנאַטאָוו האָט געמאַכט ביי די זייטן פון מאַנוסקריפּט און געזאָגט, אַז דאָס ליד קאָן איך

אים ניט געבן, ווייל, ווען עס וועט קומען צו אַ וויכוח אין די צייטונגען וועגן דעם נייעם זאַמלבוך, וועט איגנאַטאָוו קענען אויפווייזן: „איר האָט אַריינגענומען ראַלניקס אַ ליד, וואָס איז געווען ביי מיר און איך האָב עס אויסגעבראַקירט. ביי די זייטן זיינען אַפילו פאַראַן מיינע באַמערקונגען."

אין אַ וואָך אַדער צוויי אַרום באַגעגען איך איגנאַטאָוון אויפן סקווער פון איסט־בראָדוויי. איז אָנשטאָט ארומצוכאַפּן זיך מיט מיר, ווי אַלעמאָל, האָט ער מיך דורכגעלאָזן ניט אָפּקערנדיק דעם קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט מיך ניט געקאָנט. איז מיר איינגעפאַלן, אַז ער איז אויף מיר ברוגז. אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך געקלערט, אַז אפשר איז ער געווען פאַרטראַכט און מיך טאַקע ניט געזען. אָבער אַז דאָס האָט זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום איבער־געחזרט אַ צווייטן מאָל, האָב איך שוין געוואוסט, אַז ער איז טאַקע ברוגז אויף מיר, קענטיק, אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך גיי מיט אָפּאָטאָשען.

דער איבעררייס פון מיין פריינטשאַפט מיט איגנאַטאָוון האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ צעערגערטער און אַ פאַרדריסלעכער.

— — — — — — — — — — — —

איינמאָל אַ זונטיק פרי, אַריינקומענדיק אין לייען־זאַל פון „עדיוקיי־שאָנעל אַלייענס", האָב איך געפונען אויפן טיש אַ דיקן באַנד פון אַ יידיש־ענגלישן זשורנאַל. איך האָב אַן עפן געטאָן און פאַר מיינע אויגן האָבן זיך אַנטפּלעקט צוויי לידער פון דעם פערסישן פּאָעט האַפיז.

איך האָב עס איבערגעלייענט. דער אייגנאַרטיקער ריטם און דער איב־האַלט פון די לידער האָבן מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז האָניק רינט מיר פון מויל.

איך האָב אין צוויי וואָכן צייט אָנגעשריבן 28 קורצע לידער און גענומען די העלדן פון האַפיז־לידער און געמאַכט זיי פאַר מיינע העלדן.

איך, דער פּאָעט האַפיז, פיר אַ וויכוח מיט דעם שענקער סאַקי און מיט דעם גאָטספאַרכטיקן סאהיד. די רייד זיינען טאַקע צו סאַקין און סאַהידן, אָבער פאַר די אויגן זיינען מיר געשטאַנען די פירער פון די „שריפטן".

(דאָס זיינען אַלץ מעשיות פון פאַרגאַנגענע צייטן. היינט זיינען מיר ווידער גוטע פריינט, און איך דערמאָן דאָס ווי שרייבערשע געשיכטע.)

ווי איך פאַרשטיי דאָס היינט און ווי חברים־שרייבער האָבן עס מיר מיט יאָרן שפּעטער איבערגעגעבן, איז דער זאַמלבוך „שריפטן" געגרינדעט געוואָרן פאַר די און פון די נייע יונגע שרייבער, וואָס פאַר זיי איז ניט געווען קיין אָרט אין די געוויינטלעכע צייטשריפטן. איך אָבער, האָב זיך געקאָנט דרוקן אומעטום.

* * *

צוליב מיין שטילקייט און פרעמדקייט, האָב איך געהאַט אַ סך אומאַנגענע־נעמלעכקייטן. די חברים מיינע, מיט וועמען איך בין אָפּגעזעסן גאַנצענע טעג

אין רעסטאָראַן, האָבן געקענט בעסער און שענער ריידן פון מיר. זיי האָבן גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן און באַצוואונגען אַלעמען זיי אויסצוהערן. און אַז איך האָב זיך אַמאָל אָפּגערופן מיט אַ וואָרט, איז ער פאַרלאָרן געגאַנגען, ווייל ער איז אַרויסגעקומען שטיל, ניט געוואָגט אָדער ביז וואַנען איך האָב זיך דערוועגט אים אַרויסצוזאָגן, איז ער שוין געווען עבר זמנו, מען האָט שוין גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש. אייניקע חברים מיינע, האָבן געקענט אָנהאַלטן אַ געשפּרעך אַ לאַנגע צייט, ווי איינער דערציילט אַ לאַנגע מעשה און האַלט אַלעמען צוגעשמידט. איך האָב ביידע זאַכן ניט געקענט.

אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" און אַנדערע זשורנאַלן, וואו מען האָט געדרוקט מיינע לידער, אַז עס איז געקומען צו אַ יובילײ־נומער, אָדער אַ יאָרצייט־נומער נאָך אַ באַרימטער פּערזענלעכקייט, וואו מערערע פּאָעטן האָבן זיך באַטייליקט, און מ׳האָט ביי מיר געבעטן אַ ליד, האָב איך ניט גערן געגעבן — צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, האָב איך ניט געוואָלט און ניט גע־קענט שרייבן פאַר דעם כבוד פון דער לעבעדיקער אָדער טויטער פּערזאָן, און צווייטנס, ווייל איך האָב מורא געהאַט (אפשר אַליין ניט ווּיסנדיק) אַז צוליב די פילע אַנדערע לידער, זאָל מיינס ניט פאַרזען ווערן. אין אַ געוויינטלעכן נומער פון דער אויסגאַבע, בין איך געווען דער איינציקער פּאָעט. האָט זיך מיין ליד אָנגעזען.

אַז איך האָב אָפּגעדרוקט אַ ליד, וואָס איז מיר אַליין געפעלן געווען, בין איך אַ וואָך אָדער צוויי נאָכדעם, ניט געקומען אין רעסטאָראַן, וואו איך האָב זיך געריכט צו הערן קאָמפּלימענטן פאַר דעם ליד. איך האָב זיך געשעמט צו הערן אַ קאָמפּלימענט און ניט געוואוסט ווי צו באַדאַנקען פאַר דעם.

איך, פון מיין זייט, האָב זעלטן געזאָגט אַ חבר אַ גוט־וואָרט פאַר זיינס אַ ליד אָדער אַ דערציילונג און דאָס האָב איך געטאָן ניט פון רשעות אָדער ניט־פאַרגינערײַ; נאָר איך האָב ביי זיך געטראַכט: ווער בין איך דאָס אַזוינס, וואָס דאַרף זאָגן זיין וואָרט און יענער זאָל אים אָננעמען? אָדער — ווי זאָגט מען עס?

אַמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז איך בין געזעסן מיט אַ חבר אָדער אַזוי אַ שרייבער און יענער האָט לאַנג גערעדט צו מיר און מיך געלויבט. זיינע רייד זיינען געפאַלן אויף מיר ווי אַ וואַרעמער טוש, אַזוי אָנגענעם און פאַרשלעפּעריש. איך האָב קיין ווערטער ניט געהאַט צו באַצאָלן אים פאַר זיינע גוטע רייד. ערשט אַרויסגייענדיק פון רעסטאָראַן, אַ צופרידענער און זאַטער מיט לויב, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין געזעסן מיט אַ שרייבער, וואָס האָט געוויס אויך געוואָלט הערן אַ גוט וואָרט פון מיר און איך האָב עס אים ניט געזאָגט.

וואָס פאַר אַ נאַר איך בין דאָס געווען, וואָס פאַר אַ ניט־פריינטלעכער מענטש! און דאָס האָב איך געטאָן ניט אויס ענגהאַרציקייט צו אַ קאָלעגע, נאָר ווייל עס איז מיר אויף דער מינוט ניט איינגעפאַלן, אַז איך דאַרף מיט עפּעס צוריקצאָלן. איז דאָס עגאָאיזם, אָדער אַ פוילקייט צו באַנעמען יענעמס נויטן?

# דריי גויאישע דערפער

דריי גויאישע דערפער,
אַ קליינע שטאָט,
דאָרט האָבן געניידערט
מיינע צען געבאָט.

דער הימל האָט, אמת,
ווי אַ חיה געברילט;
נאָר מיך אויף אייביק
פאַרשטומט און פאַרשטילט.

איך בין אין דער וועלט
אַוועק נאָך יונג;!
נאָר קיינמאָל שוין נישט
צעבונדן מיין צונג.

און מיט דער תורה
אין מיין טאַש —
האָב איך געוואַנדערט
ווי מיט אַ וואָלפישן פאַס.

און וויפיל איך צאָל ניט
קיין רייזע־געלט —
איך דריי זיך אַרום
לעבן היימישן פעלד.

*　　*　　*

נאָך מיין קומען פון אַמעריקע, אין סוף 1901, האָב איך געפונען מיין שטאָט אַן אָפּגעברענטע. ערטערווייז איז געשטאַנען אַ „סרוב" — אַ שטוב אויפגעבויט אין וואַלד און געבראַכט אין שטאָט אַריין ניט קיין פאַרענדיקטע. און ערטערווייז איז דער גרונט געווען ליידיק און אָפּגעדעקט.

אַחוץ דעם, האָב איך געפונען אַ שטאָט מיט פּאַרטייען. עס איז געווען דער „בונד", די „פּועלי־ציון" און סתם ציוניסטן. עס איז געווען אַ בערזשע אויף ווילנער און זשוכאָוויצער גאַס, וואו עס האָבן אין די אָוונטן שפּאַצירט שניידער־בחורימלעך, שוסטער, טאָקערס, סופרים, פריקאַשטשיקעס און באַ־לעבאַטישע קינדער, וואָס זיינען מיטגעגאַנגען פון פריילעכקייט־וועגן. מען

האָט געטיילט „ליטעראַטור" און איבערגעגעבן שטילערהייט „לאָזונגען" איינער דעם צווייטן ביים באַגעגענען זיך.

אין דעם הויז וואו איך בין איינגעשטאַנען, ביי אַן אַלמנה, האָבן גע־וואוינט נאָך צוויי בחורים, אַ סופר און אַ טאָקער. זיי זיינען בײדע געווען בונדיסטן און געקומענע פון אַן אַנדער שטאָט.

אַזוי ווי איך בין אין אַמעריקע געווען אַן אַרבעטער און בין געגאַנגען צו אַרבעטער־מיטינגען, האָב איך געוואָלט זיך צוטוליען צום בונד, ווען נאָמען איז געווען זייער באַליבט אין אַמעריקע. האָב איך געבעטן ביי די צוויי בחורים, זיי זאָלן מיך נעמען צו אַ פאַרלעזונג ביי אַ „קאָמערל" פון בונד. זיי האָבן מיר געענטפערט, אַז זיי קאָנען דאָס ניט טאָן אַליין. זיי מוזן אָנפרעגן ביי די פירער.

אין אַ וואָך אַרום, אַז די פירער האָבן אויסגעפאָרשט וועגן מיר, ווער איך בין און וואָס איך טו, האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז איך מעג קומען צו דער פאַרלעזונג.

די צוויי פרעמדע בחורים האָבן מיך געפירט איבער אַלע פּוסטע און וויסטע געסלעך. מען איז אויסגעגאַנגען מיט מיר אַ האַלבע שטאָט, ווי איך וואָלט געווען דער פרעמדער, דער ניט־היגער, און זיי — די איינגעבוירענע, די היגע — און ניט פאַרקערט. זיי האָבן ניט אָנגערופן קיין נאָמען פון איין געסעלע, כדי איך זאָל ניט וויסן דורך וואַנען זיי האָבן מיך געפירט, קאָנספּי־ראַציע. כאָטש מיר איז געווען גוט באַקאַנט יעדעס שטיינדעלע אין שטאָט, אָבער זיי האָבן עס געטאָן צוליב פּאָרזיכטיקייט וועגן, איך זאָל ניט וויסן אין וועלכער הויז די פאַרלעזונג איז פאָרגעקומען.

צום סוף האָבן זיי מיך אַריינגעבראַכט אין אַ שפּאָגל־נייער הויז, ניט קיין פאַרענדיקטע פון אינעווייניק. די גאַנצע געביידע איז נאָך געשטאַנען אויף קלעצלעך און שטיקער אָפּגעזעגטע ברושעס. אַרויפגיין צום טיר האָט מען אויך געדאַרפט אויף שאָקלדיקע קלעצלעך. די באַלעבאַטים פון הויז האָבן, ווייזט אויס, ניט געהאַט קיין געלט מיט וואָס צו פאַרענדיקן די געביידע און זיי האָבן נאָך דאָרטן אַליין ניט געוואוינט. דאָס הויז איז געווען איינגעטיילט אין צוויי ניט־גלייכע העלפטן; אַ גרעסערע, וואָס צום גאַס און אַ קלענערע צום הויף. אין אָט דער קלענערער העלפט פון שטוב איז געווען די פאַרלעזונג. אַרום אַ לאַנגן, ווייסן טיש זיינען געזעסן אַרום פערצן־פופצן מענטשן, יונגע בחורים און מיידלעך. אויבן־אָן איז געזעסן אַ יונגערמאַן מיט אַ בלייכן פּנים וועמען איך האָב געקענט, מיטן נאָמען אַראָן גאָלדבערג, אַן אייניקל פון אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס. ער האָט דאָס געהאַלטן די פאַרלעזונג אין יידיש פון דער „ערפורטער פּראָגראַם" פון קאַרל מאַרקס און ענגעלס.

די צוהערער — „די מאַסע", זיינען ניט געווען צוגעשמידט צו דער פאַרלעזונג; פאַרקערט, זיי האָבן געלאַכט, געשטיפּט און געקניפּן זיך איינער דעם אַנדערן. דער פאַרלייענער, קוקנדיק אויף זיי, האָט געלייענט אָן חשק.

צום סוף פון דעם אָוונט איז געפאַלן אַ פאָרשלאַג, אַז די קומענדיקע פאַרלעזונג זאָל איך האַלטן פאַר זיי, אויב דער איצטיקער פאַרלייענער וועט מסכים זיין.

גאָלדבערג האָט זייער גרינג אַראָפּגענומען די קרוין פון זיין קאָפּ און אָנ־געטאָן זי אויף מיר.

די נעקסטע וואָך בין איך געווען דער פאַרלייענער פון דער זעלביקער „ערפורטער פּראָגראַם". איך האָב מיט משלים און פאַרגלייכונגען געגעבן זיי צו פאַרשטיין דעם האַרבן אינהאַלט פון טעקסט. זיי האָבן זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם.

איך האָב פאַר זיי געלייענט אַ פיר־פינף וואָכן נאָכאַנאַנד און האָב געמיינט, אַז איך האָב זיי שוין צוגעבונדן צו זיך אויפן גאַנצן ווינטער (דאָס איז געווען סוף זומער). ערשט איינמאָל, גיט מיר אַ זאָג חיים־מאיר, דער קליינער סופרל, איינער פון די אָנפירער, אַז מער קיין פאַרלעזונגען וועלן ניט זיין. די אַרבעטער זיינען מיד געוואָרן, נאָר ער און נאָך איינער — יאַשקע דער שוסטער — וועלן קומער צו מיר אַהיים און איך וועל פאַר זיי אָנהאַלטן דעם לייענען פון דער „ערפורטער פּראָגראַם".

ביז איין אָוונט נאָך אַ פאַרלעזונג, בעט מיך מיין „קלאַס", די צוויי אַר־בעטער, אַז איך זאָל אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע פון מיין צימער, זיי דאַרפן פאַר־האַנדלען אַ זייער וויכטיקן, קאָנספּיראַטיוון ענין. עס איז מיר אַפילו ניט אָנגעג־שטאַנען, וואָס זיי האָבן צו מיר, זייער לערער, ניט קיין צוטרוי און ווילן אים ניט באַקענען מיט דעם וויכטיקן ענין. אָבער איך האָב זיי געפאָלגט און פאַרלאָזן מיין צימער. איך בין אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימער איבערן וואַנט און פון די ווערטער וואָס זיינען דערגאַנגען צו מיר האָבן זיי פאַרהאַנדלט וועגן אַ „ליאַמע", וואָס זיי האָבן געפּלאַנעוועט צו מאַכן. די קאָנספּיראַציע איז געווען וועגן דעם וויפיל ביר, הערינג און אַנדערע זאַכן מען דאַרף קויפן.

בונדיסטן ביי אונדז אין שטאָט זיינען געווען אַ זיבעציק־אַכציק אין צאָל. די פּועלי־ציון נאָר אַ העלפט דערפון, אָבער דערפאַר עלטערע און געזינטערע בחורים. צו די בונדיסטן האָבן געהערט די „לייכטע קאַוואַלעריע": די שניידער, די שוסטער, די סופרים און טאָקערס, און צו די פּ״צ האָבן געהערט די שמידן, די סטאָליאַרעס און אַנדערע שווערע באַלמעלאָכעס מיט די געזונטע הענט, די „אַרטילעריע", פון דער אַרמיי.

בעת אין יעדן שטעטל אַרום אונדז האָט זיך געגרינדעט די „סאַמאָ־אָבראָנע" (זעלבסט־שוץ) איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ צאָל רעוואָלווערן, אָבער ניט גענוג פאַר אַלעמען. האָבן די בונדיסטן געפאָדערט די גרעסטע צאָל געווער פאַר זיך, ווייל זיי זיינען די מערהייט פון די אַרבעטער. די פּועלי־ציון האָבן אָבער געטענהט, אמת, זיי זיינען ווינציקער אין צאָל, אָבער זיי וועלן וויסן בעסער ווי צו האַלטן אַ רעוואָלווער אין האַנט. איז אַזוי ווי מען האָט ניט געקאָנט זיך צעטיילן מיט די כלי זיין, האָט מען עס דערווייל אָוועקגעלייגט ביי באָס'ן, אַ גויאישן פעלדשער, אויפן בוידעם און אַזוי ווי ביי אונדז אין שטאָט

איז קיין פּאָגראָם נישט פֿאָרגעקומען זיינען זיי געבליבן דאָרט ליגן אויף שטענדיק.

אַז עס איז געקומען אַ יאַריד אין שטאָט, דער אָסיענדיקער „זשימיטרי" און דער נאָך־שבועותדיקער „מיקאָלע" האָבן זיך צוויי שיינע בחורים — יוסף ווינער און משה׳ל רובינשטיין, אָנגעטאָן אין זייערע פֿאָזשאַרנע־קאָמאַנדע־קליידער, אַ שוואַרצן רעקל מיט בלישטשענדיקע קנעפּ, און אַ בלישטשענ־דיקע קאַסקע מיט אַ רויטן גאַרטל מיט אַן אַראָפּניק, געהיט דעם מאַרק פֿון פֿיל טויזנטער גויים און מוזשיקעס. און עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט קיין שלעכטס צו די יידן.

די „רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור" האָט מען געהאַלטן אין זיכערע ערטער, דהיינו, ביים פּריסטאַוו אָדער ביים שטאָטישן רב אויפֿן בוידעם, אַהינצו וועט דאָך די פּאָליציי ניט גיין זוכן קיין טריפֿהנע זאַכן, און דער רב אַליין וועט דאָך אויך ניט גיין זוכן צו זיך אויפֿן בוידעם. דעם רבס יינגסטער יינגל, היינט אַ יידישער לערער אין דעטרויט, מיטן נאָמען יוסף קאמאי, איז געוועזן אַ שטיקל פֿאַרמיטלער ווי צו באַהאַלטן די ליטעראַטור ביים טאַטן אויפֿן בוידעם.

איך האָב היינט עטלעכע חברים. מיר זעען זיך אָפּט, איך פֿאַרשטיי זיך גוט מיט יעדן איינעם פֿון זיי. אָבער אַז מיר קומען זיך צוזאַמען זאַלבע דריט אָדער זאַלבע פֿערט, האָבן זיי אַ באַזונדער שפּראַך צווישן זיך, וואָס איך פֿאַרשטיי ניט. זיי ריידן טאַקע יידיש, אָבער ניט מיט די ווערטער וואָס זיי ריידן מיט מיר און אפשר מיט די זעלביקע ווערטער, אָבער ביי זיי האָבן די ווערטער אַן אַנדער באַדייט.

# ז ע כ צ י ק  י אָ ר

— זעכציק יאָר — אַ שטרעקע צייט
ווי אַ שטרעקע ערד אויסגעצויגן.
איז דאָס געווען אַ פעלד ברייט און ווייט,
וואו עס איז געוואַקסן ווייץ און קאָרן
מענטשן צו דערנערן ?
אַ גרינע פּאַשע צו קוויקן די אויגן ?
אַ געלייטערטער הימל מיט שטערן ?
אָדער גאָר אַ גרויער, נאַקעטער וועג
וואָס פערד און רעדער האָבן געטראָטן
אָן גראָז, אָן בוים, אָן שאָטן
ווען די האַלב־טאָג זון האָט געברענט.
און קינדער מיט עמערלעך און רידלען אין די הענט
האָבן זיין לייב געקראַצט, ביז בלוט געשפּאָלטן,
און דורכגייער, אין אָן אומעטיקער נאַכט,
האָבן דעם וועג געשאָלטן ?
וואָס האָבן אַזוי פיל נעכט און טעג
מיט אַ שטרעקע צייט געמאַכט ?
זאָג, זכרון.
— עס איז אַלץ געווען אין זעכציק יאָרן.

# ווי אַמאָל

איך וואָלט נאָך איינמאָל וועלן זען די אַלטע שטוב,
די שטוב פון בערוועגעס און שטיינער.
איך ווייס, עס איז פון איר געבליבן גאָרנישט מער,
און פון אירע איינוואוינער קיין איינער.

פאַר מיר אָבער וואָס איז פון איר צוויי דורות ווייט
פאַר מיר איז זי ווי אַלע קינדער־טעג פאַראַנען;
עס איז פאַרנאַכט, אין אַלע שויבן זונען —
איך זע איר גאַנץ פון דאַנען.

איך וואָלט געוואָלט כאָטש איינמאָל אָנקלאַפּן
אין אירע לעכערדיקע טירן,
טרעטן אויף איר ערד מיט בלויזע פיס,
מיט בלויזע פינגער די ביישטידלעך באַרירן.

און אפשר וועט מיר גאָר אַנטקעגן גיין
מיין טאַטנס גרויסע הויזגעזינד,
די ברידער, שוועגערינס און מומעס,
ביז דעם ווייטסטן שוועסטערקינד.

און אפשר וועלן מיר אַנטקעגן גיין
די מאַמע־קאַץ, דער קלוגער פערד.
ווי אָפט דערמאָן איך זיך אָן זיי
אויף היגער פרעמדער ערד.

# זשוכאָוויץ־בראָדוויי

ווילט זיך מיר צונויפגאַרטלען זשוכאָוויץ־בראָדוויי,
ווי אַ פּאַס אַ לעדערנער גאַרטלט רעדער צוויי.

גרעבליעס שוואַרצע שטרעקן זיך בלאָטילעך און נאַס.
רויטע פּייערלעך ביי דר׳ערד ציען שוואַרצע גאַס.

רעדער, שטיינער רודערן; רוען זיך ניט אָפּ.
עלעוויטערס לויפן אָן מיט אַ הויכן טראָפּ.

גויים ביי אַ ווייסן טיש דערציילן זיך פון וועלף.
מאַרמאָר־טישלעך, לאַנגע רייד פון רילקע און פון „צוועלף״.

וויל איך, נעם איך גאַרטל־אויף זשוכאָוויץ־בראָדוויי,
ווי אַ פּאַס אַ לעדערנער גאַרטלט רעדער צוויי.